אברהם קאָטיק


# דאָס לעבן פון אַ אידישן אינטעליגענט


פאַרלאַג

**ה. טויבענשלאַג**

ניו יאָרק, 1925.




# אינהאַלט

געווידמעט דעם הייליקן
זכרון פון מיין מוטער
ליבע קאָטיק

# הקדמה.

דאָס בוך „דאָס לעבן פון אַ אידישן אינטעליגענט“ דאַרף מיט זיך פאָרשטעלן מעמוארן.

דאָס זיינען אָבער נישט מעמוארן אין ווירקלאַכן זין פון דעם וואָרט. רי פאַקטן פון מיין פערזענלאַכן לעבן און אויך פון דאָס לעבן פון מיינע חברים און נאָנטע זיינען אויף אַזוי פיל אויסגענוצט געוואָרן, אויף וויפיל זיי קאָנען כאַראַקטעריזירן דעם דור, צו וועלכן איך געהער. אין מיין בוך איז נישטאָ כמעט קיין כראָנאָלאָגישע דאַטן, כראָנאָלאָגישער סדר, ס'פעלן אין זיי אַ סך פאַקטן, מיט וועלכע עס איז געוויינלאַך פאַרפילט יעדעס מעמוארן־בוך.

דער געדאַנק אָנשרייבן מיינע מעמוארן האָט זיך שוין ביי מיר לאַנג באַוויזן, נישט האָבנדיק דעם ציל, וועלכן איך האָב איצט. אין 1903טן יאָר, האָב איך אָנגעהויבן צו זאַמלען מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. קיין געדרוקטע מאַטעריאַלן האָבן מיר דאַמאָלט אַבסאָלוט ניט פאַרמאָגט. איז אויסגעקומען מיר אַליין אָנהויבן צו זאַמלען דעם נויטיקן מאַטעריאַל, דורך פערזענלאַכע ווענדרונגען צו פאַרשידענע פערזאָנען. זעלבסטפאַרשטענדלאַך, אַז איך האָב אויך געמוזט באַנייען אין זכרון דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געוואוסט און איבערגעלעבט, נעמענדיק אַנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די 80־ער יאָרן.

אין דער רוסישער וואָכנבלאַט „דאָס עקאָנאָמישע לעבן“, וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער באַרימטער אין דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע צייטונג „סין אָטעטשעסטוואַ“, האָט זיך אָפּגעדרוקט אַ רייע מיינע אַרטיקלען אונטער'ן נאָמען: „די אַנטוויקלונג פון אידישן בעל־מלאכה אין רוסלאַנד“. די אַרטיקלען זיינען געווען געדרוקט אין אָנפאַנג 1905טן יאָר,

*אונטער׳ן פּסעוודאָנים: ה. קאַמענעצקי, אונטער וועלכן איך האָב געשריבן אין דער רוסישער פּרעסע. זיי האָבן באַדאַרפט דינען אַלס אַן אַריינטריט צו דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

די ערשטע קאַפּיטלען פון דער „געשיכטע" זיינען שוין געווען אויסגעזעצט אין „סין אָטעטשעסטוואַ" גופא — איך האָב שוין געהאַט ביי זיך די קאָרעקטורן. נאָר די ציימונג האָט די רעגירונג פאַרמאַכט, די דרוק האָט מען פאַר׳חתמ׳עט, און מיין אַרבעט איז דאָרט פאַרלאָרן געגאַנגען.

אין אָנפאַנג אויגוסט, 1905, האָט מען מיר אין מינסק אַרעסטירט און צוגענומען דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס איך האָב צוזאַמענגעקליבן.

איך האָב באַנייט אין זכרון און אָפּגעדרוקט איין קאַפּיטל אין „אַרבעטער קאַלענדאַר", וועלכן איך האָב צוזאַמענגעשטעלט און אַרויסגעלאָזן אין 1906.

איצט שרייב איך שוין נישט קיין געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג, צו וועלכער מיינע ערינערונגען זאָלן זיין אַ טייל פון מאַטעריאַל.

איך שרייב מעמוארן, וועלכע האָבן אַ ספּעציעלן ציל: געבן דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דעם נייעם אידישן אינטעליגענט, וועלכער האָט זיך שוין באַוויזן מיט אַ פיר־פינף צענדליק יאָר צוריק, און האָט באַקומען זיין בולט׳ע פיזיאָנאָמיע איצט, אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר. איך וויל אין אַ שילדערונג פון אַ פּערזענלאַך לעבן ווייזן דעם וועג, וואָס האָט דורכגעמאַכט דער מאָדערנער אידישער אינטעליגענט, דער יורש פון דעם השכלה־איד; איך וויל ווייזן, ווי זיינען מיר געקומען צו דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און נאָך דעם, דורך דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג, לסוף צום אידישיזם.

באַאַרבעטן אַזאַ טעמע, כדי עס זאָל פאַרענטפערן דאָס, וואָס איך וויל, ד. ה. געבן אַ טיפּ פון נייעם אידישן אינטעליגענט, דאַרף מען האָבן אַ טאַלאַנט פון אַ קינסטלער. און דאָס פאַרמאָג איך נישט.

האָב איך זיך גענומען פאַר אַ באַשיידענער אַרבעט: איך

האָב אָנגעהויבן צו שרייבן מיינע מעמוארן פריער אונטער'ן נאָמען: קאַפּיטלאַך פון לעבן".

איין קאַפּיטל איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער ווארשעווער „ארבעטער שטימע" פון 1920, און צו דעם איז געווען פאָלגענ־דע פאָררעדע, וועלכע קאָן כאַראַקטעריזירן מיין קוק אויף מיין אַרבעט.

„דאָס וועט נישט זיין קיין שילדערונג פונ'ם גאַנצן לעבן, ס'וועט נישט זיין אַ פולשטענדיק בילד פון לעבן.

דאָס לעבן אַלס אַ גאַנצעס עקזיסטירט בכלל נישט. עס גיט נאָר באַזונדערע מאָמענטן פון לעבן. זיי אַלע צוזאַמען בילדן מיט זיך דאָס גאַנצע לעבן.

נאָר דער קינסטלער, דער גרויסער קינסטלער, קאָן אַזוי אויפפאַסן די באַזונדערע מאָמענטן פון לעבן, אַז זיי שטעלן פאָר מיט זיך אַ גאַנץ בולט בילד.

מיר פּשוט'ע בשר ודמ'ס זענען דאָס ניט ביכולת צו מאַכן, מיר קאָנען נאָר באַשרייבען די באַזונדערע מאָמענטן, — קאַפּיט־לאַך פון לעבן. דער לעזער אַליין מיט זיין כח־הדמיון וועט זיך שוין פאָרשטעלן דאָס גאַנצע לעבן".

און מיין בוך באַשטייט טאַקי פון באַזונדערע זעלבשטענדיקע קאַפּיטלאַך, וועלכע קענען זיך לייענען אומאָפּהענגיג איינער פון דעם אַנדערן. מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס אייניקע פאַקטן חזרן זיך איבער אין פארשיידענע קאַפּיטלאַך.

אין דעם בוך שילדערט זיך די עפּאָכע פון די 80ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט — דער פאַרהיסטאָרישער פעריאָד פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג; דער פעריאָד, ווען ס'זיינען געווען אידן־סאָציאַליסטן, ס'איז אָבער נאָך נישט געווען קיין אידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

אין דער אידישער שיינער ליטעראַטור איז, צום באַדויערן, נאָך ניט באַשאַפן געוואָרן אַט דער טיפּ פון אידישן אינטעליגענט. ער דאַרף איצט געשאַפן ווערן.

זאָלן מיינע ערינערונגען דינען אַלס מאַטעריאַל צו אַ קינסט־לערישער שילדערונג פון אַזאַ טיפּ.

ניו יאָרק, דעם 1טען יולי, 1925.

# מיין סביבה

איך געהער צום וואנדער־דור. פון מיינע קינדערשע יאָרן וואנדער איך: פריער מיט די עלטערן, נאָכדעם אליין.

אויף איין אָרט לאנג נישט געזעסן. איך פלעג נישט באווייזן „אָנוואַרעמען" דאָס אָרט, ווי איך פלעג דאָס גלייך בייטן.

אויפ'ן דרייצענטן יאָר בין איך אָנגעקומען קיין ווארשע. און ווארשע איז געווען דאָס זעקסטע אָרט: דאָס קליינשטעטל, אין וועלכן כ'בין געבוירן געוואָרן און וועלכעס איך קען נישט, דריי דאָרפישע מקומות, קיעוו און ווארשע.

פאר מיר געהען פארביי, ווי דורך א קאליידאָסקאָפּ, נייע מקומות, נייע סביבות, נייע פּערזאָנען, נייער אָרט לעבן, נייע איינדרוקן.

די ווייס־רוסישע מילדע נאטור, די געדיכטע אוראלטע וועלדער, די טייכלאך, וואָס זשומזשען אזוי שטיל, די פלאכע פעלדער.

דער ווייס־רוסישער פויער אין זיין לאנגען, ווייסן העמד אויף זיינע לייווענטענע הויזן, מיט באָרוועסע, אָדער אין פּאָס־טולעס, פיס.

די קליין־רוסישע, רייכע נאטור, די טאָפּאָלן, די פארשידנ־פארביקע בלומען, די שטילע, שטילע קליין־רוסישע זומער־נעכט, דער טייך דניעפּר מיט בערלינקעס, פּלויטן, שיפלאך, דושע־הובקעס...

די שטאָט קיעוו ביים דניעפּר, דער געבירגיקער ברעג פון דניעפּר, אויף וועלכן ס'שטייט קיעוו; דעם קניאז וולאדימיר'ס דענקמאָל און די טיפלעס, וואָס שטייען אויף די בערג און זיינען קענטיק פון גאנץ ווייט, די גאסן, אויף וועלכע ס'ציען זיך וועגענער, איינגעשפּאנטע מיט אָקסן; נעבן די וועגענער, קליין־רוסישע פויערים אין סוויטקעס, דאָס אונטערטרייבן די אָקסן

דורך די פּויערים מיט אויסגעשרייען: צאָביי, צאָביי. די קליין־רוסישע פּויערטע אין שטיוול אויף די פיס, אין אַ העמד מיט אויסגענייטע שלאַקן, וועלכע איז לענגער פאַר די קליידער, און מיט הויבן אויף די קעפּ; די ספּעציפישע, דרום־רוסישע קיעווער באַפעלקערונג מיט איר אייגנאַרטיקן אַקצענט, דער פאַרהאַ־וועטער אוקראַינער איד, דער מיש־מאַש פון פאַרשיידענע פעלקער־טיפּן...

דאָס רווישיקע וואַרשע.

דאָס אַלץ דערמאָנט זיך מיר, ווען כ'הויב זיך אָן עראינערן וועגן מיינע קינדער־יאָרן.

קיין איינגעזעסן אָרט, פון וועלכן יעדעס ווינקעלע איז גוט, גוט באַקענט, און צו וועלכן מען איז אַזוי צוגעוואוינט; די שכנים, וואָס מען זעט זיי יעדן טאָג, וואָס מען קען זיי אַזוי אויסגעבונדן, און צו וועלכע מען איז אַזוי צוגעבונדן; די געוואוינהייטן פון דער באַפעלקערונג, אירע מנהגים, אירע טראַ־דיציעס, די קינדערשע שפּילן, די חברים פון די קינדערשע יאָרן — דאָס אַלץ איז פאַר מיר פרעמד.

איך בין געבוירן אין 1868טן יאָר, דאָס הייסט, נאָך דער פּויערים־באַפרייאונג. דאָס איינגעזעסענע, פאַרגליווערטע, ליטווישע שטעטל האָט זיך דאַמאָלט גערירט און זיך געמוזט רירן; זי האָט געמוזט אַרויס פון זיין פאַרגליווערונג, ווייל דאָס גאַנצע לעבן פון אידישן תחום האָט זיך אויפגעטרייסלט, ווייל ס'האָט אָנגעהויבן צו פאַלן דער זייל, אויף וועלכן ס'האָט זיך געהאַלטן דער גאַנצער וואַוילשטאַנד פון דעם אידישן שטעטל: דער פּריצישער הויף.

דער פּריץ איז געוואָרן אויס מושל אויף דעם פּויער, אויף זיין פּראַצע, אויף זיין האָב און גוטס — דער פּויער איז באַפרייט געוואָרן. נאָכדעם זיינען אַ טייל פּריצים מיט גוואַלד אַרויסגע־טריבן געוואָרן פון זייערע הויפן, זיי זאָלן ווייטער נישט בונטעווען.

דער פאַרבליבענער פּריץ איז אַרימער געוואָרן, דער פאַר־יתום'טער הויף צעשטערט...

דאָס דאָרף איז געוואָרן אויס הויפּט־צענטער, אַרום וועלכן עס האָט זיך געדרייט דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבן פון שטעטל,

אין לעבן איז אריין אַ נייער מעכטיקער פאַקטאָר — די שטאָט. די שטאָט, דער טרעגער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, האָט אָנגעהויבן ביסלאַכווייז איינשלינגען דאָס דאָרף, דעם טרעגער פון נאַטורעלער ווירטשאַפט, וואָס האָט מיט דער פּויערים־באַפרייאונג געמוזט אונטערגיין.

די גאַנצע דאָרפישע סביבה, דאָס דאָרף, דעם פּריצ׳ס הויף, דאָס אידישע שטעטל — האָט זיך געמוזט אַ ריר טאָן און ארויס־גיין פון איר גלייכגעוויכט. עס האָט זיך געמוזט פון דאָרטן אַ ריר טאָן קודם כל דער אָרעמער שליאַכטשיצל, וואָס האָט געהאַט דאָס קליינע מאַיאָנטעקל, וועלכעס ער האָט פאַרביטן אויף מינץ און דאָס ביסל מינץ אויפגעגעסן. און נאָכן פּריצ׳ל האָט זיך געמוזט אַ לאָז טאָן דער איד, וואָס האָט געלעבט פון קליינעם פּריצל.

דער איד האָט שוין נישט געקאָנט ענטפערן זיין ווייב אויף אירע פראַגן — וואו נעמט מען אויף ברויט, שיך, קליידונג? — ווי אין פאָלקס־לידל זינגט זיך:

— ביים פּריצ׳ל, ביים פּריצל, מיין טייערע! ...

דאָס פּריצ׳ל האָט שוין אַליין גאַרנישט געהאַט.

דאָס איז געווען די ערשטע עמיגראַציאָנס־כוואַליע פון דאָרף אין שטאָט; נאָך דער ערשטער איז געגאַנגען די צווייטע, די דריטע און אַזוי כסדר.

מיט די עמיגראַציאָנס־כוואַליעס זיינען ארויסגעריסן געוואָרן פון שטעדטל מיינע עלטערן, נאָר זיי האָבן אַ ביסל וועג אָנגעלייגט, איידער זיי זיינען געקומען אין דער גרויסער שטאָט. פריער האָבן זיי זיך געפּרובירט, ווי זייערע עלטערן און זיידעס, טוליען ארום דעם פּריצישן הויף. זיי האָבן אַרענדירט פריער אַ קרעטשמע, נאָכדעם אַ הויפל, און סוף־כל־סוף זיינען זיי געקומען אין שטאָט.

איך הייב מיך אָן צו געדענקען אין אַ קרעטשמע ביי אַ ברייטן שליאַך. ווייניג געדעק איך פון דער קרעטשמע. די זונטאָגן געדענק איך אָבער: די קרעטשמע פול געפּאַקט מיט פּויערים, מיין מוטער איז מיט ענטפערן זיי אַזוי פאַרנומען, אַז זי האָט אפילו קיין צייט נישט אַ קוק צו געבן אויף אונז, קינדער. איך געדענק די קרעטשמע זומער. דעם גאַנצן זונטאָגדיקן טאָג פלעג

איך זיין אויפ׳ן הויף, און ווען ס׳פלעגט זיך מיר וועלן עסן, פלעג איך צוגיין צום פענסטער ביי דער „סטאַיקע", וואו די מאמע פלעגט „שינקעוון", און זי פלעגט מיר אריינרוקן אין האנט דורכ׳ן פענסטער א בייגל, אבי מיר זאָלן איר נישט שטערן ביי דער אַרבעט.

ווייטער געדענק איך, ווי די מוטער פלעגט מיר אוועקזעצן אויף א בעט, און איך פלעג „וויגן" דאָס הענגענדיקע וויגעלע, אין וועלכן ס׳איז געלעגן מיין אינגערער ברודער, מרדכי.

א צווייט אָרט געדענק איך שוין בעסער.

איך געדענק: א גרויסער, מורא׳דיק געדיכטער וואלד, וואס גרענעצט זיך מיט׳ן ביעלאַ־וויעזשער וואלד; אין די האַרבסט־פינסטערע נעכט בושעוועט דער ווינט מיט ווילדע קולות; אַן אימה וואַרפט אויף מיר דער וואלד. איך ציטער האַרבסט און ווינטער אין אָוונט ארויסגיין אין דרויסן; און גיי איך שוין יאָ ארויס, לויף איך צוריק, ווי א „פייל פון בויגן" אין שטוב, מורא האָבנדיק פאַר וועלף.

איך געדענק: דער זומער־אָוונט. קוים פּטור געוואָרן פון רבי׳ן, ארויס פון שטוב אוועקגעלייגט זיך אויפ׳ן גראָז, קוק אויפ׳ן הימל, ווי עס שווימען די ווייסע וואָלקנס, ווי די זון הייבט זיך אָן צו „זעצן". עס קומט די טשערעדע פון פעלד. איך רו מיט׳ן גוף און דער נשמה פון דעם גאנצן טאָג פאַרטעמפּטער ארבעט.

איך געדענק: דער פּאסטוך אין זיין לאַנגער, ווייסער העמד בלאָזט אין זיין גרויסן שופר, נאָך אים שלעפּן זיך נאָך די הינט און פאַר אים די גאַנצע טשערעדע; מען מעלקט די קי און איך טרינק גלייך פון צעבער די מילך.

אָבער זומער דעם גאנצן טאָג... איך בין דאָך אָבער געווען א אידיש אינגל און בין געווען צוגעשמידט צום טיש מיט׳ן רבי׳ן דעם גאנצן טאָג. נאָר דורכ׳ן פענסטער האָט מען געזען, ווי די זון שיינט, ווי די בלעטער פון די ביימער שאָקלען זיך, מען האָט געהערט, ווי די פייגעלאך זינגען...

דער גאנצער ישוב פון הויף איז באשטאנען פון איין הויז, וואָס איז געווען ארומגערינגלט מיט א ביסל פעלד, און נאָכדעם דער גרויסער, אומענדלאכער וואלד. אין איין העלפט פון דעם

הויז האָבן מיר געוואוינט, און אין דער צווייטער העלפט — די פּאַראָבקעס.

די עלטערן, ווי אַלע אידישע טאַטע־מאַמעס, שטענדיק פאַר־האָרעוועט, פאַרטאָן אין די סך ארבעט. די מלמדים, וואָס פלעגן זיך אָפּט בייטן ביי מיר, זיינען געווען אַזוי לאַנגווייליג, אַזוי נודנע און גרוי, אַז איך געדענק קנאַפּ פון זיי. איך געדענק נאָר איינעם, וואָס פלעגט פרייטאָג־צו־נאַכטס פאַנאַנדערלאָזן דעם גאַרטל, כדי ער זאָל קאָנען מער עסן.

ביי דעם מלמד האָב איך דאָך עפּעס געכאַפּט. איך האָב אָנגעהויבן ביי אים לערנען גמרא. איינמאָל, פרייטאָג־צו־נאַכטס, ווינטער, נאָכ'ן עסן, איז מיר געווען זייער לאַנגווייליק. שבת בין איך געווען אַ גאַנצן טאָג פריי, און אָפּטמאָל נישט געוואוסט, וואו אַהינצוטאָן די צייט: נישט קיין חברים, נישט קיין צאַצקעס, נישט קיין מעשה'לאַך צו לייענען. דאָס דינסט־מיידל, אַן אָנגע־פּראַצעוועטע פון אַ גאַנצע וואָך און פון מאַכן שבת, איז געשלאָפן. דער רבי איז געזעסן און געלערנט גמרא. כ'גיי צו צום רבי'ן און בעט אים, ער זאָל מיט מיר לערנען אַ ביסל גמרא. ער האָט מיט מיר דורכגעלערנט אַ שטיקל פון דער גמרא, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, און געהאַלטן האָט ער „קדושין". און אים איז איינגעפאַלן, אַז כ'קאָן שוין בכלל אָנהויבן צו לערנען גמרא.

די אידייע איז דעם פאָטער אויך געפעלן געוואָרן, און איך האָב אָנגעהויבן צו לערנען די גמרא „בבא מציעה". זיבן יאָר בין איך דעמאָלט אַלט געווען.

לכבוד דעם האָט מען איינגעאָרדנט אַ סעודה. מען האָט געקוילעט אַ קאַלב, געבאַקן פאַרשיידן געבעקס. קורץ, עסן איז געווען לרוב, נאָר אָנטיילנעמער אין דער שמחה איז געווען זייער ווייניק: איך, דער הויפּט בעל־שמחה, די עלטערן, דער מלמד, מיין אינגערער ברודער און אַ פּאָר אידן פון נאָענטן ישוב.

קיין קינדער־חברים האָב איך דאָרט נישט געהאַט. איז מיר אָפּט געווען לאַנגווייליג, פלעג איך אריינגיין אין דער העלפט פון הויז, וואו די פּאַראָבקעס האָבן געוואוינט, האָבן זיי חוזק געמאַכט פון מיר, נאָר איך האָב זיי נישט פאַרשטאַנען, ווייל זיי האָבן גערעדט „גויאיש" און איך האָב נאָר געקענט אידיש. איך האָב

רעמאַלט נישט געוואוסט, ווי הייסט די שפּראַך, אויף וועלכער זיי רעדן. איך האָב נאָר געוואוסט, אַז זיי רעדן „גויאיש". דער איינציקער מענטש, מיט וועלכן כ'האָב גוט געקאָנט זיך אַדורכ־רעדן אייניקע ווערטער, איז געווען דאָס אידישע דינסט־מיידל. אין די גרויסע, לאַנגווייליקע ווינטער־אָוונטן פלעגט זי מיר און מיין ברודער דערציילן מעשה'לאַך וועגן שדים, טייוולאָנים. אין קיך אויף אַ באַנק פלעגט זיצן די דינסט, נעבן איר איך און מיין ברודערל. די קיך באַלויכטן מיט אַ קליין לעמפּעלע, דורכן פענסטער זעען זיך אין וואַלד בלישטשענדיגע אויגעלאַך פון וועלף, וואָס פלעגן אין ווינטער־צייט צוגיין צו די מענטשן־וואוינונגען און ס'פלעגט זיך הערן זייער וואָיען.

די מעשה וועגן שדים און די אַרומיקע בילדער טראָגן אריין אַ שרעק אין אונזערע יונגע נשמה'לאַך, און מיר הערן אירע מעשיות, ביז מיר שלאָפן איין.

איך געדענק, אַז איך האָב זיך מתקנא געווען אין דער דינסט, וואָס זי קאָן דערציילן אַזוי פיל מעשה'לאַך, און האָב איר איינ־מאָל געזאָגט: „איך וועל דיר אויך דערציילן אַ מעשה". — און איך האָב איר אָנגעהויבן דערציילן אַ מעשה אויף דערזעלבער טעמע, וואָס כ'האָב פון איר געהערט, נאָר וואַריאירט אויף אַן אַנדער אופן. ווען כ'האָב געענדיקט די מעשה, האָט זי מיך גע־פרעגט מיט אַ שמייכל: „איז דאָס אַן אמת'ע מעשה?" — האָב איך נישט געוואוסט, וואָס איר צו ענטפערן אויף דעם און כ'זאָג איר: „דערצייל שוין דו!" — און מיין מחבר'שאַפט פון מעשה־לאַך האָט אין איין אָוונט אויפגעבליט און אָפּגעבליט.

איינמאָל אין יאָר פלעגן מיר פאָרן אין נאָנטן שטעטל — כ'געדענק אפילו נישט, ווי ס'האָט געהייסן — אויף ימים נוראים. דאָס רוב צייט פלעגן מיר זיך געפינען אין שול און איך האָב אַ קנאַפּע מגע־ומשא געהאַט מיט די אינגלאַך פון שטעטל — איך פלעג מורא האָבן פאַר זיי: אַ גאַנץ יאָר געוואַקסן אין וואַלד, בין איך קנאַפּ געוואוינט געווען צו חבר'ן זיך מיט קינדער.

ווען איך בין אַלט געוואָרן אַ יאָר 8—9 זענען מיר אַריבער־געפאָרן קיין קיעוו. מיין אָנקומען אַהין געדענק איך נישט. איך געדענק נאָר די גאַס, וואו מיר האָבן זיך באַזעצט, דאָס ראָגאָווע

קליין, נידעריק־הייזל, און דאָס שפּייז־קרעמל, וואָס מיין פאָטער האָט געדונגען, איידער מיר זענען נאָך אהינגעקומען. אין אַ דירה׳לע ביי דאָס קרעמל האָבן מיר זיך באַזעצט.

דאָס קרעמל האָט זיך געפונען אויף אַנדרייעווסקי ספּוסק, וויטלאַך פון פּאָדאָל, דעם אידישן קוואַרטאַל פון קיעוו. אין פּאָדאָל איז געווען באַזעצט כמעט די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג פון שטאָט; ווער עס האָט זיך געוואָלט געפינען צווישן אידן אין קיעוו, האָט באַדאַרפט גיין אויף פּאָדאָל. אויף דעם געסל, וואו מיר האָבן זיך באַזעצט, האָבן כמעט קיין אידן נישט געוואוינט. מיר זענען, דאַכט מיר, געווען די איינציקע אידישע משפחה. די שקצים פון גאַס האָבן באַלד באַמערקט זייערע נייע שכנים: צוויי אידישע אינגלאַך, מיר און מיין ברודער, און פאַר זיי האָט זיך אָנגעהויבן אַ שפּיל: זיי פלעגן טשאַטעווען, כדי צו כאַפּן און אויסשמירן די ליפּן מיט חזיר. וויפיל מאָל איך פלעג שטיין ביי דער טיר פון אונזער קראָם און פלעגן זען, ווי די שקצים שפּילן זיך אויף אונזער רואיקער, שטילער גאַס, פלעגט זיך אָנ־כאַפּן אַ חשק צוגיין צו זיי און אויך נעמען אַן אָנטייל אין זייערע שפּילן, נאָר וואָס איז די פּעולה? נישט פאַר מיר איז געווען דאָס שפּילן זיך מיט חברים...

מען האָט מיר אָפּגעגעבן צו אַ מלמד, דוד רוקענער האָט ער געהייסן. זיין חדר האָט זיך געפונען אויף פּאָדאָל, אין אַ בית־מדרש, אין דער ווייבערישער אָפּטיילונג. צום ערשטן מאָל האָב איך דערזען אַ אידישן בית־מדרש אין מיטן וואָך. מיט גרויס נייגעריגקייט פלעג איך קוקן פון ווייבערישן בית־מדרש אין מאַנס־בילשן. אָט קומען זיך צונויף אידן מיט טליתים און שטעלן זיך אוועק דאַוונען. די בעל־תפילות בייטן זיך יעדן טאָג. יעדער האָט זיין נגון, יעדער האָט זיין אַרט דאַוונען. בלייבן נאָך אַנ־דערע, נאָר צוליב וואָס איינגעטלאַך, ווייס איך נישט. איך הער נאָר ווי אַנדערע לערנען אויף׳ן קול. מיט אַ באַזונדער מין געפיל פלעג איך הערן דאָס דאַוונען און לערנען אויף׳ן הויכן קול. אָט דאָס זענען די ערשטע אמת־אידישע איינדרוקן, וואָס איך האָב באַקומען אין קיעוו. ווייניק זיינען זיי אָבער געווען, און דער־האַלטן האָב איך זיי נאָר געקאָנט דורכ׳ן פענסטער, ווייל אריינ־

גיין אין בית־מדרש האָב איך נישט געקאָנט. מיר אינגלאַך זיינען געוווען פאַרנומען מיט לערנען.

און דעם חדר, וועגן אים האָב איך ווייניק וואָס צו דער־מאָנען. איך געדענק אפילו נישט קיין איין אייינציקן חבר פון חדר. דער מלמד, אַ איד אַן אכזר, וואָס האָט אַמאָל, ווי די קינ־דער האָבן דערציילט, אָפּגעריסן אין כעס אַן אויער ביי אַ אינגל, פלעגט נישט לאָזן דעם קאָפּ אויפהויבן. איך געדענק נישט, אַז מיר זאָלן זיך שפּילן אויפ׳ן הויף. איך געדענק נאָר, אַז מיר פלעגן אַ גאַנצן טאָג זיצן ביי די אָפענע גמרות. נאָכ׳ן פאַרמאַכן דעם חדר, פלעג איך, ווי אַ פייל פון בויגן, לויפן אהיים, כדי נישט צו פאַרשפּעטיקן. וואָס שפּעטער איך פלעג קומען, פלעג איך אַלץ מער שקצים געפונען אין גאַס, און אַלץ גרעסער איז געוווען די געפאַר צו זיין געפּאַקט און אויסגעשמירט ווערן מיט חזיר.

אינדערפרי, ווען איך פלעג גיין אין חדר, האָב איך געהאַט אַן אַנדער אָנשיקעניש. אַ הויכער שגץ פלעגט מיך אָפּשטעלן און צונעמען ביי מיר דעם פרישטיק. פלעג איך דאַרפן אים אויסמיידן, נאָר נישט אַלע מאָל פלעגט זיך עס מיר איינגעבן.

אָט אַזוי, אין איין שרעק, האָב איך אָפּגעלעבט דאָס ערשטע האַלבע יאָר אין קיעוו. אין אַ האַלב יאָר אַרום האָבן מיינע עלטערן פאַרקויפט די קראָם און מיר האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין פּאָדאָל. דאָ האָב איך איצט אָפּגעאָטעמט: איך האָב אויפ־געהערט צו ציטערן, עמיצער זאָל מיר נישט טשעפּן. מען האָט מיר אָפּגעגעבן צו אַ צווייטן מלמד, אַ ריז אַ איד, אַ גבור. אין די יונגע יאָרן פלעגט ער מיט די פינגער צעברעכן אַ פּאָדקאָווע. און אָט דער ריז, דער גבור, איז געוווען אַ זעלטן גוטער מענש, און ביי אים האָבן מיר, קינדער, זיך זייער גוט געפילט. טאָמער פלעגט עמיצער פון אונז זיך פאַרזינדיקן, פלעגט ער מיט אַ גוט־מוטיק שמייכעלע „גראָזיען" מיט די פינגער. מיר פלעגן זיך אָפּט שפּילן אויפ׳ן הויף פון חדר. און דאָרט האָב איך צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געשפּילט זיך מיט חברים, צום ערשטן מאָל האָב איך געהאַט אַ חבר׳שע סביבה.

נאָר לאַנג האָט נישט געדויערט מיין אינגלשער גן־עדן. נאָכ׳ן זמן האָט מען מיך אָפּגענומען און מען האָט מיך אָנגע־

הויבן צוצוגרייטן צו אַ שטאַטיקער עלעמענטאַר־פּאָלקס־שול. אַזוי אַרום האָט מיין חדר'שע קאַריערע געדויערט אינגאַנצן צוויי זמנים, און אויפ'ן עלפטן יאָר האָב איך פאַרענדיקט מיינע אידישע למודים. נאָכ'ן חדר איז אַפילו געגאַנגען צו מיר אויף אַ שעה אַ גראַשענער רבי, נאָר זיין תורה איז גלייך ווי גאָרנישט.

רוסיש האָב איך ביז קיעוו נישט געקענט, און אין ערשטן יאָר פון מיין זיין אין קיעוו האָב איך זיך אויך נישט געקאָנט אויסלערנען רוסיש. האָט מען מיט מיר באַדאַרפט אָנהויבן פון אלף־בית. קיין ספק, זעט אויס, האָב איך נישט באַוויזן, ווייל ביים עקזאַמען האָב איך געענטפערט אויף דער פראַגע: „וואָס איז אַזוינס גריפעל?" — אַ זאַך, מיט וואָס מען שרייבט.

— אויף וואָס שרייבט מען? — האָט דער לערער געפרעגט.

— אויף פּאַפּיר, — איז געווען מיין ענטפער.

דער לערער האָט אַ שמייכל געטאָן און האָט מיר דערלאַנגט פּאַפּיר מיט אַ גריפעל. איך האָב געפּרובירט שרייבן, נאָר עס האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן... איך, דאָס אידישע אינגל, וואָס האָט געהאַט שטענדיק צו טאָן מיט ווערטער און נאָר מיט ווערטער, האָב נישט געהאַט קיין קאָנקרעטן באַגריף וועגן אַזאַ פּשוטע זאַך, ווי אַ גריפעל; איך האָב נאָר געוואוסט, אַז דערמיט שרייבט מען.

אַ פונט טיי מיט אַ קליין היטעלע צוקער האָט פאַריכט מיין פעלער, און איך בין אָנגענומען געוואָרען אין די ערשטע אָפּטיילונג פון דער עלעמענטאַרער שול. איך, דאָס גמרא־אינגל, איז אָנגעקומען אין איין אָפּטיילונג צוזאַמען מיט קינדער, וואָס מען האָט זיי איצט צום ערשטן מאָל געוויזן אַן אות. נאָר זיי זיינען אָבער געווען רוסישע קינדער, און רוסיש איז געווען זייער מוטער־שפּראַך, פאַר מיר איז רוסיש געווען אַ גאַנץ פרעמדע שפּראַך.

די שול איז באַשטאַנען פון דריי אָפּטיילונגען, און מיט די אַלע דריי אָפּטיילונגען האָט געלערנט איין לערער. צוויי אָפּטיילונגען פלעגן מאַכן שריפטלאַכע ארבעט און מיט דער דריטער אָפּטיילונג פלעגט לערנען דער לערער.

אָט דעם לערער דאַרף איך דערמאָנען מיט אַ גוט וואָרט. ער איז געווען אַ גוטער מענטש און אַן אויפמערקזאַמער לערער,

נישט קוקנדיק אויף זיין שוואַכקייט צו טיי און צוקער וכדומה זאַכן. אין אַ וואָך אַרום האָט ער מיר געזאָגט: „גיי אין די צווייטע אָפּטיילונג, דאָ איז פאַר דיר נישט קיין אָרט". — אין עטלאַכע וואָכן אַרום האָט ער צו מיר געזאָגט: — „איך האָב נישט וואָס אויפצוגעבן דער ערשטער אָפּטיילונג, גיי לערן מיט זיי" — און ער האָט מיר געוויזן, וואָס כ'האָב מיט זיי צו מאַכן. פון דעמאָלט אָן פלעג איך אָפּט לערנען מיט דער ערשטער אָפּטיילונג. אין מיינע צוויי יאָר זיין אין שול האָב איך, דאָס אידישע אינגל, נישט געפילט, אַז ער באַציט זיך צו מיר אַנדערש, ווי צו אַנדערע קינדער. פאַרקערט, ער פלעגט מיר זייער אָפּט אויסצייכענען.

צווישן העכער הונדערט קינדער זיינען מיר געווען 4—5 אידישע אינגלאַך. און איך האָב דאָך געשפּירט, אַז כ'בין אַ אידיש אינגל, אויב נישט פון לערערס צד, איז פון די קינדערס צד. נאָר די גוטע באַציאונג פון לערער האָט סוף־כל־סוף געמאַכט דאָס, אַז איך האָב זיך מיט די רוסישע קינדער זייער גוט איינגעלעבט.

צוויי יאָר בין איך געווען אין דער שול. צוויי יאָר געווען צווישן אויסשליסלאַך רוסישע קינדער. איך בין געווען אין דער שול אין דעם עלטער, ווען מ'זאַפּט איין זייער לייכט די אַרומיקע סביבה. ביז דער שול האָב איך, אויסער איין זמן, כמעט קיין קינדערשע סביבה נישט געהאַט, דעריבער האָב איך זיך צוגעקלעפּט צו מיינע נייע חברים. איך פלעג זיך שפּילן מיט זיי, אַרומלויפן מיט זיי, העלפן זיי ביי דער אַרבעט (פאַר מיר זענען די אַרבעטן אין שול געווען אַ שפּילכל — דאָך האָב איך עטלאַכע יאָר געלערנט גמרא און באַקומען אַ „גמרא־קעפּל").

מיר האָבן שוין דעמאָלט געוואוינט אין פּאָדאָל, אויף ספּאַסקע גאַס. געוואוינט האָבן שוין אויף דער גאַס אידן, און אין לאַשקאַריאָוו'ס הויף, אין וועלכן מיר האָבן געוואוינט, האָבן געוואוינט נאָר אידן. נאָר די אידישע קינדער פון גאַס, די אידישע קינדער פון הויף, האָבן שוין גערעדט דורכאויס רוסיש, און אפשר האָט די שולע אַזוי שטאַרק אויף מיר געווירקט, אַז איך האָב זיך נאָר גע'חבר'ט מיט די קינדער, וואָס האָבן גערעדט אויסשליסלאַך

רוסיש. די קינדער פון הויף זיינען געווים געווען רוסיפיצירטע קינדער, ווייל זיי זיינען אַלע געווען אָדער גימנאַזיסטן, אָדער ערב־גימנאַזיסטן.

אזוי ארום איז די ערשטע סביבה מיינע געווען אַן אמת־רוסישע: די שול אַ רוסישע, די גאַס אַ רוסישע, די קינדער אין שול רוסישע, די קינדער אין גאַס רוסישע, אָדער רוסיפיצירטע. די איינאיינציקע אידישע סביבה איז געווען די היים, ד. ה. נאָר מיט טאַטע־מאַמע האָב איך גערעדט אידיש.

געוואוינט האָבן מיר נישט ווייט פון ברעג פון דניעפּער. פלעגען מיר זומער אַפּליגן גאַנצענע טעג ביים טייך. כ'האָב זיך אויסגעלערנט גוט שווימען און אין די הייסע זומערדיקע טעג פלעג איך נישט איין מאָל אין טאָג זיך באָדן. דער דניעפּער און די נאַטור אַרום דניעפּער זיינען געווען נישט קיין אידישע און נישט קיין רוסישע, דערפאַר האָט די באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך באַוועגט אויפ'ן דניעפּער: די פּויערים, וואָס פלעגן קומען אויף זייערע שיפלאַך פון נענטערע דערפער, די שומרים פון די פלויטן, די שומרים פון דעם געהילץ, וואָס האָט זיך געפונען אויפ'ן ברעג פון דניעפּער, און איבערהויפּט די „באָסיאַקעס", — איז געווען אַ רוסישע, ריכטיקער אַ רוסיש־אוקראַינישע.

די „באָסיאַקעס" זיינען אַ פאָלק, וואָס געפינט זיך נאָר אין רוסלאַנד. זיי גייען באָרוועס, דערפאַר הייסן זיי „באָסיאַקעס". נאָר ניט אין באָרוועס גיין איז זייער סימן; דאָס זיינען אַלע „גע־וועזענע" מענטשן: געווען אַמאָל אַ לערער און צו'שכור'ט זיך אזוי, אז ער האָט פאַרקויפט פון זיך אַלץ, געבליבן אין איין העמד און גאַטקעס און געוואָרן אַ „באָסיאַק"; געווען אַ סטודענט, און דורך שכרות דערגאַנגען צו דער לאַגע פון אַ „באָסיאַק"; געווען אַ באַאַמטער און גע'שכור'ט אזוי לאַנג, ביז ער איז געוואָרן אַ „באָסיאַק"; געווען אַ סוחר, פאַר'שכור'ט זיינס און די עלטערנס פאַרמעגן און געוואָרן אַ „באָסיאַק". אזוי ארום געפינט איר צווישן די „באָסיאַקעס" מענטשן פון פאַרשיידענע קלאַסן, פאַרשיידענע אין עבר, מדרגות, און אַמאָל גאַנץ הויכע מדרגות. נאָר ביי די רוסן געפינט מען אזא טיפּ, נאָר ביי די רוסן פאַר'שכור'ט מען זיך אויף אזוי פיל, אז מען ווערט אַן יעדן מענטשלאַכן אַנבליק.

דער ברעג פון דניעפּער איז פול אַט מיט די „באַסיאַקעס“. זומער געפינען זיי דאַ אביסל ארבעט. פּארדינען א פּאָר פּיים און באפרידיקן זייער תאוה. צו קיין רעגולערע ארבעט זיינען זיי שוין אבסאָלוט נישט פעאיק, מוזן זיי זיך נעמען צו פארשיי־דענע צופעליקע ארבעטן, אבי האָבן די מעגלאכקייט צו כאַפּן דעם טרונק. עסן דאַרפן זיי ווייניק.

אינטערעסאנטע מענטשן געפינען זיך צווישן זיי, און אינטע־רעסאנטע מעשיות קאָן מען אויסהערן פון זייער לעבן. מיר, קינ־דער, פלעגן אַפט מיט זיי שמועסן, הערן זייערע מעשיות, געבן זיי אמאָל אויף א טרונק. איינעם אזא „באַסיאַק“ געדענק איך גוט. א הויכער, א שיינער יונג, נאָר שוין שטארק רואינירט פון שכרות. ער פלעגט אַפט דורכגיין דורך אונזער גאַס. מיר פלעגן אים אַפּשטעלן, בעטן אים זיצן אויפ׳ן בענקל נעבן אונזער טויער. עסן פלעגט ער ביי אונז נישט וועלן נעמען, נאָר אויף א שנאַפּס פלעגט ער יאָ נעמען. אָן א שנאַפּס, פלעגט ער זאָגן, קען ער נישט לעבן. באקומענדיק די מטבע, פלעגט ער באַלד אוועקגיין אין א געגנאיבערדיקן שענק און אָנטרינקען זיך.

בין איך, הייסט עס, די גאַנצע צייט געווען אין א סביבה, וואָס קאָן נישט אָנגערופן ווערן קיין אידישע.

וואָלט איך אפשר מיט דער צייט איננאַנצן מיין אידישקייט פארגעסן, האָט מיר דאָס לעבן דערמאָנט אָן דעם.

ווען איך האָב געענדיקט די עלעמענטאר־שול, האָב איך געוואָלט אריינטרעטן אין גימנאזיע. די מוטער האָט אָנגעגעבן מיינע פּאַפּירן, מען האָט זיי צוגענומען און נאָכדעם אָפּגעגעבן צוריק, ווייל ס׳איז דעמאָלט ארויס א גזירה אין קיעוו נישט צולאָזן אידישע קינדער צו עקזאמענס.

צום עקזאמען בין איך דאָך געגאנגען. עקזאמינירט האָט מען אין עטלאכע קלאסן. די לערער האָבן נישט געהאַט די אָריגינעלע רשימה פון די תלמידים, וועלכע זיינען צוגעלאָזן גע־וואָרן צום עקזאמען, און זיי פלעגן פרעגן ביי יעדערן זיין נאָמען. איך געדענק, אז דער לערער פון רוסיש האָט נאָכ׳ן עקזאמען מיר געזאָגט: „זייער גוט!“ דער לערער פון אריפמעטיק, געדענק איך, האָט ביי מיר געפרעגט, צי איך האָב שוין געענטפערט דעם

עקזאַמען פון רוסיש. ווען כ'האָב געענטפערט, אַז יאָ, האָט ער געזאָגט: „אויב אַזוי איז גוט!"

דאָך איז אין דער רשימה פון די אָנגענומענע תלמידים נישט אַריינגעפאַלן מיין נאָמען — דער בעסטער פון די תלמידים פון דער עלעמענטאַר־שול, נאָר גראָד דער ערגסטער — מעלניקאָוו, וואָס פלעגט שטענדיק ביי מיר אין שול בעטן הילף ביי מאַכן די אַרבעטן אין קלאַס. די אומגערעכטיקייט האָט מיר מער פון אַלץ פאַרדראָסן.

נאָך מער האָט מיר מיין אידישקייט דערמאָנט דער קיעווער פּאָגראָם.

שבת, דער טאַטע לייענט דעם „המליץ". אינמיטן רייסט ער איבער דאָס לייענען און דערציילט, אַז אין יעליסאַוועטגראַד איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם.

איצט איז דאָס וואָרט „פּאָגראָם" אַ וואָכעדיקע זאַך. יעדעס קינד ווייסט וואָס הייסט „פּאָגראָם". איך האָב זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי אַזוי קומט פאָר אַ פּאָגראָם... איך האָב זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי אַזוי מענטשן, אין מיטן העלן טאָג, נעמען זיך צו פּאָגראָמירן זייערע שכנים...

דער באַגריף איז געווען פאַר מיין פאָרשטאַנד אַ פרעמדער, די שטאָט אַ ווייטע, — איז דער איינדרוק פון דער ידיעה גיך, זייער גיך פאַרשוואונדן געוואָרן פון מיין זכרון, און איך האָב וועגן דעם ווייניק געקלערט.

זונטיק. אין שטאָט גייען אַרום אומרואיקע קלאַנגען. מען גרייט זיך צו עפּעס, מען וואַרט אויף עפּעס... און אָט איז עפּעס געשען: עס הערן זיך פונדערווייטנס הוראַ־געשרייען, קולות, גע־וואַלדן. איך לויף אַרויס פאַרן טויער: אין גאַס איז אומרואיק: מען לויפט... מענטשן לויפן אַזוי, ווי עמיצער וואָלט זיי טרייבן, ריכטיק אַזוי ווי דער ווינט טרייבט דעם שטויב און די בלעטער בעת אַ געוויטער... און אָט ווערט שטילער, רואיקער, און אין אַ ווײַלע אַרום הערן זיך איבער־אַ־נייס קולות, געשרייען...

דער „דוואָרניק" מאַקאַר הייסט מיר אַריינגיין אין הויף און פאַרקלאַפּט דאָס טויער. איך גיי אַריין אין שטוב. אין שטוב איז אומרואיק, מען וויל זיך שוין פּאַקן. איך גיב זיך נאָך נישט

אָפּ קיין געניויען דין וחשבון וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר ארום מיר... איך ווייס נאָך נישט וועגן וואָס ס'האנדלט זיך... איך זע נאָר בלאַסע פּנים'ער, איבערגעשראָקענע, אומרואיקע אויגן, איך הער נאָר פארצווייפלטע רייד...

און אָט זיינען מיר ביים בעל־הבית אויפן בוידעם, וואו ער האלט מאַכאָרקע, מיט וועלכער ער האנדלט. די לופט, פול מיט ריחות און שטויב פון דער מאַכאָרקע, פארכאַפּט דעם אָטעם. עס רייסט אין האלז, מען ניסט... פונדערווייטנס הערן זיך שוין נאָענטע, גאַנץ נאָענטע קולות. די קולות הערן זיך שוין לעבן אונזער טויער. עס הערט זיך, ווי מען ברעכט דעם טויער... א שרעק, אַן אימה פאלט אויף אונז אָן... אָט, דאַכט זיך, קומען זיי אָן צו אונז. נאָר ס'איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרן, און ס'דערווייטערן זיך די קולות... דאָס האָט עמיצער פון בעל־הבית, ליטאַ־שענקאָ, געזאָגט, אז אין דעם הויף זיינען קיין אידן נישטאָ.

די נאַכט, די שרעקלאַכע, וואַכנדיקע נאַכט... פון פארנאַכט אָן פליען שוין אין דער לופטן פעדערן פון די אידישע פּערינעס און קישנס. אין דער פינסטערקייט און אין דער שטילקייט פון דער קליין־רוסישער נאַכט קומען אוים די קולות נאָך שרעקלאַכער, נאָך מורא'דיקער. דורך דעם פענסטערל פון דאַך זעט זיך פון דערווייטנס, ווי עס ברענט...

נישט נאָר מיר אליין וואַכן. עס וואַכן אויך די קריסטלאַכע שכנים; עס לאָזט נישט שלאָפן, וועמען די נייגיר, וועמען דאָס רחמנות, און וועמען גלאַט די קולות. אין שכנותדיקן הויף, וואָס האָט געהערט צו „סטאַראָאָבריאַדצעם" (אלטגלויביקע רוסן) זיינען געשטאַנען די איינוואוינער פון הויף. דאָס קליינע פענסטערל פון אונזער בוידעם איז אָרוים צום צווייטן הויף, און מיר הערן רייד: „לוטאַשענקאָ האָט באהאלטן זיינע זשידעס, מען דארף אים אָנלערנען"... א טויטע שטילקייט איז געוואָרן צווישן דעם ביסל אידן, וואָס האָט זיך געפונען אויפן בוידעם. און אויב מען האָט זיך פרובירט פריער אדורכוואַרפן איינער מיטן אנדערן מיט א וואָרט, איז מען איצט אינגאַנצן פארשוויגן געוואָרן, און אָט דאָ האָט זיך פארגלוסט מיין אינגסטן ברודערל, וואָס איז אַלט געווען צוויי יאָר, צו וויינען... מער פעלט אונז נישט, אז די שכנים זאָלן

אַנטדעקן דאָס אָרט וואו מיר באַהאַלטן זיך... מען פּרובירט דאָס קינד באַרואיקן, עס לאָזט זיך אָבער נישט... מען פאַרמאַכט דעם קינדס מיילכל מיט אַ טיכל, כדי זיינע קולות זאָלן ווערן שטומ־פּיקער, כדי זיי זאָלן זיך נישט אַרויסרייסן אין דער פרייער לופט און נישט דערגרייכן צו די אויערן, וואָס דאַרפן נישט הערן. דער מאָמענט איז געווען דער קולמינאַציאָנס־פּונקט, דער העכ־סטער פּונקט פון אונזער אויפרעגונג. דאָס ווייטערדיקע איז, אין פאַרגלייך מיט דעם, געווען בלאָס אַזוי, אַז עס איז קנאַפּ געבליבן אין זכרון.

אויפן דריטן טאָג זיינען מיר אַרויס פון דער באַהעלטעניש. איך בין זיך דורכגעגאַנגען דורך די גאַסן. די ערד אין די אידישע גאַסן, און איבערהויפּט אין דער גאַס, וואָס האָט געהייסען קאַנאַ־וואַ, איז געווען באַדעקט מיט פּוך, ווי ווינטער מיט שניי. אויס־געבראָכענע פענסטער, צעבראָכענע טירן, נעבן די הייזער צע־בראָכענע, צעשטאָכענע פאַרשיידענע טיילן פון בעל־הבתישקייט, פון אידישן אָרעמען „האָב און גוטס“...

נאָר איצט, ווען איך שרייב די צייל, לעב איך שוין איבער דאָס זיבעטע יאָר פון אַן אומאויפהערלאַכן פּאָגראָם, פון אַן אומ־אויפהערלאַכער הריגה, אַ שחיטה פון מענטשן דורך מענטשן; איצט, נאָכדעם, ווי מיר האָבן שוין איבערגעלעבט די פּאָגראָמען אין אוקראַינע, און די גרויזאַמע פּאָגראָמען פון די „באַלאַכאָוו־צעס“, זעט אויס דער קיעווער פּאָגראָם פון 1881, ווי אַן אומ־שולדיקער קינדער־שפּיל: מענטשן האָבן זיך לוסטיק געמאַכט, אַ שפּיל געטאָן — אַנדערש קאָן איך נישט אָנרופן דעם פּאָגראָם, אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס איז פאָרגעקומען שפּעטער. און עס וואָלט אפשר אינגאַנצען נישט געלוינט וועגן אַזעלכע „קליי־ניקייטן“, וועגן אַ קינדער־שפּיל צו שרייבן. נאָר אויף מיין קינ־דערשער פּסיכיק האָט זיך דער פּאָגראָם געלעגט, ווי אַ שטיין, וואָס האָט געדריקט מיין קינדערשן באַוואוסטזיין, און אין מיין האַרצן האָבן אָנגעהויבן שטאַרק צו קלינגען מיינע אידישע סטרו־נעס. און דעמאָלט, אפשר, האָט זיך אין מיר דערוואַכט דער כעס און צאָרן קעגן דער רעגירונג, וואָס האָט דערלאָזט אַזעלכע געוואַלט־טאַטן איבער אידן. אפשר דעמאָלט אין מיין אונטער־

באוואוסטזיין, האָט זיך צום ערשטן מאָל באוויזן דאָס געפיל פון נקמה. וואָס איז נאָכדעם אריבער אין באוואוסטזיין, נאָר וואָס האָט אָנגענומען אן אנדער ריכטונג: נקמה פאַר עלנדע, אָרעמע, אונטערדריקטע בכלל...

ווען איך הויב זיך אָן דערמאָנען, אז מיר איז אויסגעקומען איבערלעבן דעם קיעווער פאָגראָם, ווען איך בין אַלט געוואָרן 12—13 יאָר, ווען איך הויב זיך אָן דערמאָנען, אז איך האָב אין דעמזעלבן יאָר איבערגעלעבט אַ צווייטן פאָגראָם — דעם וואַר־שעווער פאָגראָם; ווען אין מיין זכרון שווימען אויף די פאָגראָמען שפּעטער אויף אידן אין רוסלאַנד; ווען איך דערמאָן זיך די שחיטות אין דער צייט פון דער מלחמה — קומט נישט־ווילנדיק אַ שרעקליכער געדאַנק: „אַן אומגליקלאַכער דור איז מיינער!“... איך ווייס נישט, צי אויף די נערוון פון אַ צווייטן דור איז אַזוי פיל געפאַלן, ווי אויף די נערוון פון דעם דור, צו וועלכן איך געהער.

נאָכ׳ן פאָגראָם האָב איך זיך איצט דערשפּירט צווישן דער רוסישער סביבה ווי אַ פרעמדער. אַ פּסיכישע מחיצה איז אויס־געוואַקסן צווישן מיר און די רוסישע קינדער, מיט וועלכע איך האָב זיך געשפּילט, און די צוגעבונדנקייט, וועלכע כ׳האָב שוין אָנגעהויבן שפּירן צו די קיעווער גאַסן, צו דער גאַנצער סביבה, וואָס האָט מיר ארומגערינגלט, איז אויסגעלאָשן געוואָרן.

נאָכ׳ן פאָגראָם איז דער פאָטער אוועקגעפאָרן קיין וואַרשע זוכן דאָרטן פרנסה, און, אויב מעגלאַך, זיך איינאָרדנען דאָרטען. און ווען אין עטלאַכע מאָנאַטן ארום האָבן מיר געקריגן פון אים אַ בריוו, אַז מיר זאָלן אריבערפאָרן קיין וואַרשע, קאָן איך נישט זאָגן, אַז איך בין דערפון געווען געקרענקט. פאַרקערט, כ׳האָב זיך גיכער דערפרייט אוועקצואוואַרפן, פּטור צו ווערן פון דער שטאָט, וואָס האָט מיר אַזוי פיל ליידן אין האַרצן פאַרשאַפט: איך האָב געליטן אין קיעוו דחקות, נויט, הונגער און ספּע־ציעל אידישע צרות, וואָס אין אַ אידישער שטאָט קען מען נישט האָבן.

מיר זיינען אריינגעפאָרן קיין קיעוו אין 1876—1877 יאָר. איך בין דאַמאָלט געווען אַן אמת אידיש אינגל, אַפילו אַ ישוב׳ניק,

גאָר דאָך אַ אינגל, וואָס האָט קיין וואָרט רוסיש נישט געקענט
און וואָס האָט געוואוסט, אַז ס'זיינען דאָ צוויי וועלטן: אַ אידישע
און אַ גויאישע. ארויסגעפאָרן זיינען מיר פון קיעוו ענדע זומער
1881 יאָר. איך האָב דאַמאָלט שוין געקענט גוט רוסיש רעדן
און האָב שוין באהערשט די רוסישע שפּראַך בעסער ווי אידיש,
ווייל איך האָב אויף איר נישט נאָר גערעט, נאָר אויך געלערנט,
און איך האָב זי באקומען פון אַ נאַטירלאכער רוסישער סביבה:
די גאַס, די רוסישע קינדער א. א. וו.

# די גימנאַזיע.

די גימנאַזיע האָב איך אָנגעהויבן צו באַזוכן אין וואַרשע, וואו מיר זיינען געקומען נאָכ'ן קיעווער פּאָגראָם. מיינע על־טערן זיינען אריבערגעפאָרן קיין וואַרשע אין אויגוסט, 1881 יאָר, ווען דער אָנהויב פון שול־יאָר איז שוין געווען געענדיקט — די למודים אין די שולן זיינען שוין געווען אין פולן גאַנג. ווענן אָנקומען אין אַ רעגירונגס־שולע האָט שוין קיין רייד נישט געקאָנט זיין, האָט מיין פאָטער געזוכט אַ פּלאַץ פאַר מיר און פאַר מיין ברודער, מרדכי, אין אַ פּריוואַטער שולע.

אין יענע צייטען איז געווען אַ פיר־קלאַסיגע רעאַל־שולע, וואָס האָט געגרינדעט און אָנגעפירט דער באַוואוסטער אַסי־מילאַטאָר דיקשטיין. די שולע האָט געזאָלט זיין דער אַוואַנ־פּאָסט פון דער אַסימילאַציע ביי די אידן אין וואַרשע: דורך דער שולע האָבן אירע גרינדער געהאָפט די אידיש־חסידיש „זאַצאָפּאַנע" (אָפּגעשטאַנענע) באַפעלקערונג דערנענטערן צו דער אייראָפּייאישער קולטור, ריכטיקער געזאָגט, צו דער פּוי־לישער.

פון דער שולע בין איך גיך אריבער אין אַ צווייטער פּריוואַטער גימנאַזיע פון פּאָליאַק שמורלאָ, וואו ס'איז נישט געווען די ספּעציפישע אַסימילאַטאָרישע אַטמאָספערע.

נאָר די פּריוואַטע פּוילישע שולע איז קיין צוועק נישט גע־ווען פאַר אונז אידישע קינדער, ווייל אויף דער גימנאַזיע האָבן אידישע עלטערן ניט געקוקט, ווי אויף אַן ערציאונגס־אַנשטאַלט, נאָר ווי אויף אַ מיטל צו געבן די קינדער אין דער צוקונפט אַ גוטע פּרנסה.

די אידישע טאַטעס, וואָס זיינען אַרויס פון דער אַמאָלי־קער אידישער סביבה און וואָס זיינען געווען אונטער דער ווירקונג פון דער השכלה'באַוועגונג, האָבן זיך אַזוי שווער דערשלאָגן

צו אַ וועלכער ס'איז געהעריקער פּרנסה, אַז ס'איז נישט קיין וואונדער, אַז זיי האָבן געוואָלט זייערע קינדער פאַרשפּאָרן די מאַטערנישן, די ליידן און שמערצן, וועלכע זיי האָבן איבערגע־טראָגן. איין ענטפער איז ביי זיי געווען דאַרויף: די גימנאַזיע...

די גימנאַזיע, די רעגירונגס־שולע, איז געוואָרן ביי אידן אַ מין אידעע־פיקס, אַ מין שגעון, וואָס האָט באַאיינפלוסט די אידישע עלטערן אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן.

אויב איך רעד וועגן די אידישע עלטערן, מיין איך די עלטערן פון אַ באַשטימטן קלאַס פון אידן — פון דער אידי־שער בעל־הבית'שער סביבה, פון דעם קלאַס, וואָס מען רופט איצט אָן בורזשואַזיע: קליין־, מיטל־ און גרויס־בורזשואַזיע, ווייל נאָר אָט דער קלאַס איז געוואוינט געווען צו האַלטן קינדער ביז'ן „גרויען צאָפּ".

אין די 80־ער יאָרן, ווען דער עמיגראַנטן־שטראָם פון ליטע קיין וואַרשע איז געווען שטאַרק, זיינען די רעגירונגס־גימנאַ־זיעס געוואָרן אָנגעפּילט מיט קינדער פון די עמיגראַנטן; ס'איז דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט געגעבן אַן אָנקלאַגע צום וואַרשעווער קוראַטאָר, אַז צוליב די אימיגראַנטן קלעקט ניט קיין פּלעצער פאַר די קינדער פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

דער קוראַטאָר, אַפּוכטין, האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז פון ניט־אָרטיקע איינוואוינער זאָלן די גימנאַזיעס קיין ביטעס נישט אָננעמען — זיי מוזן אָנגעבן די ביטעס צו אים.

נאָך גרויס מי און מאַטערניש האָט זיך איינגעגעבן מיין פאָטער צו באַקומען פאַר מיר און מיין ברודער, מרדכי, אַן ער־לויבניש צו עקזאַמינירן זיך אויפ'ן נייעם שול־יאָר אין דער ערשטער וואַרשעווער פּראָגימנאַזיע, וואָס האָט זיך געפונען אויף גענשע גאַס.

געקומען אויגוסט, 1882. מיר זיינען אין די ווענט פון גימנאַזיע. אין לאַנגן קאָרידאָר האָבן זיך געשטויסן קינדער, מאַמעס, שוועסטער, לערער פון די קינדער.. אַ דענערווירטע, אויפגערעגטע, וואַרטענדע שטימונג...

די קינדער זיינען אַוועק אין די קלאַסן זיך עקזאַמינירן,

און די עלטערן זיינען געבליבן שעה'ן לאַנג וואַרטן, נאָך ניט אויפ'ן „פּסק־דין", נאָר אויף די איינדריקן פון עקזאַמען. אויף יעדן קינד, וואָס פלעגט אַרויסגיין פון קלאַס, פלעגן זיך אָנ־וואַרפן די מאַמעס, די שוועסטער, די לערערס מיט פראַגעס: וואָס פרעגט מען, ווי פרעגט מען, אָדער: וואָס פאַר אַ שריפט־לאַכע אַרבעט האָט מען געגעבן, אַזוי ווי די קינדער וואָלטן אַרויסגעקומען פון אַ משפּט.

די עקזאַמענס האָבן זיך געענדיקט. איך האָב אויסגע־האַלטן אין צווייטן, מיין ברודער אין ערשטן קלאַס. ווען איך האָב דערזען מיין נאָמען אין צעטל פון די אָנגענומענע שילער, וואָס איז געהאַנגען אין קאָרידאָר, בין איך ניט אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ, נאָר פון גרויס אימפּעט אַראָפּגעקייקלט זיך, און אַוועקגעלאָפן אַהיים אָנזאָגן די פריילאַכע בשורה מיינע עלטערן. באַלד איז מיין פאָטער אַוועקגעגאַנגען מיט מיר קויפן אַ גימ־נאַזיסטיש היטעלע מיט אַ הערב, איך זאָל שוין האָבן אַן אויס־זען פון אַ גימנאַזיסט, איידער איך טו אָן דעם גימנאַזיסטישן קאָסטיום.

די הויט־קראָמען זיינען געווען געפּאַקט מיט אידישע קינדער און טאַטעס, וואָס זיינען געלאָפן מקיים צו זיין די מצוה — אַריינפירן די אידישע קינדער אין דעם ניט־אידישן גן־עדן.

אַראָפּ ביי אידן די אידעאַלן פון ערציאונג, אַראָפּ ביי אידן דער כלל — תורה לשם תורה; דאָס גימנאַזיסטישע היטעלע, דער גימאַזיסטיש מונדיר און ענדלאַך דאָס פּאַפּירל פון גימנאַ־זיע — דאָס איז געוואָרן דער אידעאַל פון אידישע טאַטע־מאַמעס.

דאַמאָלסט האָב איך געקוקט אויף דער גימנאַזיע ווי די גאַנצע סביבה, און איך בין געווען אין זיבעטן הימל: איך בין אַ גימנאַזיסט...

מיט שטאָלץ און מיט גדלות בין איך געגאַנגען איבער דער גאַס. מיט מיין גאַנצער נשמה האָב איך געפילט, אַז איך בין אַן אויסדערוויילטער, אַז איך בין ניט קיין פּשוט אידיש אינגל...

און אָט בין איך שוין געקומען צום ערשטן מאָל צו די למודים. אַ קליינע טייל פון די, וואָס האָבן זיך עקזאַמינירט

מיט מיר, זיינען אויך געקומען. אפנים, פאר די איבעריקע, וואָס זיינען געווען זייער פיל, האָט שוין קיין פּלאַץ ניט געקלעקט אין גימנאַזיע, ווייל זי איז שוין געווען אזוי אויך איבערפילט.

פריקרע איז מיר געווען אביסל פון אָנהויב; העכער צוויי הונדערט קינדער, וועלכע איך קאָן ניט, און וועלכע קאָנען מיר ניט, געפינען זיך אין דער פּראָגימנאַזיע.

נאָר איך האָב זיך גיך איינגעלעבט אין גימנאַזיע און האָב זיך גאַנץ גוט געפילט. נאָר ניט אויף לאנג; ס׳איז נאָך ניט אַוועק דער ערשטער שול־יאָר, ווי איך האָב זיך אָנגעהויבן צו פילן שלעכט אין גימנאַזיע, און שולדיק אין דעם איז געווען די גאַנצע אַטמאָספערע פון דער רוסישער גימנאַזיע.

וואָס איז געווען די רוסישע גימנאַזיע, געשאַפן דורכ׳ן מיניסטער גראף ד. טאָלסטאָי, ווייסט יעדער. זי פלעגט אונטער־דריקן וועלכע ס׳איז אינדיווידואליטעט. גרויע, געהאָרכזאַמע מענשן האָט זי געזאָלט שאַפן, מענשן, וואָס האָבן ניט געזאָלט און ניט געדאַרפט קריטיקירן, נאָר האָבן באַדאַרפט זיין אונטער־טעניקע אויספירער פון ווילן פון זייער „נאַטשאַלסטוואָ“.

אַזאַ שולע איז געווען שווער פאר די רוסישע קינדער אין טיף רוסלאנד, וואו די לערערס מיט די קינדער זיינען געווען פון איין פאָלק, גערעדט מיט איין שפּראך.

אין פוילן האָט די ביוראָקראַטישע מאַשין נאָך מער גע־דריקט. דאָ האָט זי געהאַט נאָך אַ צווייטן ציל: אריינפירן, איינפלאנצן די רוסישע שפּראך, דעם ספּעציפיש־רוסישן גייסט, רוסיפיצירן דורך די קינדער דאָס לאנד, וועלכעס האָט שוין ניט געהייסן פוילן, נאָר „פּריוויסליאַנער קאַנט“.

מיט פוילישע קינדער, וואָס האָבן נאָך ניט געקאָנט ניט נאָר רעדן, נאָר אפילו פאַרשטיין רוסיש האָט מען שוין פון פאַרבערייטונגס־קלאַס אָן, גערעדט דוקא רוסיש. מען האָט אפילו פאַרבאָטן די קינדער רעדן פויליש צווישן זיך אין די ווענט פון גימנאַזיע.

די פוילישע שפּראך, די מוטער־שפּראך, האָט מען געלערנט, ווי ס׳זאָל ניט קלינגען ווילד, אויף רוסיש, און זי איז אפילו

ניט געווען אָבליגאַטאָריש: פּויליש האָט געלערנט נאָר דער, וואָס האָט געוואָלט.

און ס'איז געווען אַ רחמנות צו קוקן אויף די קינדער און ס'איז געווען אַ רחמנות צו קוקן אויפ'ן לערער, ווען די קינדער פלעגן זיך מאַטערן איבערזעצן די גוט־פאַרשטאַנענע פאַר זיי שפּראַך אויף אַ פרעמדער שפּראַך, וועלכע זיי האָבן גאָרניט באַהערשט און ניט געקאָנט באַהערשן.

די היימישע סביבה האָט די גימנאַזיע אַבסאָליוט איגנאָרירט: רעכענען זיך מיט די עלטערן האָט די גימנאַזיע געהאַלטן בכלל פאַר איבעריק. האָט אימיצער אַוועקגעגעבן זיין קינד אין גימנאַזיע, איז דאָס קינד אַרויס פון זיין רשות.

די גימנאַזיעס אין פּוילן האָבן געבראַכט אַ גרויסן שאָדן דאָס פּוילישע פאָלק.

פאַר אונז, אידישע קינדער, האָט די גימנאַזיע געבראַכט אַ דאָפּלטן שאָדן: זי האָט אונז אָפּגעריסן פון דער היימישער אידישער סביבה און אַריינגעוואָרפן אין אַ פרעמדער; דערצו נאָך האָט זי אונז געמאַכט אין אַ ניט־רוסישן לאַנד פאַר רוסן, פאַר טרעגער פון דער פרעמדער רוסישער שפּראַך, און פאַרשטייט זיך פאַר טרעגער פון אַ פרעמדער קולטור.

פון אָנהויב האָבן מיר אינסטינקטיוו פּראָטעסטירט; מיר, קינדער, געבאָרענע פון ליטווישע עלטערן, האָבן אין דערהיים פון שטענדיק אָן געהערט אידיש, און אויף די הפסקות אין קאָרידאָר פון גימנאַזיע און אין די קלאַסן האָט מען אָפט געהערט אידישע ווערטלאַך און אַמאָל אַ אידישן שמועס. ניט איינמאָל פלעגט זיך אונז וועלן זינגען אַ אידיש לידל, נאָר ווער פון אונז האָט דאַמאָלסט געקאָנט אידישע לידלאַך? האָט מען אַ זונג געטאָן אַ חזניש שטיקל. ניט איינמאָל פלעגט זיך פון אונזער קלאַס דערהערן אַ חזנישער נגון און דער הויכער „נאַדזיראַטעל" פלעגט מיט כעס אַריינלויפן צו אונז און זיך צעשרייען: „וואָס איז דאָ ביי אייך, אַ „בוזשניצע" (אַ בית־מדרש)?"...

אַמאָל פלעגן מיר נאָכמאַכן, ווי קינדער לערנען אין אַ חדר, און מיר פלעגן מיט אַ גמרא־נגון זאָגן עפּעס פון די אויסגע־

לערנטע לעקציעס. פלעגט דער „נאַדזיראַטעל" ווידער ווערן אין כעס און שרייען, אַז ביי אונז איז אַזוי, ווי אין אַ חדר.

וואָס ווייטער אָבער זיינען אונזערע אידישע נגונים גע־וואָרן אַלץ זעלטענער און זעלטענער... סוף כל סוף האָט מען אונזערע אינסטינקטן איינגעצוימט.

די באַדינגונגען זיינען געווען אַזעלכע, אַז ניט ווילנדיק האָבן מיר זיך געמוזט אָפּרייסן פון דער אידישער סביבה.

דער איינציקער טאָג אין וואָך, ווען אונזערע טאַטע־מאַמעס האָבן גערוט, איז געווען שבת; ביי אונז איז ער אָבער געווען אַן ארבעטס טאָג. פרייטאָג־צו־נאַכטס האָבן מיר באַדאַרפט צוגרייטן די לעקציעס אויף שבת. ווען מיר פלעגן קומען שבת פון גימנאַזיע, פלעגט שוין באַלד זיין נאַכט. ווען די עלטערן פלעגן שוין דאַרפן עסן באַלד שלש־סעודות, פלעגן מיר נאָך עסן דעם פאַר אונז אָפּגעשטעלטן שבת'דיקן מיטאָג.

די גאַנצע פּאָעזיע פון דעם אידישן שבת איז פאַר אונז פארלאָרן געגאַנגען. פארשטייט זיך, ס'זיינען שוין געווען הייזער, וואו דער שבת איז ניט אַזוי שטאַרק קענטיק געווען, דאָך אין יענע הייזער האָט זיך דער שבת געפילט: דער איד האָט נאָך דאַמאָלסט געוויס ניט געאַרבעט אום שבת.

צו דעם גייסט פון גימנאַזיע זיינען געווען צוגעפּאַסט די לערער.

אויב די לערער אין טיף־רוסלאַנד, זייענדיק ענג פאַרבונדן מיט דער אַרומיקער סביבה, פלעגן זיך באַציען צו די קינדער ניט אַזוי ביוראָקראַטיש, איז די לאַגע אין פּוילן געווען גאַר אַן אַנדערע.

אין פּוילן האָבן רוסישע באַאַמטע, וואָס זיינען געקומען פון רוסלאַנד, באַקומען אַנדערהאַלבן מאָל אַ גרעסערן געהאַלט און פאַרשידענע פּריווילעגיעס. קיין פּוילן זיינען נאָר געקומען די פּסולות פון די רוסן, ביי וועלכע ס'איז געווען רעכט צו אונ־טערדריקן אַ פרעמד פאָלק, אַבי צו באַקומען אַ גרעסערן געהאַלט. ממילא איז שוין דאָס רוב פון זיי געווען כאַבאַרניקעס.

ביי אונז אין קלאַס איז דער קלאַסן־אויפזעער געווען דער לערער פון רוסיש, אַ שוואַרץ־מאַה'ניק. געהייסן האָט ער לעבע־

ריעוו. מען דערציילט פון אים, דאָס בעת מען האָט געה׳רג׳עט אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, האָט ער געכליפּעט, ווי אַ קינד, ווען ער האָט איבערגעגעבן וועגן דער הריגה אין קלאַס.

ער האָט פיינט געהאַט די ליבעראַלן, ד. ה. די מער באַלע־זענע, מער באַוואוסטזיניקע תּלמידים. מיר האָט ער באַזונ־דערס פיינט געהאַט. איך האָב, לויט זיינע ווערטער, געטראָגן „זאַראַזע" אין קלאַס.

איינמאָל, געדענק איך, האָט ער אויף די ווינטערדיקע פעריען אויפגעגעבן מאַכן אַ שריפטלאַכע אַרבעט, וועגן דאָס, וואָס יעדער וועט דורכלייענען אין פעריען־צייט. איך האָב דעמאָלסט גראָדע דורכגעשטודירט אָסטראָווסקיס דראַמאַטישע ווערק און די קריטישע אַרטיקלען פון דאָבראָליובאָוון וועגן אָסטראָווסקין: „די פינסטערע מלוכה", און „דער ליכט־שטראַל אין דער פינסטערער מלוכה".

אין מיין אַרבעט, וואָס האָט געהייסן: „די ווערק פון אָסט־ראָווסקין", און וואָס האָט פאַרנומען אַ סך פּאַפּיר, בין איך אַרויס־געטראָטן מיט אַ שטאַרקן פּראָטעסט קעגן דער „פינסטערער מלוכה", וואָס אָסטראָווסקי שילדערט, ד. ה. קעגן דער סוחר׳ישער סביבה.

קים קיטיש, דער באַרימטער העלד פון אָסטראָווסקיס דראַמע — „מיר זיינען אייגענע מענטשן, וועלן מיר אַדרוכקומען" — דער גרויסער גביר, וואָס האָט אונטערדריקט די אַלע מענטשן, וואָס זיינען געווען פון אים אָפּהענגיק, האָט אַרויסגערופן אין מיר גרויסן צאָרן.

פאַרשטייט זיך, אַז מיין אַרבעט איז ניט געווען קיין זעלבסט־שטענדיקע, לויט איר געדאַנק: זי איז געווען געשריבן אונטער דעם איינפלוס פון׳ם קריטיקער דאָבראָליובאָוו, נאָר זי האָט כאַראַקטעריזירט מיינע נייגונגען, מיינע איבערצייגונגען.

לעבעדיעוו האָט אָפּגעבראַכט אונזערע שריפטלאַכע אַרבעטן. זיין שלעכטער פּנים האָט אויסגעזען צאָרנדיק. ער האָט אָפּגעגעבן די העפטן, אָנווייזנדיק דערביי די גראַמאַטישע און סטיליסטישע פעלערן, וואָס האָבן זיך געפונען אין זיי.

ער האָט צוגעבן אַלע העפטן. איין העפט איז נאָר געבליבן. ער האָט גענומען דאָס העפט אין האַנט און אָנגעהויבן אויסערלאַך רואיק: „ביי אונז האָט זיך באַוויזן אַ נייער ביעלינסקי"... און דאָ האָט ער ניט אויסגעהאַלטן זיין רואיקן טאָן און האָט געגעבן אַ געשריי: „קאָטיק, דאָס איז דיין אַרבעט! ביזט נאָך פון דער ערד ניט אויסגעוואַקסן, און דו ביזט שוין אַ ליבעראַל! אויף אַ שלעכטן וועג האָסטו זיך פאַרנומען! נאָר ניט דו אַרסט מיך, נאָר דער גאַנצער קלאַס אַרט מיך — איין פאַרשיווע שעפּס מאַכט קאַליע אַ גאַנצע סטאַדע!"

וואָס ער האָט נאָכדעם גערעדט, געדענק איך ניט גענוי: אונערוואַרטעט שטאַרק איז געווען דער אָנפאַל אויף מיר. איך געדענק נאָר, אַז ער האָט געענדיקט מיט אַ סטראַשונאָק: „מער פון אַ „3" פאַר דיין אויפפירונג וועסטו ניט קריגן". ד. ה. ביי מיר וועט זיין אָפּגענומען די מעגלאַכקייט פאָרטצוזעצן מיין לערנען. ער האָט ניט צוגערופן מיר נעמען מיין העפט, נאָר האָט עס אַ וואָרף געטאָן. עס איז לייכט צו פאַרשטיין, וואָס איך האָב געפילט צו אָט דעם לערער... ער איז געווען דער אויסגעשפּראָכנסטער פאַרשטייער פון דעם גאַנצן רוסישן רעזשים און האָט זייער גיך וואַנסירט: ער איז נאָך אין די יונגע יאָרן געוואָרן אינספּעקטאָר און נאָכדעם דירעקטאָר אין איינעם פון די וואַרשעווער בילדונגס ראַיאָנען.

דער צווייטער לערער, וועלכער האָט געקאָנט כאַראַקטעריזירן דעם דאַמאָלסדיגן גימנַזיאַלן רעזשים, איז געווען דער לערער פון געשיכטע. אַ דאַרער, אַ הויכער, אַן אויסגעצויגענע צורה, מיט אַ נערוועזן בליק... ווען ער האָט זיך ביי אונז צום ערשטן מאָל באַוויזן אין קלאַס, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט ביים פענסטער און איז אַזוי געשטאַנען אַ היבשע ווײַלע, קוקנדיק אַנטקעגן אויף די קראָמען און די שילדן מיט רוסישע, פּוילישע און אידישע אויפשריפטן (שפּעטער האָט מען אין וואַרשע פאַרבאָטן אידישע שילדן). ענדלאַך קערט ער זיך אום מיט'ן פּנים צום קלאַס און שרייט אויס: „„אַלדי רוחות, מען קאָן מיינען, אַז מיר זיינען אין פּאַלעסטינע!"... דער קלאַס אונזערער איז באַשטאַנען כמעט אויסשליסליך פון אידן: עס זיינען געווען 35 אידן און 7

קריסטן — דאמאָלסט איז נאָך קיין פּראָצענט נאָרמע פאר אידן אין די גימנאַזיעס ניט געווען.

א כאראקטעריסטישע פיגור איז געווען דער אינספּעקטאָר סטריזשעווסקי. ער איז געוואָרן ביי אונז באַרימט, איידער ער איז נאָך אָנגעקומען אין גימנאַזיע. דעם סטריזשעווסקין האָט דער בילדונגס קוראַטאָר אריינגעשיקט צו אונז דיסציפּלינירן די גימנאַזיע, וועלכע איז צולאָזן געוואָרן, א דאַנק דעם גוט־האַרציקן אינספּעקטאָר גאָלוואַטשעווסקין. איך בין שוין דאמאָלסט געווען אין פערטן קלאַס, און מיין חבר'שע סביבה איז שוין געווען גענוג רעוואָלוציאָניזירט. מיר האָבן געוואוסט, אז מען האָט אונזער גוטן אינספּעקטאָר אָפּגערופן און מען שיקט אונז אריין אן אכזר. דער נייער אינספּעקטאָר איז אפילו קיין לערער ניט געווען. ער איז געווען אין קוראַטאָרס קאַנצעלאַריע א באַאמטער און פון די מענטשן, וועלכע קאָנען זיך גוט אויסדינען. פאר זיינע פארדינסטן ביי נאַטשאַלסטווא האָט מען אים געמאַכט פאר אן אינספּעקטאָר. די ערשטע ארבעט זיינע איז געווען אויספּוצן פאר זיך א פיינע וואוינונג אויפ'ן רעכנונג פון די גימנאַזיאַלע פאָנדן, און ווען ער האָט זיך איבערגעצויגן מיט זיין פאַמיליע אין דער שיין רעמאָנטירטער וואוינונג, האָט ער זיך באוויזן אין די קלאַסן.

אן אינספּעקטאָר מוז געבן א וועלכע עס איז געגנשטאַנד, און סטריזשעווסקי האָט גענומען אויף זיך געאָגראַפיע פון רוסלאַנד.

די ערשטע באַגעגעניש אונזערע איז געווען נישט פון די געשמאַקע.

דער קלאַס, אין א ביסל נערוועזער, אויפגערעקטער שטימונג וואַרט אויף דעם אכזר, דעם אינספּעקטאָר. מיר האָבן באַשלאָסן אפילו ניט ענטפערן אויף זיין באַגריסונג. עס קומט אריין א הויכער מאַן מיט א ביסל אן איינגעבויגענעם רוקן פון קאַנצעלאַרישע ארבעט, און זאָגט: „זדראַווסטוואויטע, דיעטי!“ (זייט באַגריסט, קינדער!). מיר האָבן אויף דער באַגריסונג ניט געענטפערט. מיר זיינען שוין געווען גרייט איבערצולעבן דעם ערשטן סקאַנדאַל.

סטריזשעווסקי האָט זיך געמאַכט ניט באַמערקן די דעמאָנ־

סטראַציע פון די שילער. ער איז נאָר געוואָרן אַ ביסל רויטלאַך, און איז צוגעטראָטן באַלד צום לימוד.

„מיר וועלן לערנען די געאָגראַפיע פון רוסלאַנד. רוסלאַנד איז זייער אַ גרויסע מלוכה. זי ציט זיך אויף טויזנטער ווי אַרסטן. די גרענעצן אירע זיינען... נאָר וועגן די גרענעצן מוז איך זאָגן אַ פּאָר ווערטער. פּאָליאַקן מיינען, אַז זיי האָבן אַ באַזונדער מלוכה. זיי זאָגן, אַז זיי זיינען מער ניט, ווי אַ שכנ'דיקע מלוכה צו רוסלאַנד (אַזוי פלעגט מען זיך טאַקע אויסדריקן אין דער פּאַטריאָטישער פּוילישער אומלעגאַלער ליטעראַטור). נאָר דאָס איז ניט ריכטיג — פּאָליאַקען האָבן ניט קיין מלוכה. די אַמאָליקע פּוילישע מלוכה געהערט צו רוסלאַנד און הייסט איצט פּריווויס־לאַנער געגנט.” דערביי האָט זיך אויף זיין פּנים באַוויזן אַ סאַרקאַסטישער שמייכעלע... די חוצפּה פון אינספּעקטאָר האָט אונז שרעקלאַך אויפגערעקט. נאָר ווי רעאַגירט מען אויף דעם? מיר זיינען נאָך געווען צו יונג, אַז מיר זאָלן באַלד קענען געפינען אַ פאָרם פון פּראָטעסט. אין קלאַס האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. דער אינספּעקטאָר האָט שוין צוגעטראָטן צום למוד — ער האָט אויפגעמאָלט מיט קרייד אויפ'ן טאָפל די גרענעצן פון רוסלאַנד, אירע טייכן... און דאָ האָב איך געפונען אַ פאָרם פון פּראָטעסט. סטריזשעווסקי האָט שוין געמוזט פאַרגעסן דאָס, וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט, און איך האָב זיך גראַדע אין קלאַס גערעכנט פאַר אַ גוטן געאָגראַף: די מאַפּע האָב איך געקענט אויסגעצייכנט. איך הייב זיך האַסטיק אויף און שריי אויס: „הער אינספּעקטאָר, איר האָט ניט ריכטיק אָנגעצייכנט”...

דער קלאַס איז געוואָרן פאַרגליווערט. און איך אַליין האָב זיך געכאַפּט, אַז פון מיין אַרויסטרעטונג קאָנען ניט זיין קיין גוטע פאָלגן. ס'איז שוין אָבער געווען פאַרפאַלן — דער טריט איז שוין געמאַכט געוואָרן. און דאָ איז פאָרגעקומען אַזעלכעס, וואָס מיר האָבן גאַרניט געקאָנט ערוואַרטן. דער אינספּעקטאָר, אַ צוטומל־טער, האָט געזאָגט: „איך האָב שוין לאַנג ניט געהאַלטן אַ געאָגראַפיע אין די הענט. איר וועט אַ קוק טאָן אין אַטלאַס, און דאָרטן איז אַלץ ריכטיק אָנגעצייכנט.”

דער קלאַס האָט דערזען, אַז מיר האָבן פאַר זיך גאַר ניט קיין

שרעקלאַכן מענטשן, אַ רוסישן באַאַמטן, וועלכער וויל, אַז ס'זאָל זיין אַלץ שטיל. מיר האָבן זיך ניט געקאָנט באַציען צו אים מיט כבוד, נאָר איצט האָבן מיר אָנגעוואָרן אויך די מורא פאַר אים.

די איבעריקע לערער זיינען געווען אַזעלכע בלאַסע, נישטיקע, אַז וועגן זיי איז ניטאָ וואָס צו דערמאָנען.

אָט דער רעזשים פון דער רוסישער גימנאַזיע, מיט די פּאַר־שטייער פון דעם רעזשים, די לערער, האָבן געמאַכט אויף אונז די היפּוכ'דיקע ווירקונג, וועלכע עס האָט אויף אונז געוואָלט מאַכן די רעגירונג. מען האָט אין אונז אַרויסגערופן דעם סטי־כישן פּראָטעסט און רעוואָלוציאָנערן געפיל, וועלכער האָט זיך נאָכדעם פאַרוואַנדלט ביי אונז אין אַ באַוואוסטזיניקן רעוואָלו־ציאָנערן געדאַנק, און ענדלאַך אין רעוואָלוציאָנערער טאַט.

צווישן די לערער האָבן זיך געפונען געציילטע פּערזאָנען, וועלכע האָבן געהאַט אַ גוטע ווירקונג אויף די תלמידים, און זיי וויל איך דערמאָנען מיט אַ גוט וואָרט.

דער אינספּעקטאָר גאַלאָוואַטשעווסקי, וועמעס פּלאַץ עס האָט פאַרטראָטן סטריזשעווסקי, איז געווען אַ שיינע פּערזענלאַכקייט, נאָר אַ שוואַכער מענטש. אַרום זיין פּערזאָן האָט געשוועבט ביי אונז אַ ראָמאַנטישע לעגענדע. מען דערציילט, אַז ער איז געווען אַ דאָצענט (די ערשטע שטופע פון פּראָפעסאָר) אין דאָרפּאַטער אוניווערזיטעט. צוליב אַן אומגליקלאַכער ליבע האָט ער פאַרלאָזן דאָרפּאַט און זיין פּראָפעסאָרישע קאַריערע, און איז געוואָרן אינספּעקטאָר ביי אונז אין פּראָגימנאַזיע.

אָט דער גאָלאָוואַטשעווסקי פלעגט שטענדיק זיין מיין פּאַר־טיידיקער. מיר פלעגט מען שטענדיק באַפרייען פון שכר־לימוד. איז זיך איינמאָל מישב לעבעדיעוו און, אַלס קלאַסן־אויפזעער פון אונזער קלאַס באַשטאַנען דערויף, אַז מען זאָל מיר ניט באַפרייען. לעבעדיעוו האָט געוואוסט די דאַמאָלסטיקע מאַטעריעלע לאַגע פון מיינע עלטערן. אויף מאָרגן, נאָך דער זיצונג פון פּעדאַגאָגישן ראַט, וואו עס איז באַשלאָסן געוואָרן מיר ניט צו באַפרייען פון שכר־לימוד, איז געקומען גאָלאָוואַטשעווסקי אויף זיין שעה פון גריכיש, און זיינע ערשטע ווערטער זיינען געווען: „קאָטיק! מען האָט דיר ניט באַפרייט פון שכר־לימוד. איך האָב גאָרניט

געקאָנט מאַכן. נאָ דיר דריי רובל צושטייער. די איבעריקע וועסטו זיך אַליין שאַפן". (אינגאַנצן האָט די שכר־לימוד דאַ־מאָלסט אויסגעמאַכט 15 רובל אַ האַלב יאָר).

אַלס כאַראַקטעריסטיק פון גאַלאָוואַטשעווסקין וועל איך ברענגען נאָך אַן אינטערעסאַנטן פאַקט.

שמיני־עצרת און שמחת־תורה פלעגן מיר ניט באַזוכן די גימנאַזיע; מיר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז מען דאַרף אויך הושענה־רבה ניט קומען. וועגן דעם האָב איך אָפּגערעדט מיט מיינע נאָנטע חברים, און מיר האָבן באַשלאָסן וועגן דעם צו מעלדן מיט אַ טאָג פריער גאַלאָוואַטשעווסקין. ער האָט ניט געקאָנט זיך מעכטן אונז צו באַפרייען אויף נאָך אַ טאָג, און ער איז אַוועק פרעגן וועגן דעם אין קאַנצעלאַריע פון קוראַטאָר. ער איז געקומען מיט אַ תשובה, אַז ס'איז ניט ערלויבט געוואָרן. האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר, די אָנפירער פון קלאַס, וועלן קומען, וויינינגסטנס, צו דער דריטער שעה, ווייל די ערשטע צוויי דאַרף מען קלאַפּן הושענות. איך בין געקומען צו דער דריטער שעה מיט אַ פּאַרשפּעטיקונג, און האָב זיך אַ ביסל צוואָווערטלט מיט'ן לערער, וואָס איז דאַמאָלסט ביי אונז אין קלאַס געווען. לעבעדיעוו איז פון דער מעשה געוואָר געוואָרן, און האָט געוואָלט דערפון פאַרקאָכן אַ גאַנצע קאַשע. איך בין געגאַנגען מיט ערקלערונגען צום אינספּעקטאָר און האָב געזאָגט, אַז היינט איז ביי אונז אַ פייערלאַכער יום־טוב, און איך האָב געמוזט גיין מיט'ן פאָטער דאַווענען. מיין ערקלערונג האָט ער אָנערקענט פאַר אַ גאַנץ גענוגענדע.

גאַלאָוואַטשעווסקי איז אָבער געווען ניט קיין זעלבסטשטענ־דיקער מענש, ער האָט ניט געהאַט קיין שטאַנדהאַפטן כאַראַק־טער, און דעריבער האָט ער קיין ווירקונג אויף די שילער ניט געהאַט. שיין און אינטערעסאַנט איז ער נאָר געווען דאַן, ווען ער פלעגט זיך אריינטיפן אין די ערקלערונגען וועגן די געזעצן פון דער גריכישער שפּראַך, וואָס ער האָט געלערנט און פאַרגליכן איר מיט רוסיש און אַלט־סלאַוויש.

זיין לערנען איז ניט געווען קיין לימוד פאַר שילער פון פערטן קלאַס, נאָר גיכער פאַר סטודענטן; נאָר מיר האָבן זיינע

לעקציעס זייער א סך געגעבן, און אים האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין טיפע פאַרשטענדניש פון דער רוסישער שפּראַך, און בכלל מיין געשמאַק צו די סלאַווישע שפּראַכן.

ער איז ניט געווען צוגעפּאַסט צום דאַמאָלסטיקן רעזשים און, זייענדיק שוין דירעקטאָר פון פּראַגער גימנאַזיע, האָט ער געענדיקט זיין לעבן מיט זעלבסטמאָרד. ער האָט זיך געשאָסן.

איין איינציקער לערער, וואָס האָט געהאַט א גוטע מאָראַלישע ווירקונג אויף אונז און צו וועלכן אלע שילער האָבן זיך באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ, איז געווען דער לערער פון לאַטיין, דער אַלטער קאָפּערניצקי.

ביי אונז אין גימנאַזיע האָט מען דערציילט, אַז קאָפּער־ניצקי האָט אין זיינע יונגע יאָרן גענומען אָן אייגנטייל אין דער פּוילישער פּאָוסטאַניע פון 1863 יאָר; ער איז שוין דאַמאָלסט געווען א לערער אין א גימנאַזיע אין ראָוונע, און א הייסער פּאָליאַק. אין דער פּוילישער פּאָוסטאַניע האָט ער זיך קאָמ־פּראָמענטירט, נאָר, זעט אויס, ניט זייער שטאַרק. ווייל מען האָט אים סוף כל סוף ערלויבט צוריק ווערן א לערער אין א מיטל־שול.

מיר האָבן געלעזן ביי אים „יוליוס צעזאַר“, דעם 7טן טייל, וואו ס'דערציילט זיך ווי ווערציגענטאָריקס האָט צו־זאַמען מיט זיין חיל פאַרטיידיקט די אומאָפּהענגיקייט פון גאַליען (היינטיקע פראַנקרייך).

איינמאָל, ווען מיר האָבן געלעזן א באַזונדערס טראַגישן אָרט, האָט קופּערניצקי אויפגעהויבן פון בוך זיין שטענדיק ווייס־בלאַסן פּנים, וועלכער איז מיט דעם מאָמענט געוואָרן נאָך בלאַ־סער, ווייל ער האָט ביים לעזן אראָפּגענומען די ברילן.

דעם ערשטן מאָל האָב איך אים געזען אַזוי: א ווייסע באָרד, א בלייכער פּנים, אין די אויגן א באַזונדער בליאַסק; און סהאָט זיך דערהערט זיין שטים, א שטייפע, שטאָלצע: „גליקלאָך איז דאָס פאָלק, וואָס האָט אַזעלכע מענטשן, ווי ווערציגענטאָ־ריקס, וועלכע קאָנען זיך מקריב זיין פאַר זייער פאָלק! ווען עס וואָלטן אַזעלכע מענטשן ניט געווען — פינסטער וואָלט די וועלט געווען, און עס וואָלט ניט געלוינט צו לעבן אויף דער וועלט“...

די לעצטע ווערטער האָט ער מיט אַ הויכן קול געענדיקט, און אַ קלאַפּ געטאָן דאָס בוך אין דער קאַטעדרע.

„ווערציגענטאַריקס, האָט ער געזאָגט ווייטער, איז ניט שולדיק, וואָס גאַליען איז געפאַלן. אַ שטאַרקע מלוכה שלינגט אַפּטמאָל איין די שכנות'דיקע שוואַכע... למשל, ענגלאַנד מיט אירלאַנד..."

ווי שיין זיין פּנים איז דאַמאָלסט געווען, און ווי שטאַרק אויפגעפרישט האָבן זיינע ווערטער אונזערע נשמות!

אין וואַרשע איז געקומען די באַרימטע מייניניגער טרופּע. אין מייניניגען (דייטשלאַנד), אויפ'ן חשבון פון הערצאָג, איז געשאַפן געוואָרן אַ מוסטערהאַפטע דראַמאַטישע טרופּע. איר באַווייזן זיך האָט אַ היסטאָרישע באַדייטונג אין דער אַנטוויקלונג פון טעאַטער. פון איר האָט גענומען אַ מוסטער דער באַוואוסטער סטאַני־סלאַווסקי, ווען ער האָט באַשאַפן דעם וועלט־באַרימטן קונסט־טעאַטער אין מאָסקווע.

אָט די מייניניגער טרופּע האָט זיך ארויסגעלאָזט אויף דער וועלט צו ווייזן איר קונסט, און זי האָט פאַרבלאָנדזשעט קיין וואַרשע.

קומט איינמאָל קאָפּערניצקי אויף זיין שעה און זאָגט אונז:
„עס זיינען געקומען די מייניניגענצעס; מאָרגן שפּילן זיי שעקס־פּירס דראַמע „יוליוס צעזאַר", ראַט איך איין גיין און זען — איר לערנט דאָך איצט „יוליוס צעזאַר".

„וואָס פאַר אַ מוסטערהאַפטע טרופּע דאָס איז! דאָס אַלטע רוים לעבט פאַר אונז, אויף דער סצענע ביי די מייניניגענצעס איז יעדע האָר, יעדע ברעקל אויסגערעכנט; די אַרטיסטן טרעטן אַרויס, ווי אמת'ע רוימער!"

מיר זיינען געגאַנגען און מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז קאָפּערניצקי איז גערעכט. אַ שטאַרקן, זייער אַ שטאַרקן איינ־דרוק האָט אויף אונז געמאַכט די מייניניגענער טרופּע.

מען דאַרף באַמערקן, אַז די „מייניניגענצעס" זיינען דייטשן און האָבן געשפּילט אויף דייטש, און קאָפּערניצקי איז געווען אַ הייסער פּאָליאַק, און דאָך האָט ער געפונען פאַר מעגלאָך אונז רעקאָמענדירן די דייטשישע טרופּע.

ווען ער זאָל ניט זיין אזא הייסער פּאָליאק, און מיר — אזוי ווייניק פּאָלאָניזירטע ליטוואַקעס, וואָלטן מיר געווים מיט אים נעענטער געווען און זיין ווירקונג וואָלט אויף אונז געווען א שטאַרקערע.

אַלעקסאַנדער דער דריטער האָט באזוכט וואַרשע. אַלע גימנאַזיעס האָבן געמוזט ארויסגיין צו באַגעגענען אים. ביים באַגעגעניש פאַראַד איז קאָפּערניצקי גראדע געשטאַנען ניט ווייט פון מיר. ווען דער קייזער איז דורכגעפאָרן, האָב איך געזען ווי קאָפּערניצקי האָט אפּגעדרייט זיין פאַרצאָרנטן פּנים. ווי שטאָלץ איך בין געווען מיט מיין לערער... אבער אזעלכע לערערס ווי קאָפּערניצקי זיינען קיין סך נישט געווען אין גאַנצן רעזשים, און זיי קאָן מען ניט רעכענען אלס ווירקענדער כח אין דער גימנאַזיע. די הויפּט ווירקונג איז געגאַנגען פון אָט יענע לערערס, פון די לעבעדיעווס, די סטריזשעווסקיס, און כדומה. און זיי האָבן ביי אונז, עלטערע קינדער, ארויסגערופן א נעגאַטיווע שטעלונג צו דער גימנאַזיע און צו דעם רוסישן רעזשים.

* * *

וואָס האָט אָבער מיט זיך פאָרגעשטעלט דער מאַטעריאַל, פון וועלכן די לערער פון אונזער גימנאַזיע האָבן באַדאַרפט „קלעפּן" די צוקונפטיקע מענטשן? וואָס האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך די שילער? ניט קיין איינהייטלאַכער מאַטעריאַל איז עס געווען. עס איז דאַמאָלסט געווען אין רוסלאַנד פאַר'ן באַרימטן דעליאַנאָוו'ס צירקולאַר, לויט וועלכן עס האָבן זיך באַדאַרפט פאַרמאַכן די טירן פון גימנאַזיעס פאַר די „קינדער פון די קעכינס"; ס'איז נאָך ניט געווען איינגעפירט די פּראָצענט־נאָרמע פאַר אידן. זיינען דאַמאָלסט געווען אין גימנאַזיע קינדער, רייכע און אָרימע, קינדער פון אן אַריסטאָקראַטישער סביבה (איך האָב געהאַט א חבר, א גראַף), און פון דעמאָקראַטישער. דער דורכשניטלאַכער עלטער פון די קינדער איז געווען א פאַרשיידענער.

די רייכערע קינדער און די קינדער פון די פּוילישע אידן זיינען געווען אינגער פאַר די „ליטווישע" קינדער פון דעם זעלבן קלאַס. דער ליטווישער טאַטע, און בכלל דער עמיגראַנט,

האָט געזען זיין קינד זאָל באַקומען פאַר דער גימנאַזיע אַ וועלכע עס איז אידישע בילדונג: ער פלעגט האַלטן זיין קינד אין חדר און אַזוי אַרום „פאַרשפּעטיקן" אין גימנאַזיע.

דאָס ביסל ליטוואַקעס, וואָס זיינען אריין מיט מיר צו־זאַמען אין צווייטן קלאַס, זיינען געווען אַלט אַ יאָר 13־14. און מיר זיינען שוין געווען שטאַרק באַלעזן און גאַנץ אַנט־וויקעלט, האָבן מיר באַלד אָנגעהויבן צו געבן דעם טאָן אין אונזער קלאַס, און נאָכדעם אין גימנאַזיע. מיר האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גרופּע שילער, וואָס האָבן זיך ניט באַגנוגנט מיט די למודים אין קלאַס, וואָס האָבן אַליין געזוכט זיך ער־װאָרבן ידיעות, אַנטוויקלונג: אונזערע אינטערעסן זיינען גע־לעגן אין בוך. מיר פלעגן שטענדיק לייענען און טיילן זיך מיט אונזערע איינדרוקן פון לייענען.

כמעט אַלע אינגלאַך פון אונזער גרופּע האָבן ארויסגערופן באַשטימטע האָפנונגען, נאָר די מעלות פון זיי זיינען געווען פאַרשידן: איינער האָט זייער גוט אָנגעהויבן און שלעכט גע־ענדיקט, דער אַנדערער האָט זייער שנעל אויפגעבליט און גיך פאַרוועלקט, דער דריטער... נאָר זאָלן מיר רעדן וועגן יעדן איינ־ציקווייז, אַלס כאַראַקטעריסטישע טיפּן פון אונזער דור.

דער חבר, מיט וועלכן איך בין נאָענט געוואָרן באַלד ביי מיין אָנקומען אין גימנאַזיע, איז געווען יצחק בוך. ער איז געווען אין איין עלטער מיט מיר, נאָר אויסגעזען האָט ער אַביסל עלטער. אַ הויכלאַכע, שלאַנקע פיגור, קלוגע, קאַלטע אויגן, אַ סאַרקאַסטישער שמייכל. ער האָט באַלד פאַרנומען דעם פּלאַץ פון ערשטן שילער אין קלאַס, ביז ס'האָט זיך ניט געוויזן אַ קאָנקורענט, אַ מער באַגאַבטער פאַר אים, נאָר וויניקער אויס־געהאַלטענער, יאַאַכים, וואָס איז אריינגעטראָטן אין גימנאַזיע מיט אַ יאָר שפּעטער פאַר אונז, אין דריטן קלאַס.

בוך איז געווען אַ גאַנץ פּייאיקער, איבערהויפּט צו מאַטע־מאַטיק, און דערביי זיך געהיט ניט אריינצופאַלן. צו באַקומען די ריכטיקע אויסצייכנונג. צוליב אַן אינטערעסאַנט ביכל האָט ער דאָס מאַכן די לעקציעס ניט פאַרלאָזן. איך און ער זיינען געווען לויט אונזערע כאַראַקטערן צוויי היפּוכים, און אפשר

דערפאַר זיינען מיר געווען די בעסטע חברים און די בעסטע גוטע פריינד. פלעגט אונז אויסקומען צו דיסקוטירן וועגן דעם אָדער יענעם העלד פון די ליטעראַרישע ווערק, וועלכע מיר האָבן געלעזן, פלעגן זיך אונזערע געשמאַקן אָפּט פאַנאַנדערגיין: דאָס, וואָס פלעגט מיר געפעלן, פלעגט אים ניט געפעלן, און פאַרקערט; און דאָך זיינען מיר געווען שטאַרקע גוטע פריינד.

ווען מיר האָבן איבערגעלעזן פּאָמיאַלאָווסקי'ס ווערק „מאָלאָטאָוו" און „דאָס גליק פון מיעשטשאַנין" (פון קליינבירגער) איז ער אַנטציקט געוואָרן פון דעם סקעפּטיקער טשערעוואַנין, און אַ לאַנגע צייט האָט ער אים נאָכגעטאַנצט.

מיר איז טשערעוואַנין אויך געפעלן געווען, נאָר באַגייסטערט בין איך פון אים ניט געוואָרן.

נאָכ'ן דורכלעזן טשערנישעווסקי'ן ראָמאַן „וואָס טוט מען"? האָב איך געברענט, און ער איז געבליבן קאַלט; און דאָך איז ער מיט מיר אריין אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער האָט נאָכדעם באַרעכנט, אַז עס לוינט אים ניט צו בלייבן אַ רעוואָלוציאָנער, און ער איז ארויסגעטראָטן פון רעוואָלוציאָנערן קרייז, ניט רעכענענדיק זיך מיט קיינעם און מיט גאָרניט.

און אָט דער באַרעכנטער מענטש, מיט זיין קאַלטן שכל, האָט זיך זייער ניט קלוג אויסגעגליטשט אין לעבן. אין זיינע חשבונות האָט ער פאַרגעסן איין קלייניקייט: אַז אין מענטשלאַכן לעבן קאָן מען ניט נעמען אין אכט בלויז די לאָגיק, דעם שכל, נאָר מען מוז זיך רעכענען אויך מיט די געפילן פון מענטשן.

ער האָט, ענדיקנדיק די גימנאַזיע, זיך געשמד'ט, צוליב באַקומען די גיכע מעגלאַכקייט אריינטרעטן אין אוניווערזיטעט. ער האָט אין זיין טריט ניט באַרעכנט, אַז זיין שמד'ן זיך איז ניט נאָר זיינע אַ פּריוואַטע זאַך, און, אַז די קאָלעגן וועלן דאַרויף רעאַגירן. די קאָלעגן האָבן אים אויפגעהערט צו געבן די האַנט, אויסער צוויי: איך און חיים פינקלקרויט. מיר זיינען געווען צו אים צופיל צוגעבונדן, אַז מיר זאָלן זיין בכח געבן אים אַזאַ פּאַטש אין פּנים: טרעפנדיק זיך מיט אים, ניט געבן אים די האַנט. נאָר מיר פלעגן כל הפּחות אויסמיידן צו טרעפן זיך מיט אים.

און אַט דער קאַלטער מענטש, וואָס האָט, דוכט זיך, אין קיינעם זיך ניט געגוויטיקט, האָט זיך מיט אַמאָל ניט היימלאַך דערשפּירט. עס האָט אים מיט אַמאָל פאַרפעלט די פריינדלאַכע חבר׳שע סביבה.

ער האָט געזוכט זיך באַרואיקן צווישן אַ נייער, אַ רוסישער סביבה, נאָר אומזיסט! אים, דעם איד מיטן גרויסן שטאָלץ, האָט זיין נייע סביבה ניט געקאָנט פאַרבייטן זיין פריערדיקע, אידישע חברים־סביבה. ער האָט געקאָנט מאַכן אַ גרויסע קאַריערע — זיין טויף־פּאַטער איז געווען פּראָפעסאָר אין וואַרשאַווער אוני־ווערזיטעט און נאָכדעם קוראַטאָר פון ריגער ראַיאָן. נאָר ער האָט זי ניט געמאַכט, ער האָט זי ניט געוואָלט מאַכן; ער איז פאַר־וואָגלט געוואָרן אויף קאַווקאַז אַלס אַ געוויינלאַכער מיליטער־דאָקטאָר, און אין דער מלחמה געשטאָרבן אויפ׳ן קאַווקאַזער פראָנט.

דער חבר יאַאַכים, וואָס איז אריינגעטראָטן אין גימנאַזיע מיט אַ יאָר שפּעטער פאַר מיר, גלייך אין דריטן קלאַס, איז געווען אינגער פאַר אונז, נאָר באַגאַבטער. ער האָט באַלד אָנגעהויבן יאָגן בוכ׳ן, און אין פערטן קלאַס אים איבערגעיאָגט: ער איז געוואָרן ערשטער שילער, בוך — דער צווייטער.

ער האָט געשטאַמט פון טראָק, ווילנער גובערניע. ער האָט זיך אין וואַרשע אויפגעהאַלטן ביי זיינעם אַ פעטער, און זיין לאַגע איז ניט געווען באַזונדערס גלענצנד. דער פעטער האָט געהאַט אַ ווייב פון וואַרשע, אַ פּויליש־אידישע פרוי, און ביי איר אין שטוב איז געווען צירלאַך, מאַנירלאַך. ער פלעגט זיך דאָס רוב האַלטן פון דער ווייטנס פון זיין פעטער׳ס שטוב. אַ פריילאַכער, באַוועגלאַכער, אַ אינגערער פון אונז, איז ער געווען אונזער ליב־לינג.

נאָר אַט האָבן מיר באַשאַפן דעם רעוואָלוציאָנערן קרייז, און ער איז אויך אריינגעטרעטן אין אים. ער איז געווען פול טעטי־קייט, פול מיט אַרבעט. ער איז ביי אונז געווען דער ביבליאָטע־קאַר פון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור. כדי צו האָבן די מעגלאַכ־קייט פריי צו אַרבעטן, האָט ער זיך ארויסגעצויגן פון זיין פעטער, און איך — פון מיינע עלטערן. איך האָב זיך אין מיין צימער

פּאַרטיפּט אין לעזן ביכער, און ער האָט זיך אָנגעהויבן צוגרייטן אין זיין צימער ערגעץ אויף אַן אויבער־שטיבל צו טעראָריסטישע אַקטן: ער פלעגט קויפן פּאַטראָנען און קנאַלן מיט זיי, כדי צו־ געוואוינט ווערן צו די צוקונפטיקע שטאַרקערע קלעפּ.

אין 1887 יאָר בין איך אַוועקגעפאָרן קיין לאָדז און אַריינ־ געטראָטן אין אַן אַפּטייק. אין אַ מאָנאַטן דריי ארום האָט מען אונזער רעוואָלוציאָנערן קרייז אַרעסטירט. ס׳זיינען אַריינגעפאַלן די אַלע, וואָס האָבן זיך געפונען אין וואַרשע, אויסער איינעם, וויינבערגער, וועלכען אַלע האָבן געקענט אונטער׳ן נאָמען: „רודי״. די זשאַנדאַרמעריע האָט ניט געקאָנט געוואָר ווערן, ווי איז זיין אמת׳ע פאַמיליע.

יאָאַכימען האָט מען אויך אַרעסטירט. ער איז געווען דער אינגסטער אין קרייז, און דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט זיך געווענדט צו אים בזה הלשון: — „זאָגט אַליין, אָט איר, אַ יונגער אינגל (ער איז דאַמאָלסט אַלט געווען 17־18 יאָר), וועט זיך אַוועק־ שטעלן פאַר אַן עדה אַרבעטער, מענטשן פון באַיאָרטע, מענטשן פּראַקטישע, און איר וועט זאָגן זיי: — „איר גייט נאָך מיר, איך וועל אייך פירן, וואו מ׳דאַרף״...

דאָס אינגל האָט ניט אויסגעהאַלטן און האָט גערעדט מער, ווי מ׳דאַרף. ער האָט קיינעם ניט אַרויסגעגעבן, נאָר איבעריק רעדן טאָר מען ניט ביי דער זשאַנדאַרמעריע, און די חברים פון תפיסה האָבן זיך אויף אים אָנגעבלאָזן.

און דאָ, איינמאָל, טרעפט ער אין קלאָזעט אויף דער וואַנט אַן אויפשריפט מיט מיין פאַמיליע; דריי טעג האָט ער געפיבערט, קלערנדיק אַלץ, אַז מען האָט מיר אויך אַרעסטירט. מ׳וועט מיר רופן צום „דאָפּראָס״ און ער וועט ניט קאָנען זיך פריער מיט מיר פאַרשטענדיקן; נאָר ס׳האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז דאָס זיינען געווען ראשי־תבות פון אַ קאָנספּיראַטיווער ידיעה, וואָס האָט אויפגעשריבן, ווי דער דאַמאָלסדיקער שטייגער איז געווען, אויף דער וואַנד פון קלאָזעט איין חבר פאַר אַ צווייטן. און גראָדע זיינען די ראשי־תבות באַשטאַנען פון די בוכשטאַבן פון מיין פאַמיליע.

נאָך אַ יאָר פעסטונג האָט מען אים אַרויסגעלאָזן ביז׳ן משפּט.

זיין יונגער אָרגאַניזם איז געווען רואינירט דורך זיין טומלדיקער אַרבעט פאַר זיין אַרעסט. זיין רואינירטער אָרגאַניזם האָט ניט אויסגעהאַלטן זיין יאָר זיצן אין צענטן פּאַוויליאָן פון וואַרשעווער ציטאַדעל, און באַלד נאָך זיין באַפרייאונג האָט מען אים געמוזט אַוועקפירן אַ קראַנקן אין אידישן שפּיטאָל, וואָס האָט זיך דאַ־מאָלסט געפונען אויף פּאָקאָרנע גאַס.

איך בין גראַדע דאַמאָלסט געקומען פון לאָדז; און אָט באַ־קום איך אַ צעטל פון יאָאַכים, אין וועלכן ער שרייבט, אַז ער איז פריי און ליגט אין שפּיטאָל. ניט לאַנג קלערנדיק, לויף איך צום שפּיטאָל, און פאַר אַ גוטע מטבע לאָזט מען מיך אַריין, ניט קוקנ־דיק דאַרויף, וואָס עס איז געווען אַ צייט, ווען מען לאָזט ניט צו קיין געסט צו די קראַנקע. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער זיך פאַנאַנדערגעוויינט. ער האָט זיך גיך באַרואיקט און האָט מיר אָנגעהויבן צו דערציילן, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין פעסטונג. און דערציילנדיק, האָט ער באַקומען אַ געוואַלדיקע היסטעריקע. איך האָב געזען אים באַרואיקן; איך האָב אים גע־קושט, געהאַלזט, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן. מען האָט געמוזט רופן דעם דיזשורנעם דאָקטאָר. דער דאָקטאָר איז געווען זייער אויפגעבראַכט, וואָס מען האָט דערלאָזט צו אים אַ וויזיטאָר דאָן, ווען ער נויטיקט זיך אין פאָלשטענדיקער רו.

איך בין פון אים אַוועק אַ דערשלאָגענער; אַזאַ וואוילער, איבערגעגעבענער חבר, אַזאַ באַגאַבטער מענטש, אַזאַ רייכע נאַטור, און האָט זיך אַזוי פרי „אויסגעוויכניעט"... ער האָט אויף זיך גענומען אַ לאַסט, וואָס זיינע יונגע פּלייצעס האָבן ניט געקאָנט אַריבערטראָגן.

ער איז דאָך געזונט געוואָרן און איז אַוועקגעפאָרן אַהיים זיך אָפּרוען. און פון דאָרט האָט ער זיך אַריבערגעכאַפּט אין אַמעריקאַ. ער האָט דאָ געענדיקט דאָקטאָר.

איך בין אין אַמעריקאַ און מיר האָבן זיך ביידע געטראָפן. ביידע שוין מיט גרויע האָר, און שוין באַלד 60 יאָר אונטער די פּלייצעס (קיין סך פעלט אונז ביידע נישט צו 60 יאָר). איך האָב זיך געטראָפן מיט מיין אַלטן חבר, שאַרף געקוקט אויף אים, און געוואָלט אַרויסקוקן, וואָס איז מיט אים געוואָרן. איך האָב לאַנג

ניט באַדאַרפֿט וואַרטן: די גאַנצע צייט פֿון מיין וויזיט האָט מיין אַלטער חבר געפּונען פֿאַר נויטיק צו אַנטוויקלען איין געדאַנק: אַלץ איז „ביזנעס". איז אַ דאָקטאָר אַ סאָציאַליסט, זוכט ער פּראַקטיקע אין באַשטימטע ספערן; דאָס זעלבע איז אויך מיט'ן אַדוואָקאַט, און גלאַט אַן אינטעליגענט זוכט אַ „דזשאָב" ביי די אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס. אין בעסטן פאַל איז דער סאָציאַליזם אַ מיטל צו דערגרייכן אַ פּאָליטישע קאַריערע. אַ סך ווערן אַ דאַנק זייער סאָציאַליזם „פּאָליטישנס" — דאָס איז אויך ניט קיין שלעכטע „ביזנעס".

איך בין געזעסן און געקוקט אויף מיין חבר, וועלכער איז מיר אַמאָל געווען אַזוי טייער און נאָענט, און האָב געקלערט: וואָס שפּאַרט אים אַזויפיל צו רעדן וועגן די ביזנעס וואָס מען מאַכט דורך סאָציאַליזם, און דווקא אין מיין ערשטן וויזיט צו אים, נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך 36 יאָר ניט געזען... ניט אַנדערש, אַז אין טיפעניש פֿון זיין נשמה נאָגט נאָך עפּעס, עס בענקט זיך נאָך עפּעס אידעאַלעס. מיין קומען האָט זיין נאָגן אויפגעוועקט, און ער וויל איבערשרייען זיין אייגענעם געפיל.

עס זיינען געווען נאָך חברים וועלכע האָבן געשפּילט אַ קלענערע ראָלע ווי יאָאַכים, וועלכע האָבן זיך נאָך גיכער אויסגע־לאָשן ווי ער. זיי האָבן אָבער ביי אונז ניט אַרויסגערופן באַזונדערע האָפענונגען, זיי האָבן ניט געשפּילט ביי אונז אַ באַזונדער ראָלע, זיי זיינען בלויז געווען אונזערע מיטלויפערס.

אויף אייניקע פֿון זיי לוינט זיך אָפּשטעלן.

ברעגמאַן, — ער איז געווען אַ זון פֿון זייער אַ רייכן אידן. זיין פֿאָטער שפּילט נאָך עד היום אַ גרויסע ראָלע אין וואַרשע. ער איז ניט געווען קיין נאָענטער חבר אונזערער. נאָר ער פֿלעגט לעזן, און פֿלעגט אָפט בעטן ביי מיר ביכער. איידער מיר, נאָנטע חברים, האָבן אָרגאַניזירט אַ שילער ביבליאָטעק, פֿלעגט ער פֿער־זענלאַך קומען צו מיר נעמען ביכער און בעטן אָנווייזונגען, וואָס צו לייענען. איך געדענק, אַז איך האָב אים איינמאָל געגעבן נע־קראַסאָוו'ס לידער און אים געראָטן זיי גוט דורכשטודירן. איך האָב דאַמאָלס ניט געשטעלט זיך קיין פֿראַגע, וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט געהאַט דער רייכער אינגל צו נעקראַסאָוו'ן, דעם פּאָעט פֿונ'ם

רוסישן מוזשיק. דאַמאָלסט האָב איך אַזעלכע פראַגן ניט געקאָנט שטעלן: מיר האָבן געוואָלט שאַפן אַ באַשטימטע שטימונג צווישן יונגוואַרג, און נעקראַסאָוו איז געווען דער פּאָעט, וואָס האָט אַזאַ שטימונג געשאַפן. ברעגמאַן האָט פלייסיק געלעזן די שטימונגס־ביכלאַך און, לויט מיין ראַט, זיי אָנגעהויבן אפילו צו קויפן. מיט זיינע ביכער פלעגן מיר זיך אפילו באַנוצן צו פאַרשפּרייטן די שטימונג צווישן אַנדערע. מיר פערזענלאַך איז געפעלן געוואָרן דאָס, וואָס ער, דער זון פון גביר, פלעגט קומען צו מיר, אין מיין עלטערנס גאָרקיך, אויף מוראַנאָוו, און ער פלעגט זיך ביי מיר קוים איינבעטן, אַז איך זאָל קומען צו אים אַמאָל אין זיינע רייכע פּאַלאַצן, אויף קרולעווסקע גאַס. די רעוואָלוציאָנערע קאַריערע פון ברעגמאַנען האָט לאַנג נישט געדויערט. אונטער'ן דרוק פון די עלטערן האָט ער איבערגעריסן מיט אונז און זייער גיך פאַרשוואונדן פון אונזער האָריזאָנט.

ס'זיינען אויך געווען ביי אונז צוויי ברידער, קינדער פון פאַרמעגלאַכע עלטערן. זיי זיינען געווען נענטער צו אונז, ווי אַנדערע, פשוט דערפאַר, ווייל מיר זיינען געוואַקסן צוזאַמען מיט זיי פון צווייטן קלאַס אָן. זיי זיינען געווען אַ לענגערע צייט אונטער אונזער איינפלוס, זיי פלעגן אונז העלפן אין אונזער טעטיקייט. נאָכדעם זיינען זיי געוואָרן דאָקטוירים מיט אַ גרויסער פּראַקטיק; און ווען מיר האָבן זיך געטראָפן אין ערשטן יאָר פון דער וועלט־מלחמה אין מאָסקווע, האָבן זיי גאַנץ האַרציק געלאַכט פון אונזערע „קינדערשע חלומות".

אָט די חברים אונזערע זיינען געקומען צו דעם וועג, צו וועלכן זיי האָבן באַדאַרפט קומען. פון די אידעאַלן פון זייערע איינגערע יאָרן האָבן זיי זיך גיך אויסגעניכטערט און האָבן באַקומען דעם אמת'ן ריכטיקן פּרצוף זייערן: קינדער פון בעל־הבית'שע אידן זיינען זיי, נאַטירלאַך, געוואָרן בעלי־בתים — ווער אַ „בעל־הבית" אַ סוחר, ווער אַ „בעל־הבית" אַ דאָקטאָר, ווער אַ „בעל־הבית" אַ יוריסט, ווער אַ „בעל־הבית" אַן אַפּטייקער א. אַז. וו.

איך דערצייל וועגן פאַרענדיקטע קאַריערן. נאָר דאַן, ווען מיר זיינען געווען אין גימנאַזיע, זיינען מיר אַלע געווען יונג, און, ווי עס האָט אויסגעדאַכט, זיינען אַלע געווען באַגייסטערט מיט

הויכע אידעאַלן. איך רעד, פאַרשטייט זיך, וועגן די נאָנטע חברים. זייער ווייניק האָבן אויסגעהאַלטן דעם פּרואוו פון לעבן, זייער ווייניק זיינען געבליבן ביי זייער באַגייסטערונג, און דאָס איז גאַנץ נאַטירלאַך. ווי קומען קינדער פון א ריין־בורזשואַזער סביבה צו זיין פּאַרטיידיקער פון פרעמדע קלאַסן: פון פּויערים און אַרבעטער קלאַס?

געצייילטע מענטשן בלייבן טריי דעם גאַנצן לעבן זייערע אידעען פון די יונגע יאָרן, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס איז געגן זייערע פּערזענלאַכע אינטערעסן און אויך געגן די אינטערעסן פון קלאַס, פון וועלכן זיי שטאַמען.

אין באַשטימטע מאָמענטן פון דער געשיכטע קאָנען שוועבן אין דער לופטן פאַרשידענע אידעען און קאָנען אַריינכאַפּן א סך מענטשן, נאָר נישט אויף לאַנג: די רעאַלע אינטערעסן זיינען גובר.

און ווען איך וויל א קוק טאָן און דערמאָנען זיך וועגן א פּאָר פון אונזערע חברים, וועלכע זיינען אָפּגעשטאָרבן פּאַר וועלכע ס'איז העכערע אינטערעסן, זע איך פאַר זיך א מור'דיק גרויסן מאַראַלישן בית־עלמן.

און דאָך, ווען איך גיב א קוק מיט אַן אָביעקטיוון אויג אויף דער פאַרגאַנגענהייט, זע איך, אַז אונזער אַרבעט איז נישט פאַרלאָרן געגאַנגען אומזיסט. זי האָט געשאַפן א באַשטימטע אַטמאָספערע, וועלכע האָט זיך נאָכדעם אין די שאַרפע מאָמענטן פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן אַרויסגעוויזן. און אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס די, אויף וועלכע מיר האָבן ווייניק האָפנונג געלייגט, האָבן זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן.

ווען איך הייב אָן אין מיין זכרון אָביעקטיוו אדורכוואַרפן נאָך אַנדערע נעמען פון מיינע חברים און דערמאָן זיך די פאַקטן, וועלכע איך האָב געזען פון זיי אין שפּעטערדיקן לעבן, קום איך צו דער איבערצייגונג, אַז ס'איז נישט אַזוי טרויעריק.

די קערנער, וואָס זיינען פאַרזייט געוואָרן אין די יונגע יאָרן, האָבן געגעבן פרוכט ביי אַנדערע גראָד אין די שפּעטערדיקע יאָרן. און מיר איז נישט איינמאָל אויסגעקומען אין מיינע וואַנדערונגען, שוין אַלס באַיאָרנדער איד, טרעפן זיך מיט א חבר פון די יונגע יאָרן, וועלכן איך האָב קוים דערקענט, און וועלכער האָט געשפּילט

אַ באַדייטנדע געזעלשאַפטלאַכע ראָלע, אין גייסט פון די אידעאַלן פון אונזערע יונגע יאָרן, אין דעם ווינקל, וואו דאָס לעבן האָט אים פאַרוואָרפן. אויף זיי, די אַלטע חברים, איז געלגן דער שטעמפּל פון אונזער דור.

אויף אייניקע פון די פאַרשפּעטיקטע וויל איך זיך אָפּשטעלן.

לייזער צוקערמאַן — דאָס איז דער חבר, מיט וועלכן איך בין צוערשט נאָנט געוואָרן. איך האָב געוואוינט אויף מוראַנאָוו, און ער אויף נאַלעווקים. מיר זיינען, הייסט עס, געווען נאָנטע שכנים, און מיר פלעגן זיך זייער אָפט טרעפן. ער האָט געוואוינט אויף נאַלעווקים, אין קערנערס הויף, הייגט איז דאָס, דוכט מיר, נומער 39. דער הויף האָט געהאַט אַ גרויסן, פוסטן פּלאַץ הינטער זיך, וועלכער איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרען אויף קופּיעצקע גאַס. צו שפּילן אין „פּאַליאַנט" אויף דעם פּלאַץ איז געווען אַ פאַרגניגן: ס'איז געווען וואו צו פאַנאַנדערלאָזן זיך מיט די כחות. כל זמן מיר האָבן געשפּילט אין „פּאַליאַנט" און אין אַנדערע שפּילן, האָט לייזערס פאָטער אויף אונזער נאָנטקייט געקוקט גאַנץ געמיטלאַך. נאָר ער האָט גאַנץ גיך באַמערקט, אַז אויסער'ן „פּאַליאַנט" האָב איך נאָך אַנדערע אינטערעסן, וועלכע שלינג:ען מיר אַלץ מער איין.

לייזערס פאָטער, אברהם צוקערמאַן, איז געווען אַ איד אַ משכיל און, ראַכט מיר, אַ שטיקל העברעאישער מחבר, אַן אימי־גראַנט פון קאָוונער גובערניע. געקומען קיין וואַרשע זוכן ברויט און האָט געוואָלט געפינען ברויט און דאָס, וואָס האָט ביי אים אַזאַ חן געהאַט — דאָס בוך. ער האָט געעפנט אַ בוכהאַנדלונג ביי זיך אין וואוינונג, וואָס איז באַשטאַנען, אויף וויפיל איך גע־דענק, פון צוויי, העכסטנס, פון דריי צימערן מיט אַ קיך.

קינדערלאַך האָט ער געהאַט, ווי אַלע אידן, געַנוג. האָט ער פון זיין בוכהאַנדלונג די גאַנצע חיונה נישט געקאָנט ציען און האָט זיך געשאַפט נאָך אַ פּרנסה: ער האָט אָנגעהויבן צו מאַכן צו־קערקעס. האָט זיך אין זיין דירה'לע געפונען אַ בוכהאַנדלונג, אַ „פאַבריק" פון צוקערלאַך און זיין גאַנצע משפּחה.

אַ שווער, געמאַטערט לעבן, אַ ביטער געמיט...

פאַר זיינע קינדער האָט ער געוואָלט שאַפן אַן אַנדער לעבן:

זיינע אַלע קינדער האָט ער אַריינגעגעבן אין גימנאַזיע. בנוגע צו זיין עלטערן זון, משה, האָט ער זיך שוין פאַרנאַרט אין זיינע האָפנונגען. יענער האָט אַוועקגעוואָרפן די גימנאַזיע אינמיטן לערנען און אַוועקגעפאָרן רייזן איבער דער וועלט. פאַרפאַלן די חלומות פון אַ אידישן טאַטן, פאַרלאָרן די האָפנונג אויף דעם פּייאַיקן זון. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז פאַלש איז געווען זיין חשבון, אַז זיין זון וועט פאַרשפאָרן זיך אַזוי מאַטערן, ווי ער...

און איצט זיין אינגערער זון, לייזער. ער איז ווייניקער באַגאַבט פאַר דעם עלטערן, כאָטש אויך גאַנץ פייאיק. ער איז דערצו נאָך אַ ווייכער נאָכגיבער, און דאָ באַקומט ער אַ חבר, וועלכער שניידט זיך שוין אויף אַ שלעכטן וועג... און זיין פאָטער האָט מורא געקראָגן פאַר אונזער נאָענטקייט.

נאָר אומזיסט איז געווען זיין מורא: נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך בין געווען מיט לייזער'ן גוט באַפריינדעט, איז ער אויף מיין דרך נישט אַוועק. אים האָט געצויגן צו קונסט, צו שיינער ליטעראַטור, צו די אַלטע גריכישע און רוימישע שרייבער, צו פילאָזאָפישע פראַגן. ער האָט געלערנט די העברייאישע שפּראַך, ס'האָט אים אַביסל געצויגן צום ציוניזם; קורץ, ער איז נישט געווען קיין „קונד" פאַר מיינע רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען. וואָס מער איך בין אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דעם רעוואָלוציאָנערן שטראָם, אַלץ מער איז ער פון מיר דערווייטערט געוואָרן; אונזערע וועגן זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, כאָטש אונזער פּערזענלאַכע פריינטשאַפט איז נישט צעשטערט געוואָרן.

אַ מאָדנע זאַך: אָט דער ווייכער, נאָכגיביקער, גאַנץ ווייטער, אין די יונגע יאָרן, פון דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג, איז געוואָרן גאַנץ רעוואָלוציאָנער געשטימט אין די עלטערע יאָרן...

די מלחמה האָט אונז ביידע פאַרוואָרפן קיין מאָסקווע. מיר ביידע האָבן זיך דאָס גאַנצע לעבן געמאַטערט. און גראָד אין דער מלחמה האָט ביי אונז אַ שיין געגעבן די זון פון מאַטעריעלן מזל: אונז ביידע איז גוט אַוועקגעגאַנגען. עס זיינען געקומען די באָלשעוויקעס; און איך, נאָך אַ יאָר אונטער זייער ממשלה, האָב ביי זיך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די באָלשעוויסטישע רוס־לאַנד: די אָרדנונג, וועלכע די באָלשעוויקעס, האָבן איינגעפירט,

איז נישט געווען דאָס, וועגן וואָס איך האָב גע'חלומ'ט אין די יונגע יאָרן. איך בין דאַמאָלס נישט געניינט געווען צופּאַסן זיך צו דער נייער אָרדנונג.

אין אָקטאָבער, 1918, האָב איך אָפּגעשיקט מיין פאַמיליע קיין ביאַליסטאָק און האָב זיך געגרייט אַליין אין קורצן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד.

און מיין חבר לייזער, וואָס איז, צוליב דער מלחמה, אָפּגע־ריסן געוואָרן פון זיין ווייב און קינדער, וועלכע ער האָט זייער היים ליב געהאַט, האָט זיך אַלץ נישט געקענט אויסקלייבן אומ־קערן צוריק צו זיין פאַמיליע, נאָך עטלאַכע יאָרן וואַלגערן זיך אין דער פרעמד...

ער האָט געמאַכט מינץ. נאָר דערמיט אַליין דערקלערן זיין נישט פאָרן אהיים, לאָזט זיך נישט: ער איז אריינגעצויגן גע־וואָרן אין דעם רעוואָלוציאָנערן שטראָם פון באָלשעוויסטישן רוס־לאַנד און האָט, שוין אויף דער עלטער, אפשר איבערגעלעבט די באַגייסטערונג, וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט אין די יונגע יאָרן. דאָס, וואָס ער האָט נישט אויסגענוצט אין זיינע יונגע יאָרן, איז, אפנים, געלעגן טיף אין זיין נשמה, און דער צופאַל האָט עס אַרויס־געשלעפּט פון פאַרבאָרגעניש...

ער איז געוואָרן אַ פּועלי־ציוניסט און פאַרטיידיקער פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט.

מיר, אַלטע חברים, וואָס האָבן געהאַט זייער אַ סך געמיינ־זאַמע ערינערונגען, פלעגן זיך טרעפן זייער אָפט אין מאָסקווע, און מיט גרויס אינטערעס פלעג איך זיך צוקוקן צו דער עוואָלוציע, וואָס קומט פאָר ביי מיין חבר לייזער.

איך געדענק: איינמאָל, אין ווינטער 1918—19 יאָר, איז ער געזעסן ביי מיר אין וואַרים־געמיטלאַכן, שיין־מעבלירטן צימער און האָט דערציילט וועגן דעם באָלשעוויסטישן יום־טוב, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ טאָג פריער, אין וועלכן ער האָט גענומען אָנ־טייל צוזאַמען מיט זיין פּועלי־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; מיט באַגייסטערונג האָט ער גערעדט וועגן די נייע האָריזאָנטן, שע־מעוודיק אביסל, מורא־האָבנדיק, אפנים, אַז איך וועל אים נישט איננאַנצן טרויען. ער איז אינגער געוואָרן און פילט זיך אַ סך

געזינטער — האָט ער מיר געזאָגט; און דאָס איז געווען קענטיק אויף זיין פּנים. איך זיץ קעגן אים, קוק אויף זיין לייכטענדן פּנים און שריי אויס: „הער זיך איין, לייזער, מיר האָבן זיך גע־ביטן מיט די ראָלן!"...

ער האָט זיך אַלץ מער און מער דערנענטערט צו די באָל־שעוויקעס און האָט באַקומען ביי זיי אַ שטעלע ביי זיין געליבטער אַרבעט: אין אַ ביכער־פאַרלאַג. ער האָט באַקומען אַ פאַר־אַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אין אַזוי גערופענעם „צענטראָפּיעטשאַט" און איז זוכה געווען צו האָבן אַ „דאָקלאַד" ביים פּאָרזיצענדער פון „איספּאָלקאָם", ביים באַרימטן סווערדלאָוון...

און אָט אַן איראָניע פון מזל: ער איז פּריצייטיק געשטאָרבן מיט אַ טראַגישן טויט: ער איז געשטאָרבן פון טיפוס אין דער מאָסקווער „טשרעזוויטשייקע".

„אונטער אַן אומגליקלאַכן שטערן איז ער געבוירן געוואָרן": געשטרעבט זיין גאַנץ לעבן צו ווערן אַ גרויסער פאַרלעגער, גע־מאַכט פאַרשידענע פאַרלעגערישע פּרוּבן, און אַלץ נישט געלונגען. דער דוחק אין געלט האָט אים געשטערט צו ענדיקן דאָס, וואָס ער פלעגט אָנהייבן, און נישט דערלאָזט אָנהייבן דאָס, וואָס ער האָט אָנגעמערקט.

ער האָט אַ סך ביכלאַך ארויסגעגעבן אין רוסיש וועגן דער אַזוי גערופענער אידישער פראַגע אין באַלויכטונג פון גרויסע מענטשן ניט־אידן; ער האָט ארויסגעגעבן אין אידיש אַ סעריע ביכלאַך פון דר. גאָטליב וועגן געזונטהייטס־פראַגן, אונטער'ן נאָמען: „זייט געזונט"; לעוונערס „אידישע לעגענדן" אין רוסישן און נאָך אַנדערע. דאָס אַלץ האָט ער באַשאַפן מיט גרויס מי און מאַטערניש און אין גרויס דחקות...

ער איז נישט געווען אויסגעהאַלטן, שטאַנדהאַפט, ער האָט אָבער געהאַט גרויס געשמאַק פון אַן אמת'ן איינראָפּעאישן פאַר־לעגער. דערביי איז ער געווען אַן אינטעליגענט אין אמת'ן זין פון דעם וואָרט; און פון אים וואָלט געקאָנט ווערן איינער פון אונזערע שענסטע פאַרלעגער.

נאָר אים איז נישט באַשערט געווען צו ווערן דאָס, צו וואָס ער איז באַרופן געוואָרן... ער האָט שוין פאַר זיין טויט באַקומען

גרויסע מיטלען צו גרינדן אַ פאַסיקן פאַר אים פאַרלאַג, און אַרי־בערפאָרנדיק מיט זיי אין ווארשע, וואָלט ער ביכולת געווען צו שאַפן אַ גרויסע פאַרלעגערישע פירמע, האָט אָבער דער שרעק־לאַכער טויט אַלץ איבערגעריסן.

פאַר זיין טויט האָט ער נאָך באַוויזן אַרויסצוגעבן אין רו־סישן דעם ערשטן העפט פון לאַזינסקים גרויסע אַרבעט: „דער אַנטייל פון אידן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג“. און דאָס איז געווען זיין לעצטער שוואַנען־ליד.

דער חבר קרינסקי איז נישט געווען באַגייסטערט מיט אונזערע אידעען. ער איז גלאַט געווען אַ פריילאַכער בחור און אַ גוטער חבר. ער געהערט צו די מענטשן, וואָס קאָנען זיך צופּאַסן צו אַלע סביבות און זיך איינלעבן מיט זיי אַזוי, אַז זיי זאָלן זיך דאָרט פילן, ווי אייגענע מענטשן. מיר האָבן זיך מיט אים גע׳חבר׳ט. ער פלעגט לעזן אונזערע ביכלאַך, זיין אין קורס פון אונזערע פראַגן, נאָר צו־פיל מיט זיי באַנעמען זיך, איז נישט געווען אין זיין נאַטור. ער האָט געקאָנט כאַפן אַ טענצל און האָט געהאַט ערפאָלג ביי פרויען.

און אָט בין איך אין לאָדז אין אַפּטייק, און קרינסקי — אויף אַ שטעלע ביים באַוואוסטן פאַבריקאַנט פּאָזנאַנסקי. ער איז איינמאָל געפאָרן קיין ווארשע און איך האָב אים געבעטן צו ברענגען פאַר מיין קרייז אַרבעטער עטלאַכע פוילישע ביכער, וואָס זיינען אַרויס אין קראָקוי און ניט ערלויבט אין רוסלאַנד. איך האָב אים געגעבן אַ בריף צו אַ חבר, און יענער האָט אים געגעבן דאָס פעקל ביכער מיט אַ בריף צו מיר.

ווען ער איז געפאָרן פון ווארשע צוריק קיין לאָדז האָט זיך לעבן אים אין וואַגאָן אַוועקגעזעצט אַ זשאַנדאַרם. קודם כל איז ער אַרויס אין קלאָזעט, האָט צעריסן דעם בריף און אים אַרויסגעוואָרפן. ער איז אַריין צוריק אין וואַגאָן, זיך אַוועקגע־זעצט אויף זיין אָרט, פאַנאַנדערגעבונדן זיין פעקל און האָט אָנ־געהויבן צו איבערקוקען די ביכער. דער זשאַנדאַרם האָט אויס־געפרעגט, וואָס פאַר אַ ביכער זיי זיינען. קרינסקי האָט אים דערציילט וועגן די ביכלאַך, וואָס ס׳איז נאָר אים אין קאָפּ אריינ־געפאַלן. קאָנטראָלירן זיינע רייד איז דער זשאַנדאַרם ניט אימ־שטאַנד געווען, ווייל ער האָט קיין וואָרט פויליש נישט געקענט.

נאָר קרינסקי האָט זיך מיט אים אַזוי פריינדלאַך פאַנאַנדערגע־שמועסט, אַז דעם זשאַנדאַרם איז גאָרניט איינגעפאַלן, אַז דער יונגערמאַן פירט ניט קיין כשר'ע ביכער. ווען קרינסקי האָט מיר געבראַכט די ביכער, האָט ער מיר געזאָגט: עס קומט אייך דאָך נישט לייכט אָן צו טראַנספּאָרטירן אומלעגאַלע ביכער. דעם בריוו האָב איך געמוזט צערייסן: אַז מען פּאַקט מיט אַ בריוו, איז אַ פּאַסקודנע מעשה; פון די ביכער וואָלט איך זיך שוין, ווי עס איז, אַרויסגעדרייט זיך".

אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד איז גוט באַקאַנט דער טיפּ אינטעליגענט, וועלכער, נישט זייענדיק אַליין רעוואָלוציאָנער, פלעגט זייער באַהילפיק זיין די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. מען פלעגט זיי רופן סימפּאַ־טיקער. און זיי, די סימפּאַטיקער, זיינען אָפט געווען מער העל־דיש, ווי אַנדערע רעוואָלוציאָנערן אַליין.

נאָך אַ מערקווירדיקער טיפּ איז געווען דער חבר ראַאבע. ער האָט זיך צווישן אונז געדרייט, שטאַרק געלעזן, נאָר מיר האָבן אַבסאָלוט פון אים קיין אַקטיווע באַציאונג צו אונזער טעטיקייט ניט געזען.

נאָך דער ערשטער רעוואָלוציע פון יאָר 1905 האָב איך זיך אומגעקערט קיין וואַרשע נאָך אַ לענגערער אָפּוועזנהייט און ווער געוואָר, אַז איינער פון די פּאָפּולערסטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעדנער אויף די מיטינגען איז מיין אַמאָליקער חבר, אַ זון פון זייער אַ רייכן פּשוט'ן אידן און אַליין אויך שוין אַ רייכער מענש. דאָס איז געווען ראַאבע.

איך האָב איבערגעלעבט דריי רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד און האָב געזען, אַז די אַרבעט, וועלכע אונזער דור האָט אָנגע־פירט, איז ניט פאַרלאָרן געגאַנגען. אין די רעוואָלוציעס האָבן זיך אָפּגערופן מענשן, וועלכע זיינען צוזאַמען מיט אונז אריינגע־צויגן געוואָרן אין באַוועגונג און וועלכע זיינען זייער גיך אָפּגע־לאָשן געוואָרן. ווען ס'איז אָבער געקומען די באַשטימטע צייט, האָט זיך ביי זיי אויפגעפלאַקערט דאָס, וואָס מען האָט איינגע־פלאַנצט אין די יונגע יאָרן. דאָס האָבן מיר געזען אין דער

ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר און אין די צוויי רעוואָלוציעס פון 1917 יאָר.

* * *

מיט וואָס זיינען מיר געווען פאַרנומען אין צייט פון אונזער לערנען אין גימנאַזיע? אונזער צייט האָט זיך געטיילט אין צוויי צוויי טיילן: ביז מיטאָג אין גימנאַזיע — אַ לאַסט, וואָס מען באַדאַרף אָפּ׳פּטר׳ן; אין צווייטן טייל פון טאָג האָבן מיר גע־לעבט מיט פאַרשיידענע אַנדערע אינטערעסן. געלערנט האָבן מיר נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל עס איז נויטיק געווען, כדי ניט צו בלייבן אויפן צווייטן יאָר אין זעלבן קלאַס.

געקומען פון גימנאַזיע, פלעגט זיך פאַר אונז אָנהויבן אַ נייע וועלט: אַ פרייע, ניט געשטערטע דורך קיינעם. די עלטערן פלעגן זיך ניט מישן אין אונזערע עסקים. זיי זיינען געווען איבערצייגט, אַז מיט דעם מאָמענט, וואָס זיי האָבן אָפּגעגעבן זייערע קינדער אין גימנאַזיע, האָבן זיי שוין אָפּגעטאָן אַלץ, וואָס האָט זיך געפאָדערט פון זיי...

מישן זיך אין אונזערע למודים האָבן זיי אויך ניט געקאָנט; געלערנט האָבן מיר אַזעלכע געגנשטאַנדן, וועגן וועלכע זיי האָבן קיין באַגריף ניט געהאַט, און אין אַזאַ שפּראַך, וואָס זיי האָבן ניט געקענט. מיר און אונזערע עלטערן זיינען געווען צוויי וועלטן אונטער איין דאַך, און יעדער האָט געלעבט זיין אייגענעם לעבן.

די עלטערן, פאַרהאַוועט אין זייערע עסקים, אין האַנדל־וואַנדל, אין פאַבריקאַציע מיט פרעמדע הענט. מיר — אין ביכער, אידייען, אידעאַלן, לויט וועלכע דאָס טואַכץ פון אונזערע עלטערן האָט ניט געקאָנט געהערן צו זייער שיינע באַשעפטי־קונגען. אין אַנדערע הייזער האָט זיך מיט דער צייט באַקומען אויף דעם באָדן אַן אמת׳ער גהינם. די מייסטע אָבער פון אונז האָבן געלעבט בשלום מיט די עלטערן, אויסער די איינצלנע פאַלן, ווי למשל, ווען מען פלעגט „פּאַקן" אַ 2 אויפן קוואַרטל, אָדער ווען עס פלעגט געשען עפּעס אַן אויסערגעוויינלאַכער פאַקט.

איך פערזענלאַך האָב סוף כל סוף געמוזט אַרויסציען זיך פון מיינע עלטערן און דינגען זיך אַ צימער ביי פרעמדע, כדי

ניט צו זיין געשטערט אין מיין טעטיקייט. דאָס האָט זיך מיר ליכט ניט איינגעגעבן; איך האָב געמוזט קעמפן פאַר מיין פריי־הייט, פאַר מיין רעכט צו טאָן, וואָס איך וויל.

ענדלאַך האָט מיין פאָטער נאָכגעגעבן, נאָר איך האָב געמוזט דינגען אַ צימער בשותפות מיט אַ באַקאַנטן אידן פון מיינע על־טערן. ער האָט דאָס געזאָלט השגחה געבן אויף מיין אויפ־פירונג.

אַ צימער האָב איך געדונגען אויף גענשע גאַס, ניט ווייט פון מיינע עלטערן. דעם ערשטן אָוונט בין איך געזעסן ביי זיך אין צימער, און געקליבן נחת פון מיין „איינזאַמקייט". קומט אינמיטן אריין מיין מוטער מיט אַ פעקעלע פון אַ באַקעליי־קראָם — דאָס האָט זי מיר געבראַכט צו חנוכת־הבית: איר מוטער־געפיל האָט ניט געקאָנט לאָזן מיר אָן אַ ברכה אויפן נייעם וועג...

מיין שכן פלעגט זעלטן זיין ביי מיר אין צימער, דאָך איז ער געווען פאַר מיר אַן איבעריקער עדות, און איך האָב געטאָן אַלץ, כדי פון אים צו פטור ווערן. איך בין אים אַזוי „דער־גאַנגגען די יאָרן", אַז ער איז איינמאָל שטאַרק אין כעס געוואָרן און האָט מיר געזאָגט: „איך וויל דיך ניט קאָנען! איך צי זיך ארויס פון צימער"... פון גרויס פרייד האָב איך זיך געוואָלט כאַפּן קושן מיט אים, און ער, אַן אויפגעבראַכטער, איז אַוועק און אַ טראַסק געטאָן מיט דער טיר; אין זעלבן טאָג האָט מען זיינע זאַכן צוגענומען פון צימער. איך בין געוואָרן אַ פולשטענ־דיק פרייער מענטש, און מיין צימער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין זאַמל־פונקט פאַר די נענטערע חברים.

איינמאָל, שבת, קום איך צו די עלטערן מיטאָגן. איך זע: מיין מוטער איז אַ פאַרוויינטע, און מיין פאָטער אַביסל בלאַסלאַך, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם נאָז. אין פלוג האָב איך זיך דער־שראָקן און פרעג, וואָס איז געשען?

— מען וועט דיר שוין הענגען! — האָט מיין פאָטער גע־זאָגט.

— פאַר וואָס? — האָב איך אַ פאַרוואונדערטער געפרעגט. ענדלאַך בין איך געוואָר געוואָרן פון אַזאַ מעשה: דער

פאָטער איז געווען ביי מיר אין צימער און ער האָט אַ קוק געגעבן אין מיינע חפצים, האָט ער געפונען, צווישן אַנדערע זאַכן, אַ העקטאָגראַף. דאָס האָט אים אַזוי איבערגעשראָקן, אַז ער איז באַלד אוועקגעלאָזן אהיים, און דערציילט דאָס דער מוטער. איך האָב מיינע עלטערן געמוזט צוזאָגן, אַז דעם העקטאָגראַף וועל איך ביי זיך שוין מער ניט האַלטן. איך האָב מיין וואָרט געהאַלטן, און אינ׳ם זעלבן אָוונט איז דער העקטאָגראַף אַריבערגעטראָגן געוואָרן צו אַ צווייטן חבר.

מיר זיינען געווען פאַרטיפט אין אונזערע אייגענע אינטערעסן, און אונז האָט אַבסאָלוט ניט אָנגעגאַנגען, וואָס אַרום אונז טוט זיך.

מיר האָבן פון אָנהויב ניט געהאַט קיין באַזונדערע שילעראָרגאַניזאַציע. אונזער גרופּע איז געווען אַ נאַטירלאַכער קרייז פון חברים, וואָס האָבן געהאַט אַ סך געמיינזאַמע אינטערעסן. איך האָב אין קרייז געשפּילט די ראָלע פון דעם פּלאַן־געבער, און מיין חבר בוך — דער פּלאַן־באַטראַכטער; איך בין געווען די דינאַמיק, די טרייב־קראַפט פון אונזער חבר׳שע גרופּע, און דער חבר בוך — די סטאַטיק, די גלייכגעוויכט־קראַפט.

משונה׳דיקע פּלענער פּלעגן מיר אַמאָל איינפאַלן. נאָך אין צווייטן קלאַס, ווען „זשול ווערן" איז נאָך געווען פריש אין זכרון (איך האָב אין דער צייט פון פעריען פון ערשטן אין צווייטן קלאַס דורכגעלעזן גאַנץ זשול ווערן), איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן צו אָרגאַניזירן אַ מין חיל פאַר אונזערע חברים, וועלכע האָבן באַדאַרפט אויספירן וועלכע ס׳איז העלדישע טאַטן. און אַזוי ווי קיין קאָנקרעטע אויפגאַבן האָב איך אַרום זיך ניט געקאָנט געפינען, און אַזוי ווי דאַמאָלסט האָט זיך זייער געטומלט מיט חיבת ציון, האָב איך פאַרבונדן דעם פּלאַן פון שאַפן אַ שילער־אַרמיי מיט דער אידייע פון חיבת־ציון. די אַרמיי האָט געזאָלט איינגעמען פּאַלעסטינע און אונזער חבר׳שע גרופּע האָט געזאָלט דינען פאַר אַ קערן פאַר דער צוקינפטיקער אַרמיי.

איך האָב אויפגערופן מיינע חברים אויפן אַזוי גערופענעם „קריגס־פּלאַץ", וועלכער געפינט זיך נעבן ציטאַדעל. די חברים זיינען זיך צוזאַמענקומען, און איך האָב ערקלערט מיין פּלאַן.

סקעפּטיש צו דעם פּלאַן האָט זיך באַצויגן איינער אַ חבר פון אוקראַינע. דאָס איז געווען איינער פון אונזערע קליגסטע חברים. ער האָט זיך באַמיט צוקלאַפּן מיינע פאַנטאַזיעס. נאָר מיט מיר האָט מיטגעשטימט, אפילו גאַנץ פּאַסיוו, דער חבר בוך, און דער פּלאַן איז מיט באַגייסטערונג אָנגענומען געוואָרן.

דאָ באַלד איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרואוו פון אַ שלאַכט מיט די שקצים, וואָס האָבן זיך דאַמאָלסט געפונען אויפ'ן קריג־פּלאַץ. פון דער שלאַכט זיינען די שקצים אַנטלאָפן מיט חרפּה: מיר האָבן געזיגט.

די שקצים האָבן אָבער ניט אינגאַנצן אָוועקגעוואָרפן דאָס געווער. זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט און האָבן אונז, אין עטלאַכע טעג אַרום, געמאָלדן קריג. דיביידע „חילות" זיינען זיך צוזאַ־מענגעקומען. עס איז געבליבן ביי ביידע צדדים צו פאַרענדיקן דעם שטרייט מיט אַ דועל פון צוויי אויסגעקליבענע פאָרשטייער פון ביידע חילות, אויפן מוסטער פון די פלשתים מיט די אידן. פון אונזער זייט בין איך אַרויסגעטראָטן. ביידע געגנער האָבן זיך אַוועקגעשטעלט איינער קעגן דעם אַנדערן, ווי צוויי הענער. די ביידע חילות זיינען געשטאַנען און געקוקט אויף דער סצענע. מיר האָבן זיך צעקלאַפּט, נאָר קיינער איז ניט געבליבן קיין זיגער, און מיר האָבן אָפּגעלעגט אויף אַ צווייטן מאָל.

נאָכדעם האָט מיין פּלאַן אָנגעוואָרן דעם גאַנצן חן: ס'איז אַ קנאַפּע העלדנטאַט צו שלאָגן זיך מיט שקצים פון „קריגס־פּלאַץ". איך האָב גע'חלום'ט אָבער נאָר וועגן העלדנטאַטן.

דער עצם־ענין פון ארץ־ישראל איז מיר געווען גאַנץ פרעמד. צוקונפטיקע העלדישע טעטיקייט פאַר ארץ־ישראל איז אַזוי ווייט געווען, און די איצטיקע פאָרברייטונגס־טריט זיינען אַזוי פּראָ־זאַאיש אַרויסגעקומען, אַז איך האָב אַליין באַשלאָסן דעם גאַנצן פּלאַן ליקווידירן; אַגב איז אייגנטלאך ניט געווען, וואָס צו ליק־ווידירן. מיר האָבן מער וועגן דעם ניט גערעדט.

די צווייטע פּרואוו פון אָרגאַניזירן די שילער אַרום אַ באַ־שטימטע אַרבעט, צוליב אַ באַשטימטן צוועק, איז געמאַכט גע־וואָרן אין אַ יאָר אַרום, אונטער אַ זייטיקן איינפלוס. ווען איך בין געווען אין דריטן קלאַס.

אין דער צווייטער גימנאַזיע, וואָס האָט זיך געפונען אויף נאָוואָליפּקע און וואָס איז אויך געווען פאַרפולט מיט אידן, איז צווישן די מער אנטוויקלטע שילער פון פינפטן און זעקסטן קלאַס אויפגעשוואומען אַ פּלאַן צו ארויסגעבן אַ שילער־זשורנאַל, פאַרשטייט זיך, אין רוסיש. די רעדאַקציע פון זשורנאַל האָט זיך געווענדט צו מיר, אַלס אַ מער־אנטוויקלטן שילער, צו געבן אַן אַרטיקל פאַר'ן זשורנאַל. איך האָב צוגעשיקט אַן אָנהויב פון אַ דערציילונג, וואָס האָט געזאָלט הייסן, אויף וויפיל איך געדענק: „דער יתום". אַ גוט באַקאַנטער שטאַם־גאַסט פון מיינע עלטערנס גאָרקיך האָט מיר אַמאָל דערציילט זיין ביאָגראַפיע, און זיין דערציילונג האָט מיר באַגייסטערט צו מאַכן דערפון אַ ווערק.

די שפּעטיקע נאַכט אין שטאָט פינסק. קיין דורכגייער זעט מען ניט. אַלץ שלאָפט. אין די הייזער איז פינסטער, נאָר אין איין הייזל זעט זיך אַ ליכט. דאָרט גוסס'ט אַ שווערער קראַנקער, דעם העלד'ס פאָטער. דער העלד פון דער דערציילונג איז פאַר'יתום'ט געוואָרן, די משפחה איז רואינירט געוואָרן, און דער העלד מוז פאָרן זוכן פרנסה אין די וויטע מקומות, אין די גרויסע שטעט.

דער העלד איז אויפן שיף, וואָס פאָרט פון פינסק קיין קיעוו. דער טייך דניעפּער, זיינע שיינע ברעגן, די אוקראַינער נאַטור, די שטאָט קיעוו.

דאָס איז אין קורצן דער אינהאַלט פון ערשטן קאַפּיטל פון מיין דערציילונג. איך געדענק ניט אפילו, ווי איך האָב אַ נאָמען געגעבן דעם העלד, נאָר דעם אינהאַלט געדענק איך גענוי. אויסער די סצענע ביים חולה'ס בעט, זיינען אין דער דערציילונג ניט געווען קיין אויסגעטראַכטע זאַכן; די אוקראַינישע נאַטור, דעם טייך דניעפּער, קיעוו האָב איך מיט מיינע אויגן געזען, דעריבער זיינען זיי ארויסגעקומען גאַנץ לעבעדיק.

מיין דערציילונג האָט געמאַכט אַ רושם. זי איז געווען אָפּגעדרוקט נאָכן לייט־אַרטיקל. די לעזער האָבן איר געפונען פאַר דער אינטערעסאַנטסטער זאַך פונ'ם גאַנצן זשורנאַל. די רעדאַקציע האָט זיך געווענדט צו מיר, איך זאָל צושטעלן די פאָר־

זעצונג פון דער דערציילונג. נאָר דעם המשך איז ניט באַשערט געווען צו זען די ליכטיקע וועלט. דעם זשורנאַל האָט „נאַטשאַל־סטוואָ" פון גימנאַזיע געפּאַקט; דער איניציאַטאָר פון זשורנאַל און גלייכצייטיק דער מחבר פון פּאַמפלעט אויף די לערער, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין ערשטן נומער, איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון גימנאַזיע און זיין קאַריערע איז אינגאַנצן צעשטערט געוואָרן.

איך האָב אפילו ניט באַוויזן אָנצושרייבן דעם המשך פון מיין דערציילונג. דעם אמת גערעדט, בין איך געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט מיט מיין שאַפונג. צום ערשטן און צום לעצטן מאָל האָב איך „געזינדיקט" מיט בעלעטריסטיק. איך האָב אינסטינקטיוו געפילט, אַז אויב איך האָב יאָ אַ וועלכן ס'איז חוש צום שרייבן, וועט עס יעדנפאַלס ניט אויסדריקן זיך אין דער שיינער ליטעראַטור... איך האָב אַליין געקליבן זיך אַוועקזעצן צו מיין דערציילונג, און דאָ האָט געטראָפן דאָס אומגליק. בין איך שוין במילא פּטור געוואָרן פון ברעכן זיך דעם קאָפּ צו שאַפן נייע בילדער.

דער זשורנאַל אַליין איז אָבער געווען אַ גרויסער שאָד. אַרום זשורנאַל האָט זיך געשאַפן אַ לעבהאַפטע אָרגאַניזאַציע, און דאָ איז מיט אַמאָל אַלץ צעשטערט געוואָרן.

די שילער פון דער צווייטער גימנאַזיע זיינען געווען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז וועגן שאַפן אַ נייעם זשורנאַל ביי זיי האָט שוין קיין רייד ניט געקאָנט זיין. האָב איך זיך גענומען צו שאַפן ביי אונז אין גימנאַזיע אַזאַ זשורנאַל. די חברים איז די אידייע געפעלן געוואָרן און אין גיכן איז ערשינען דער ערשטער נומער פון זשורנאַל. דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל בין איך געווען. איך בין אויך געווען דער מחבר פון לייט־אַרטיקל און פון פעליעטאָן, וואָס האָט געזאָלט פאָרשטעלן די לערער און זייער פּעדאַגאָגישע טעטיקייט. מיין גאַנצן כעס האָב איך אויסגעלאָזן, פאַרשטייט זיך, צום לערער לעבעדיעוו: ער איז ביי מיר אויסגעקומען גענוג שוואַרץ.

אונזער זשורנאַל האָט קיין לאַנגע יאָרן ניט געהאַט: ס'האָט

ביי אונז אויסגעפעלט „ליטעראַרישע" כחות. מער ווי איין נומער איז פון זשורנאַל ניט ארויסגעגאַנגען.

די און נאָך אַנדערע פּרואוון צו שאַפן אַ שילער־אָרגאַניזאַציע איז ביי מיר געווען אַ סטיכישער אויסדרוק פון די געבוירענע אינסטינקטן פון אַ געזעלשאַפטלאַכן טוער און זיי האָבן צום סוף געבראַכט מיר צו אַ סיסטעמאַטישער געזעלשאַפטלאַכער ארבעט צווישן די שילער.

דאָס שטענדיקע זוכן פון ביכער און דאָס צופעליקע באַקומען אַ גויטיקן בוך איז נמאס געוואָרן. באַזונדער איז מיר שווער געוואָרן, זינט איך האָב באַקומען אַ סיסטעמאַטישן קאַטאַלאָג מיט אָנווייזונגען, וואָס פאַר אַ ביכער און לויט וועלכן סדר מען דאַרף לייענען. דער קאַטאַלאָג איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אין אַ באַשטימטער ריכטונג. מיין גאַנץ ווערן האָט זיך צו דער ריכטונג געצויגן און מיין גאַנצעם לעזן איז געווען צו דער ריכ־טונג צוגעפּאַסט, נאָר די צופּאַסונג האָט געטראָגן ניט קיין סיסטעמאַטישן, נאָר אַ צופעליקן כאַראַקטער, און אַ דאַנק דעם קאַטאַלאָג האָב איך געקאָנט אין מיין לעזן אריינטראָגן אַ באַ־שטימטן סיסטעם, אַ באַשטימטן סדר. דער קאַטאַלאָג אָבער האָט מיר געבונדן אין אַ באַשטימטן זין: איך פלעג שוין ניט וועלן לעזן קיין ביכער, וואָס זיינען ניט געווען אָנגעמערקט אין דעם קאַטאַלאָג. אויסצופירן אַזאַ לעזן — דווקא פון די ביכער, וואָס זיינען אָנגעמערקט געוואָרן אין קאַטאַלאָג — איז געווען אַ שווערע זאַך.

אַ צייט האָב איך ווי־ניט־איז געמיטלט זיך. איך פלעג צו־רעדן מיינע פאַרמעגלאַכע חברים צו קויפן די אָדער יענע ביכער, און איך פלעג זיי דער ערשטער דורכלייענען. גליקלאַך, געדענק איך, בין איך געווען, ווען מיר האָט זיך איינגעגעבן צו באַוועגן מיינע חברים, די ברידער ראָזענבליום, צו קויפן דאָבראָליובאָוו'ס ווערק. מיט אַמאָל אַזאַ אוצר!... נאָר ניט אַלעמאָל פלעגן מיר אַזעלכע זאַכן זיך איינגעבן; און איך פלעג אַ סך בענקען נאָך אַ בוך, וואָס פלעגט מיר פעלן צום סדר פון לעזן און וועלכען איך פלעג ניט קענען באַקומען אין די הענט אריין.

האָב איך שטאַרק אָנגעהויבן צו קלערן וועגן אָרגאַניזירן אַן

אייגענע שילער־ביבליאָטעק. די ביבליאָטעק איז מיר געווען נויטיק ניט נאָר פאַר מיין לעזן, נאָר אויך פאַר די אומזיסטע תלמידים און תלמידות, וואָס איך און מיינע חברים האָבן געהאַט. אויך איז די ביבליאָטעק געווען נויטיק פאַר די אָפּגעשטאַנענע חברים, וועלכע מען האָט באַדאַרפט אריינציען אין לעזן.

איך האָב געהאַט אביסל ביכער, יעדער פון מיינע נעגטערע חברים האָבן געהאַט ביכער, צוזאַמענקלייבן זיי אין איין אָרט, פון וואַנען מען זאָל קאָנען זיי ארויסגעבן, און נאָכדעם צוקויפן די ביכער, וואָס וועלן אונז פעלן, איז פאַר אונז געווען ניט פון די שווערע זאַכן.

קאַניקול, פון דריטן און פערטן קלאַס, ווען איך האָב באַזונדערס אינטענסיוו געלעזן, האָב איך פאָרגעלעגט מיינע חברים צו גרינדן אַזאַ ביבליאָטעק. מיר האָבן אויף איין אָוונט אויפגערופן א פאַרזאַמלונג צו גרינדן אַן אייגענע שילער־ביבליאָטעק. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין דירה פון חבר בוך, וועלכער האָט דאַמאָלסט געוואוינט אין א דורכגאַנגס־הויף פון דלוגע צו קראַשינסקיס גאָרטן.

די גרינדער פון דער ביבליאָטעק זיינען געווען די, וואָס האָבן באַלד איינגעשטימט אָפּצוגעבן זייערע ביכער אין אַלגעמיינעם רשות. דאָס זיינען געווען, פאַרשטייט זיך, די נעגטערע חברים. די איבעריקע חברים, וואָס האָבן זיך נאָך ניט געקאָנט באַשליסן אויף אַזאַ שריט, זיינען פאַררעכנט געוואָרן דערווייל פאַר געסט.

אין גרויסן זאַל פון מיין חבר בוך׳ס דירה איז אוועקגעשטעלט געוואָרן א ספּעציעלער לאַנגער טיש, אויפן טיש צוויי לייכטער מיט גרויסע ליכט, און ארום טיש זיינען פאַנאַנדערגעשטעלט געוואָרן שטולן, אויף וועלכע עס זיינען געזעסן די גרינדער; ביים וואַנט, אַנטקעגן טיש, איז אוועקגעשטעלט געוואָרן א ריי שטולן, אויף וועלכע עס זיינען געזעסן די געסט. פאַרוואָס מיר האָבן עס אַזוי געמאַכט, פאַרוואָס מיר האָבן עס אַזוי איינגעשטעלט, קאָן איך איצט ניט זאָגן. מיר האָבן געפונען, אַז מיר דאַרפן מאַכן א פאַרזאַמלונג מיט פּאַראַד. דאָס איז געווען, הייסט עס, אונזער פּאַראַד.

פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען דער חבר בוך.

ער איז געווען אַ פּאַסיקער פּאָרזיצער: אַ געלאַסענער, אַ קאַלט־בלוטיקער. דער „דאָקלאַדטשיק“ (רעפערענט) בין איך געווען. דער סדר־היום איז געווען אַ גאַנץ איינפאַכער: מיין רעפעראַט, דעבאַטן וועגן דעם רעפעראַט און פּראַקטישע שריט. קיין דע־באַטן זיינען גאָרניט פאָרגעקומען, ווייל מען האָט געפונען, אַז די זאַך איז אַזוי אויך גענוג קלאָר, נאָר די געסט האָבן געשטעלט אייניקע פראַגן. נאָכדעם ווי די פראַגן זיינען פאַרענטפערט גע־וואָרן, האָט מען געמאָלדן, אַז די ביבליאָטעק עפנט זיך אין דירה פון חבר בוך, און מען האָט פאָרגעלייענט דאָס צעטל פון די חברים, וואָס טראָגן אריין זייערע ביכער.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך געענדיקט, און מיר זיינען צוגע־טראָטן צו דער אַרבעט. פאַר מיר האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע וועלט. גאַנצענע טעג פלעג איך פאַרברענגען ביים אויפנעמען די ביכער, איינשטעלן זיי, איינאָרדנען זיי, קאַטאַלאָגירן זיי, און ענדלאַך ביים אַרויסגעבן זיי.

דאָס איז געווען מיין ערשטע פּראַקטיק פון מיין ביבליאָטעק־קאַריערע. מיר איז שוין אַפּנים באַשערט געווען, פון געבוירן אָן, צו זיין אַ ביבליאָטעקאַר.

די שילער־ביבליאָטעק איז אויך געווען מיין ערשטע פּראַקטיק אויף דעם געזעלשאַפטלאַכן געביט. פון דאַמאָלס אָן קאָן זיך דאַטירן דער אָנהויב פון מיין געזעלשאַפטלאַכער אַרבעט. איך בין דאַמאָלסט אַלט געווען 16 יאָר.

אַרום דער ביבליאָטעק האָט זיך שוין קאָנצענטרירט אַ באַ־שטענדיקער קרייז פון חברים, וואָס האָבן געהאַט געמיינזאַמע אינטערעסן.

אונזערע סימפּאַטיעס האָבן זיך שוין ביז דער צייט גאַנץ בולט אַרויסגעוויזן — אונז האָט שוין אָנגעהויבן גאַנץ שטאַרק אַריינציען די רעוואָלוציאָנערע שטימונג פון דער רוסישער ליטע־ראַטור. איז די ביבליאָטעק געווען אַ פּונקט, וואָס זי האָט ניט נאָר אונז אליין רעוואָלוציאָניזירט, נאָר זי האָט אונז אויך געגעבן די מעגלאַכקייט צו ווירקן אויף אַנדערע אין דער הינזיכט. מיר האָבן נאָך ניט געהאַט קיין פּראָגראַם, מיר האָבן זיך נאָך ניט גע־שטעלט קיין באַשטימטע צילן, נאָר מיר האָבן שוין געהאַט אַ

קלאָרע שטימונג, און ביי אונז האָט זיך שוין באַשאַפֿן אַ חשק אונזער שטימונג איבערגעבן אַנדערע.

איז די ביבליאָטעק ממילא געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציע־פּונקט. ביי דעם האָט זי זיך ניט געקענט אָפּשטעלן; ביים ארויסגעבן די ביכער האָבן מיר געמוזט ערקלערן די באַדייטונג פֿון דעם אָדער יענעם ארויסגעגעבענעם בוך. איך האָב געמוזט געבן עצות די ניט־ערפאַרענע לעזער, אָנווייזן זיי, וועלכע ביכער זיי דאַרפֿן לעזן און לויט וועלכן סדר. אַזאַ אַרבעט האָט אַרויסגערופֿן די נויטי־קייט אַליין זיך אָפּצוגעבן אַ דין־וחשבון אין דעם, אין וואָס ס'באַשטייט אונזער „גלויבן".

די נויטיקייט פֿון אַ שאַרפֿן, אַ קלאָרן שטאַנדפּונקט האָט זיך געמוזט שטאַרק דערפֿילן, ווען איך האָב פֿון מיין אייגענע זעלבסט־בילדונג געמוזט אַריבערגיין צו בילדן אַנדערע.

און ס'איז געשאַפֿן געוואָרן אין אַ צייט ארום אַ קרייז צו שטודירן די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, אויף וויפיל זי איז געווען אין רוסישן. די לעזונגען פֿון קרייז האָבן אָנגעהויבן פֿאָר־קומען ביי מיר אין צימער.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו לעזן דאָבראָליובאָווס אַרטיקל: „ראָבערט אָוען און זיין טעטיקייט". דאָס איז פֿאָרגעקומען דאַן, ווען איך האָב שוין געהאַלטן ביים ענדיקן די פּראָגימנאַזיע.

איך בין אריינגעטראָטן אין 1882 יאָר אין צווייטן קלאַס פֿון דער פּראָגימנאַזיע, און געענדיקט האָב איך עס אין 1885 יאָר. ווען איך בין אריינגעטראָטן אין פּראָגימנאַזיע, בין איך געווען אַלט 13—14 יאָר. איך האָב נאָך אַליין ניט געוואוסט, אין וואָס פֿאַר אַ ריכטונג עס וועט אַוועקגיין מיין אַנטוויקלונג. מיינע נייגונגען, מיינע שטימונגען זיינען נאָך פֿאַר מיר ניט גע־ווען אינגאַנצן קלאָר. איך האָב אָבער געהאַט אַ געוואַלטיק גרויסן חשק צום לעזן, און דאָס האָט מיר געבראַכט צו אַ קלאָרער וועלט־אָנשויאונג.

די עמפּינדלאַכסטע יאָרן האָב איך פֿאַרבראַכט אין דער פּראָ־גימנאַזיע. אַהין בין איך אריינגעטראָטן נאָך אַ אינגל, וואָס האָט געמאַכט די ערשטע, אומבאַוואוסטזיניקע טריט אין לעבן, און ארויס פֿון דאָרט בין איך אַ באַוואוסטזיניקער בחור'ל, מיט אַ

באשטימטן שטאנדפונקט. ניט די גימנאזיע האָט דאָס אַלץ מיר געגעבן, ניט די סביבה מיינע, נאָר דאָס לעזן.

דאָס לעזן האָט אנטוויקלט מיין מארך, מיין כאראקטער. דאָס לעזן האָבן מיר געגעבן אידייען, דאָס לעזן האָט אנטוויקלט מיינע געפילן, דאָס לעזן האָט מיר ענדלאך געמאכט פאר אַ רוסישן אינטעליגענט.

דאָס לעזן האָט געווירקט ניט נאָר אויף מיר, נאָר אויף מיין גאנצן דור. מיר זיינען אַלע געווען אונטער דער השפעה פון דער רוסישער ליטעראטור און פון דער רוסישער קולטור. און מיר זיינען געוואָרן רוסיפיצירטע אידישע אינטעליגענטן.

ווען מיר זיינען געווען אין פּראָגימנאזיע האָבן מיר גאָרניט געפילט, אַז מיר געפינען זיך אין אַ פרעמדער סביבה, ווייל מיר זיינען געווען די טאָן־געבער פון קלאַס, און די איבעריקע שילער האָבן זיך צו אונז צוגעפּאסט. אגב, די צוואנג פון דער רוסישער שפּראך האָט פּארטונקלט אונזער באוואוסטזיין אין דער הינזיכט, און מיר האָבן זיך מיט אונזער רוסישער שפּראך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים.

נאָר אָט האָבן מיר געענדיקט די פּראָגימנאזיע, און מען האָט אונז צעוואָרפן אין די פינפטע קלאַסן פון אַלע זעקס גימ־נאזיעס, וואָס זיינען געווען אין ווארשע, צו עטלאכע שילער אין יעדער גימנאזיע. פון אונז דריי, מער באוואוסטזיניקע חברים, בין איך אריינגעפאַלן אין דריטער גימנאזיע, בוך אין זעקסטער און יאַאכים אין פינפטער.

מיט מיר אין דער דריטער גימנאזיע זיינען אריינגעפאַלן נאָך עטלאכע חברים, ליטוואקעס. די דריטע גימנאזיע האָט זיך געפונען אין אַ הויז, וואָס האָט אַמאָל געדינט פאר אַ פּרוויען־מאָנאַסטיר. די גראָבע ווענט, די קנאָפּע באלויכטונג האָט גיכער דערמאָנט אַן אָרט פאר אַ געפענגניש, ווי אַן אָרט, וואו מען ערציט יונגע נשמות. די לערער, פון דעמזעלבן טיפּ ווי אין דער פּראָגימנאזיע. דער אינספּעקטאָר, איסטאָמין, איז געווען באַ־וואוסט אַלע ווארשעווער שילער. ער האָט בעסער געפּאַסט צו זיין אַ קאָמאנדיר אין אַ קאזארמע, איידער אַן אינספּעקטאָר אין אַ גימנאזיע. פאר ניט טראָגן אַ ספּעציעל האַלז־טיכל, וואָס מיר

פלעגן אָנרופן : „ניקאָלאַיקע", אַ האַלז־טיכל וואָס זעלנער פלעגן אַמאָל טראָגן, פלעגט ער זעצן אין קאַרצער. מיר אַליין האָט ער איינמאָל געטראָפן אויף די טרעפ און זיין אויג פון אַ שפּיאָן האָט גלייך באַמערקט, אַז איך טראָג ניט דאָס געזעצלאַכע האַלז־טיכל, און ער האָט מיר אַריינגעזעצט אויף צוויי שעה אין קאַרצער.

אין מיין צייט האָט מען אַ קליין אינגל פון דעם ערשטן קלאַס אַריינגעזעצט אין קאַרצער. ווען עס איז געוואָרן פינ־סטערלאַך, האָט די שטילקייט פון געוועזענעם מאָנאַסטיר, די שאָטנס פון די גראָבע ווענט געוואָרפן אַזאַ אימה אויפן אינגל, אַז ער האָט גע׳חלש׳ט, און די מעשה האָט ניט אָפּגעהאַלטן איס־טאָמינען צו זעצן קינדער אין קאַרצער פאַר אַ ליאַדע נאַרישקייט. די איבעריקע לערער זיינען ניט געווען בעסער פאַר די לערער פון פּראָגימנאַזיע. דער לערער פון לאַטיין, הושטשאַ, אַ פּאָליאַק, האָט אין אַ קאָרידאָר ניט געוואָלט ענטפערן אַ שילער, ווען ער האָט זיך געווענדט צו אים מיט אַ פראַגע אויף פּויליש.

די שילער זיינען כמעט אַלע געווען פּאָליאַקן און פּוילישע אידן. דאָס איז געווען אַ ריינע, טיפּיש־פּוילישע סביבה, צו וועלכער מיר אין אונזער פּראָגימנאַזיע זיינען גאָרניט געוואוינט געווען. און מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף די לעצטע בענק פון קלאַס, ווייל נאָר דאָרט זיינען געווען פאַר אונז פרייע פּלע־צער, און מיר האָבן דאָרט פאַרגעשטעלט אַ באַזונדער וועלטל, מיט וועלכע די איבעריקע שילער פון קלאַס האָבן קנאַפּע מגע־ומשא געהאַט. איך געדענק נאָך, אַז איינער, אַ שילער פון אונ־זער קלאַס, האָט געבראַכט עטלאַכע שילער פון אַן אַנדער קלאַס, און אָנווייזנדיק אויף אונז, געזאָגט : „אָט זיינען די מאָסקאַליעס !"

ניט קוקנדיק אויף דעם, בין איך זייער גיך צוגעטראָטן צו שאַפן אין אונזער פינפטן קלאַס אַ קרייז צו שטודירן די סאָציאַ־ליסטישע ליטעראַטור. איך האָב אויסגענוצט מיינע באַציאונגען פון פּראָגימנאַזיע און האָב אויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון עט־לאַכע שילער, צווישן זיי אַ פּאָר פּאָליאַקן.

כדי ניט אָפּצושרעקן די פּאָליאַקן פון אַ צו־דעמאָקראַטישער סביבה, האָב איך אויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג ביי ברעגמאַנען. אין אַן עלעגאַנט־מעבלירטן צימער פון חבר ברעגמאַן זיינען זיך

צוזאַמענגעקומען עטלאַכע שילער און האָבן אויסגעהערט מיין דרשה וועגן זעלבסט־בילדונג. איך האָב געמוזט רעדן ניט וועגן גאַנץ כשר׳ע זאַכן. אונטער דער פּאַרטיערע פון צימער האָט זיך אימיצער מיט פליים, זעט אויס, אַוועקגעשטעלט און ניט באַ־מערקטערהייט אויסגעהערט מיין גאַנצע דרשה...

מיין גוטמוטיקער חבר האָט געכאַפּט נאָך דער פאַרזאַמלונג אַ גרויסן פּסק פאַר זיין חבר׳ן זיך ניט מיט פּאַסיקע עלעמענטן, און די פאַרזאַמלונגען האָבן שוין מער ניט געקענט פאַרקומען ביי אים. מיט די פּוילישע שילער איז געווען שווער זיך איינצואָרד־נען. ביי זייערע עלטערן איז ניט געווען ווי ביי די ליטווישע עלטערן: צוזאַמענקלייבן זיך גלאַט אין דער וועלט אריין, ניט פרעגנדיק ביי קיינעם, איז ניט געמאָלט געווען.

נאָר אויף די שילער האָב איך ווייניק אַכט געלעגט. איך האָב דאַמאָלסט געזוכט ענערגיש די מעגלאַכקייט אריינצוטרעטן אין אַ פאַבריק, כדי צו קאָנען אַגיטירן צווישן אַרבעטער.

מיינע מעשים זיינען דערגאַנגען צו „נאַטשאַלסטוואָ״, און אויף אַ באַראַטונג פון די דירעקטאָרן ביים קוראַטאָר איז געבליבן מיר אויסצושליסן פון גימנאַזיע. אַלס אַ געפערלאַכן שילער. דער דירעקטאָר האָט גערופן מיין פאָטער און האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט אויף אים רחמנות און ער ראַט אים מיר אָפּנעמען פון גימנאַזיע, אַנדערש וועט ער זיין געצוואונגען מיר אויסצושליסן, און די טירן פון די רעגירונגס־שולן וועלן זיין אינגאַנצען פאַר מיר פאַרמאַכט.

דעם פאָטער איז ניט געבליבן קיין אַנדער ברירה, ווי צו אָפּנעמען מיינע פּאַפּירן, און איך בין געוואָרן אויס גימנאַזיסט. איך האָב דאָס ניט שטאַרק באַדויערט: מען האָט פאַר מיר געטאָן דאָס, וואָס איך האָב שוין סיי ווי סיי געקליבן זיך צו טאָן. איך האָב גערעכנט, אַז סוף כל סוף וועט זיך מיר איינגעבן אריינ־צוטרעטן אין אַ פאַבריק: אַרבעטן אין אַ פאַבריק און גלייכ־צייטיק באַזוכן די גימנאַזיע איז אַ זאַך וואָס איז אומעגלאַך.

אין אָנהויב פרילינג 1886 יאָר האָב איך זיך געזעגנט מיט דער גימנאַזיע.

# די גאַס

די גאַס, די ניט היימישע סביבה, דערציט אונז ניט ווייניקער, ווי די היים, די היימישע סביבה.

אין קליינעם אידישן שטעטל, און אַפילו אין אַ גרעסערער אידישער שטאָט, טראָגט די גאַס דעמזעלבן כאַראַקטער, וואָס די היים: די זעלבע אידן, די זעלבע שפּראַך, די זעלבע קולטור.

די אידישע סביבה פון קליינעם שטעטל און פון אַ גרעסערער אידישער שטאָט רינגלט אַזוי אַרום דעם אידן, אַז אויסמיידן די ווירקונג פון דער סביבה, באַהאַלטן זיך פון איר איז אוממעגלאַך. טראָגט אויף זיך יעדער איד דעם שטעמפּל פון דער אידישער סביבה.

אַנדערש איז אָבער אין אַ ניט־אידישע שטאָט, ווי קיעוו, למשל, אָדער אין אַזאַ גרויסע שטאָט, ווי וואַרשע. די גאַס איז פּיל־אַרטיק, פּיל־פאַרביק. דעריבער קומט אַמאָל אַרויס דאָרטן פון די קינדער אומערוואַרטעט מאָדנע באַשעפענישן: עס ווענדט זיך אין וואָס פאַר אַ סביבה פון גאַס דאָס וואַקסענדע קינד פאַלט אַריין.

מיין פרייע צייט, וואָס פלעגט מיר בלייבן פון גימנאַזיע, פלעג איך פאַרברענגען אין לעזן און מיט חברים. מיט דער צייט האָט אָבער מיין חבר׳שע סביבה אויפגעהערט מיך צו באַנוגענען, איז געבליבן אַ ווינקל אין מיין נשמה, וואָס איז ניט געווען באַפרידיקט ניט מיט׳ן לעזן און ניט מיט מיין חבר׳שע סביבה. פלעג איך זוכן צו באַפרידיקן אָט דאָס ווינקעלע, און אַז מ׳זוכט, געפינט מען.

נעבן קראַשינסקי׳ס גאָרטן, וואָס געפינט זיך אין נאַלעווקער געגנט, איז דאָ אַ רעגירונגס־הויז אויף נאַלעווקעס. דאָס האָט געהערט צו דער אינטענדאַנטור פון רוסישן קריגס־מיניסטעריום. די שרייבער־סאָלדאַטן, וואָס האָבן געדינט דאָרט, זיינען געווען

געקליידט אין אַ ספּעציעלע אוניפאָרם, אַן אַנשטענדיקערע, ווי עס טראָגן געוויינטלאַכע סאָלדאַטן. דאָס זיינען געווען ניט קיין פּראָסטע סאָלדאַטן — זיי, אַלס שרייבער אין קאַנצעלאַריע, האָבן געמוזט האָבן אַ וועלכן ס'איז בילדונגס־צענז. אָט די שרייבער פון אינטענדאַנטור פלעגן אָפט שפּאַצירן אין קראַשינסקי'ס גאָרטן, וועלכער האָט געדינט פאַר די גימנאַזיסטן פון גאַנצן ראַיאָן אַלס אַ שפּאַציר־ און צוזאַמענטרעפונגס־אָרט.

די שרייבער פון דער אינטענדאַנטור האָבן מיך פאַראינטערעסירט, און איך האָב זיך באַקענט מיט אַ פּאָר פון זיי.

מיין אומגאַנגס־שפּראַך, אויסער דער היים, איז געווען רוסיש, און די שרייבער פון דער אינטענדאַנטור זיינען געווען רוסן. איז געווען אַ באָדן אויף צוזאַמענטרעפן זיך.

איינער איז געווען אַ גאַנץ סימפּאַטישער שגץ, און מיר פלעגן צוזאַמען שפּאַצירן און שמועסן. ער האָט געשטאַמט ערגעץ פון אָרלאָווער גובערניע.

איך געדענק, אַז ער פלעגט זיך קלאָגן, אַז עס ווערן באַ אים פאַרפאַלן די בעסערע יאָרן אין גאָרניט. אין דערהיים האָט ער אַ כלה, וואָס וואַרט אויף אים, און אין שטוב איז ער אויך נויטיק: דער פאָטער האָט אַ „גאָספּאָדקע"... און דאָ, אין אַ פרעמד לאַנד, אין אַ פרעמדער סביבה, צוקוקן זיך צו דעם, ווי עס באַלעבאַטעווען רוסישע „טשינאָווניקעס" און מאַכן אַ תל פון „קאַזנאַ"...

מיין באַקאַנטער שרייבער פון דער רוסישער קאַנצעלאַריע איז ניט געווען קיין באַוואוסטזיניקער פּראָטעסטאַנט פון דער עקזיסטירענדער אָרדנונג: דאָס איז ביי אים געווען מער שטימונג, ווי באַוואוסטזיין. זיין פּראָטעסט־שטימונג איז אָבער געווען אַ נאַטירלאַכע, ניט קיין אָנגעוואָרפענע פון דרויסן, פון ביכלאַך; לעבעדיקע ביישפּילן פון דער רוסישער אינטענדאַנטור, וואו ער האָט געדינט, האָבן געווירקט אויף אים. ער האָט אָבער דאָך צו ווייניק אינטעליגענץ געהאַט, אַז זיין פּראָטעסט־שטימונג זאָל זיך קאָנען פאַרוואַנדלען אין אַ באַשטימטע באַוואוסטזיניקע שיטה.

איך האָב דאַמאָלסט נאָך נישט געהאַט קיין קלאָרע שיטה, נאָר די פּראָטעסט־שטימונג האָט שוין געשפּראָצט אין מיין נשמה. איז זיין שטימונג געווען צוגעפּאַסט צו מיינע. און דערביי האָט

ער געהאַט לעבעדיקע פאַקטן, וואָס האָבן ארויסגערופן אַ שטימונג, און איך האָב זיי נאָך נישט געהאַט. ביי מיר איז דאָס געווען אַ שטימונג פון אַ חלום׳ער, פון אַ ראָמאַנטיקער, און ביי אים איז דאָס געווען אַ שטימונג פון אַ מענשן פון רעאַלן לעבן.

און ווייל איך בין געווען אַ חלום׳ער, אַן אינדיווידואום מיט באַ־גייסטערונג, האָב איך, מיט אַסך יאָר אַ אינגערער פון אים (איך בין דאַמאָלסט אַלט געווען 14־15 יאָר), ארויסגערופן צו זיך אַ באַשטימטן אינטערעס, און ער פלעגט זיך מיט מיר גאַנץ גערן טרעפן.

באַקאַנט האָב איך זיך מיט דעם שרייבער פון דער אינטענ־דאַנטור אין קאַניקול פון צווייטן און דריטן קלאַס. עס האָט זיך געענדיקט קאַניקול, און מיין באַקאַנטער האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך. איך האָב אָנגעהויבן זיך צו באַווייזן אין די צימערן, וואו עס האָבן געוואוינט די שרייבער פון אינטענדאַנטור. דאָס זיינען ניט געווען קיין קאַזאַרמען, נאָר צימערן צו 2־3 סאָלדאַטן אין איינעם. פאַר יעדן סאָלדאַט אַ באַזונדער בעטל.

איינמאָל האָט מיין באַקאַנטער ארויסגענומען פון זיין קאַסטן אַ העפט, און האָט מיך שעמעוודיק געזאָגט, אַז ער וויל מיך באַקענען מיט די „זינד פון זיינע פרייע צייטן".

די לידער, וואָס ער האָט מיר דורכגעלעזן, זיינען געווען גע־ווידמעט „איר". זעט אויס, אַז דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון זיין לעבן. מיר האָט אָבער דאַמאָלסט אַ „זי" לחלוטין ניט אינ־טערעסירט, און איך האָב גאַנץ קאַלט אויפגענומען זיין שאַפונג.

וואָס ווייטער, איז מיין אינטערעס צום רוסישן סאָלדאַט מער געפאַלן, און איך האָב זיך אָנגעהויבן ארומקוקן, וואו געפינט מען אַנדערע באַקאַנטע מיט מער אינהאַלט.

און איך האָב געפונען.

אומגעפער אין 1883 יאָר האָבן זיך מיינע עלטערן באַזעצט אויף מוראַנאָוו, אין רענגעלמאַנ׳ס הויז. אין שכנות מיט אונז האָט געוואוינט אַ ליטווישע פאַמיליע, ערגעץ פון ווילנער גו־בערניע. דער פאָטער פון דער פאַמיליע האָט זיך גערעכנט פאַר אַ איד, אַ למדן.

ביי אים איז געווען אַ זון שמואל, שמואל׳קע פלעגן מיר אים

רופן. ער איז געווען אַ בחור'ל, עלטער פאַר מיר מיט אַ 2 יאָר. ער האָט געאַרבעט ביי שולמאַנען אין דרוקעריי, אַלס זעצער.

אידישע שכנים, און ווער רעדט געדריקטע, באַקענען זיך צווישן זיך זייער גיך. און מיר האָבן זיך טאַקע גיך באַקאַנט, און, פאַרשטייט זיך, פריער פון אַלע מיר, יונגוואַרג.

שמואל'קע, אַ זייער שיין געבויטער בחור, אַ טיפּישער ברונעט. מיט אַ לענגלאַכעם געזיכט און שאַרפע געזיכטס־ציגן, מיט שוואַרצע קלוגע אויגן, האָט מיר שטאַרק אימפּאָנירט. איך האָב זיך צו אים זייער גיך צוגעבונדן.

מיר פלעגן אָפט צוזאַמען פאַרברענגען און ער פלעגט נישט זעלטן מיר דערציילן וועגן זיין עלטערער שוועסטער סאָניע, וואָס האָט געענדיקט גימנאַזיע, און וואָס איז געווען ערגעץ אַ לערערקע אין אַ ליטוויש שטעטל. שמואל'קע פלעגט אָפט קריגן בריוו פון זיין שוועסטער, און פלעגט מיט באַגייסטערונג רעדן וועגן איר. ער האָט מיר אַזוי פיל אָנדערציילט וועגן איר, אַז איך האָב איר, ניט קענענדיק פּערזענלאַך, שוין גוט געקענט, און, ווי עס זעט אויס, האָט ער איר אויך געשריבן וועגן מיר. זי איז, על כל פּנים, געווען באַגייסטערט מיט די נייע אידייען, וואָס האָבן דאַמאָלסט געשוועבט אין דער לופטן, נאָר קיין קלאָרן באַגריף וועגן אירע אידייען האָב איך פון שמואל'קען ניט באַקומען. נאָר קיין קלאָרע, דייטלאַכע אידייען האָב איך נאָך נישט געזוכט. פאַר מיר איז גענוג געווען, אַז איך האָב פאַר זיך אַ מענטשן מיט אַן אַנדערן קוק אויפ'ן לעבן, ווי די אַרומיקע.

איינמאָל קומט שמואל'קע צו מיר מיט אַ שמחה: „ווייסט? סאָניע קומט צופאָרן!" און מיר ביידע האָבן אָנגעהויבן צו וואַרטן אויף איר.

זי איז געקומען... אויך אַ שוואַרצע, ווי דער ברודער, נאָר ניט אַזאַ שיינע, און עלטער פון אים מיט אַ פּאָר יאָר. איך בין נאָך דאַמאָלסט אין דער אמת'ן געווען אַ אינגל, און אַנטקעגן איר — געוויס. איז אונזער ערשטע באַגעגעניש געווען אַ גאַנץ אָפיציעלע.

שמואל'קע האָט מיט דער שוועסטער געדונגען אַ צימער אויף דזיקע גאַס, און האָט זיך אַרויסגעצויגן פון די עלטערן. איך בין

געוואָרן אַ שטאַמגאַסט ביי זייביידע. מיט סאָניע'ן בין איך גע־וואָרן גיך אויף „דו"... דאַמאָלסט איז עס געווען אַ גאַנץ נאָרמאַלע דערשיינונג: צו אונז זיינען אַריבער די מנהגים פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער יוגנט. דאָס פּרויענצימער איז אין יענער ספּערע געווען דערזעלבער חבר, וואָס דער מאַנסביל. סאָניע איז געקומען פון אַ נענטערן קאַנט צו רוסלאַנד, ווי פּוילן — פון ליטע, און זי איז שוין שטאַרק געווען אונטער דער ווירקונג פון די רוסישע באַוועגונגען.

איך האָב זיך געפילט מיט סאָניען ווי אַ אינגערער ברודער מיט אַ שוועסטער, און מיר איז ביי זיי געווען גאַנץ היימלאך. האָב איך דאָרטן געטאָגט און גענעכטיקט.

נישט באַקוועם איז עס געווען, ווען סאָניע האָט באַדאַרפט זיך איבערטאָן צו גיין אין גאַס, נאָר דערמיט האָט מען זיך אַן עצה געגעבן. פלעגט זי אַ קאָמאַנדעווע טאָן: „קאַטיק, צום פענסטער!" דאָס האָט געהייסן, אַז איך דאַרף זיך אַוועקשטעלן ביים פענסטער מיט'ן פּנים צום הויף. די „קאָמאַנדע" איז נישט אַלע מאָל אויסגעפילט געוואָרן ערנסט. נישט איין מאָל פלעג איך סטראַשען, אַז איך קער זיך אום מיט'ן פּנים צום צימער. סאָניע, פאַרשטייט זיך, מאַכט דערביי קולות.

אָט די סצענע מיט'ן שטיין ביים פענסטער האָט זיך אין מיין שפּעטערדיקע פּראַקטיק ניט איינמאָל איבערגע'חזר'ט מיט אַנדערע עמיגראַנטינס פון ליטע, וואָס האָבן פאַרפולט וואַרשע, און וואָס האָבן געהאַט אין זייער רשות נאָר איין צימער, וואו זיי פלעגן שלאָפן, עסן, אויפנעמען געסט, א. א. וו.

ווען איך דערמאָן זיך יענע סצענע מיט'ן פענסטער, קלער איך, וואָס פאַר אַן אומשולדיקע קינדער מיר זיינען דאַמאָלסט גע־ווען! זיין מיט אַ מיידל פער „דו", סימפּאַטיזירן איר, און זיין סימפּאַטיזירט דורך איר, געפינען זיך מיט איר אין איין צימער, ווען זי טוט זיך איבער, און דאָך נישט האָבן קיין שלעכטע מחשבה; ווער רעדט וועגן ניט קיין פּאַסיקע באַוועגונג.

און אַזאַ באַציאונג פון מיר איז געווען ניט נאָר צו סאָניען, נאָר אויך צו אַנדערע.

איך דערמאָן זיך אַ סצענע, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ יאָר 2 שפּעטער. איך האָב געהאַט אַ תּלמידה, אַ שניידערקע, פון די, וואָס זיינען געווען אונטער אונזער איינפלוס. איך האָב איר געלערנט און אויך אַנטוויקלט. דאָס איז געווען געטאָן לשם מצוה: אַזאַ אַרבעט האָט געהערט צו אונזער פּראָגראַם אויפגאַבען.

צו מיין תּלמידה איז געקומען פון איר שטאָט אַ חבר'טע, אַ מיידל מיט שמייכלענדע אויגן, אַ פאַרריסן נעזל, מיט גראַציעזע באַוועגונגען.

איינמאָל קום איך אויף דער שעה און געפין ניט מיין תּלמידה: זי איז נאָך געווען ביי דער אַרבעט. איר חבר'טע ליגט אויפ'ן בעטל האַלב וואַך, האַלב אין חלום. ביי מיין אריינקומען האָט זי זיך פון בעט ניט אויפגעהויבן, און דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירליך: זי וואָלט זיך ניט אויפגעהויבן, ווען עס וואָלט אריינקומען איר חבר'טע, און זי דאַרף זיך אויך ניט אויפהויבן, ווען עס איז אריינגעקומען אַ בחור פון דער זעלבער סביבה. צוליב וואָס מאַכן אַן אונטערשייד? מיר אונטערשטרייכן דאָך ניט דעם חילוק צווישן פרויען און מענער. ווען עס וואָלט אריינגעקומען אַ מאַנסביל פון אַן אַנדער סביבה, וועמעס באַגריפן וועגן דעם אונטערשייד צווישן פרויען און מאַנסבילן זיינען אַנדערע, וואָלט זי זיך געווים אויפגעהויבן, און גאַנץ אָפיציעל פאַרנומען אַ פּלאַץ אויף אַ שטול. איז אָבער אריינגעקומען אַ חבר, און זי האָט נישט געפונען פאַר נייטיק זיך אויפהויבן.

און איך, מעשה חבר, האָב זיך צוגעזעצט צו איר אויפ'ן בעטל, און פאַרפירט מיט איר אַ געשפּרעך. אויף מיר האָבן געקוקט שמייכלענדע אויגן און איך האָב געזען דאָס פאַרריסענע נעזל, האָב איך זיך איינגעבויגן און געגעבן איר אַ קוש... איך האָב זיך מאָמענטאַל אזוי פאַרשעמט, אַז איך בין אויפגעשפּרונגען און אַנטלאָפן.

דריי טעג האָב איך זיך געשעמט ווייזן איר און מיין תּלמידה, איר חבר'טע, פאַר די אויגן. נאָר ס'איז דאָך ניט געווען קיין תּכלית לאַנג זיך ניט צו ווייזן, בין איך לסוף אַראָפּגעקומען, נאָר געקוקט האָב איך „ווי אַ וואָלף", אָפּגעגעבן מיין שעה און אַוועק... מיין תּלמידה האָט ניט געוואוסט, פון וואָס איך בין מיט אַמאָל גע-

וואָרן אַזאַ בייזער. אין אירע אויגן איז געלעגן אַ פראַגע־צייכן, נאָר פרעגן מיך האָט זי ניט געוואַגט.

איר חבר'טע איז גיך אָפּגעפאָרן צו זיך אַהיים, און איך האָב זיך באַוויזן ביי מיין תלמידה דערזעלבער, ווי געווען.

און נאָך אַ פאַל. עס איז געקומען צו אונז אַ מיידל פון בריסק. מיט בריסק האָב איך שוין געהאַט באַציאונגען: ביי אונז אין קרייז בין איך געווען ביבליאָטעקאַר פון די לעגאַלע ביכער, און די פאַרבינדונגען מיט בריסק זיינען געגאַנגען דורך מיר. האָט דאָס מיידל געבראַכט אַ בריוו פון בריסקער קרייז צו מיר.

זי איז, ווי די אַלע מיידלאַך פון דער דאַמאָלסטיקער ליטוויי־שער פּראָווינץ, געקומען קיין וואַרשע ווערן זעלבסטשטענדיק. זי איז געווען אַ פּייאיק מיידל, און האָט געוואָלט איר זעלבסטשטענ־דיקייט באַקומען דורך אַ באַשטימטן בילדונגס־צענז. האָט זי צום קרייז בכלל און צו מיר בפרט געדאַרפט אָנקומען.

זי פלעגט קומען צו מיר אַמאָל נעמען אַ בוך צום לעזן, דאָ לייענען אַ לער־ביכל, עפּעס פרעגן וועגן די למודים. זי איז גיך געוואָרן אַ נאָענטער מענטש צום קרייז, און איז אַריבער, ווי די מאָדע איז געווען, מיט אונז אויף „דו".

איינמאָל, זונטאָג פרי, פאַלט זי צו מיר אַריין און בעט מיר לייען אַן אַלגעברע. גראָדע איז מיין פאָטער געווען אין שטוב: ער האָט געדאַוונט. מיר ריידן, און איך באַמערק, אַז מיין פאָטער קוקט מיט גרויסן חשד אויף אונז. פון אָנפאַנג האָב איך ניט פאַר־שטאַנען, וואָס איז די סבה. נאָכדעם האָב איך זיך אָנגעשטויסן, אַז אים איז פאַרדעכטיק אונזער ווענדן זיך איינער צום אנדערן אויף „דו".

ווען זי איז אַוועק, האָט זיך מיין פאָטער אַ קער געגעבען צו מיר און געזאָגט: „הער זיך איין, וואָס איז דאָס עפּעס דוצן אַ מיידל?" איך האָב אים געפּרובירט דערקלערן, אַז ס'איז קיין אונטערשייד נישט צווישן אַ בחור און אַ מיידל. אָט וועגד איך זיך האָך צו מיינע חברים אויף „דו"...

— „וואָס דרייסטו מיר אַ קאָפּ, זי איז דאָך פאָרט אַ מיידל!"

קורץ, מיר האָט גאָרנישט געהאָלפן. ביי מיין פאָטער איז געבליבן אַ חשד, אַז מיט דעם מיידל איז ניט גלאַטיק, און ס'האָט

מיר גאַרנישט געהאָלפֿן מיין דערקלערונג, אַז דאָס מיידל האָב איך נישט אין דער לינקער פּאה אַלס מיידל, אַז איך האָב נאָך באַקאַנטע מיידלאָך, און כ'זאָג זיי אויך „דו". סוף כל סוף האָט ער אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס, ווי מען זאָגט: „וואָס קאָן איך מיט דיר מאַכן?"...

און איך האָב טאַקע דאָס מיידל אין דער לינקער פּאה נישט געהאַט, און זי, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן, האָט מיך געהאַלטן שטאַרק אין חשבון, און זי פּלעגט אויסנוצן יעדע געלעגנהייט מיט מיר זיך צו זען.

איך בין דאַמאָלסט געווען אַ בחור'ל, וואָס איז מיט לייב און לעבן אריינגעטאָן געווען אין די ביכער, און אין די אידייען וועלכע האָבן אים באַגייסטערט, אַ בחור'ל וואָס האָט, ווי יעדער פרומער איד געהאַלטן, אַז יעדע מינוט, וואָס ער ווענדט אָן נישט אויף תורה און נישט אויף „מעשים טובים", איז דברי חול. איך פלעג זיך באַגעגענען דאַמאָלסט מיט אַ סך מיידלאָך און געקוקט אויף זיי ווי אויף אַ מאַטעריאַל פאַר פראָפּאַגאַנדע.

פלירט לשם פלירט איז ביי אונז נישט געמאָלט געווען. און עס איז גאָר קיינעם אין רעיון ניט אריינגעפאַלן, אַז מ'קאָן זיך טרעפן מיט אַ מיידל גלאַט צוליב דעם, ווייל עס איז אנגענעם די באַגעגעניש. און אויב ס'איז געווען אַנגענעם צו טרעפן זיך מיט אַ מיידל, האָבן מיר שטענדיק צוגעטשעפּעט דערצו עפּעס אַ ציל: מיר פלעגן איר געבן לייענען ביכלאָך, אַגיטירן איר, א. א. וו.

די זעלבע באַציאונג איז ביי מיר געווען צו דער בריסקער מיידל. זי האָט אָבער צו מיר זיך אַנדערש באַצויגן.

און מיט איר האָב איך געהאַט אַזאַ מין סצענע: איך האָב אַ צייט געוואוינט אין אַ צימער אויפ'ן זעלבען הויף, וואו עס האָט געוואוינט מיין באַקאַנטע בריסקער מיידל. דאַכט מיר, אַז זי האָט טאַקע מיר דעם צימער אויסגעשדכנט. איינמאָל אין אָוונט זיץ איך אין מיין צימער און לעז קאָסטאָמאַראָוו'ס ווערק וועגן סטענקאַ ראַזין, דער רוסישער פּאָוסטאַנעץ פון 17טן יאָרהונדערט. געלעזן האָב איך דאָס ווערק נישט דערפאַר, ווייל עס האָט מיר געצויגן צו אים, נאָר ווייל וועגן סטענקאַ ראַזין, דעם סטיכישן רו־

סישן רעוואָלוציאָנער, האָט מען באַדאַרפט לעזן. לאַנגווײַליק איז מיר געווען דאָס לעזן, און סוף כל סוף איז ער מיר מיאוס געוואָרן.

עס איז געווען אַזייגער צען. בין איך זיך מישב, פאַרמאַך דאָס בוך און גיי מיט אַ וויזיט צו מײַן שכנ'טע פון דעם הויף. איך קלאַפּ אָן אין טיר פון איר צימער, פרעגט זי: „ווער איז דאָרט?" ענטפער איך. זאָגט זי: „מ'קאָן". איך גיי אַרײַן אין צימער. זי ליגט אין בעט שוין אָן אויסגעטאָנענע, צוגעדעקט מיט אַ קאָלדרע, און לעזט אַ בוך. בײַ מיר האָט עס ניט אַרויסגערופן קיין שום פאַרוואונדערונג. איך וואָלט אויך איר ערלויבט אַרײַנגיין אין צימער, ווען איך וואָלט געלעגן אין בעט שוין אָן אויסגעטאָנענער, אַזוי ווי איך וואָלט דערלויבט דאָסזעלבע מײַנעם אַ חבר, אַ בחור. שטעל איך אַוועק אַ שטול לעם איר בעט און הייב אָן צו שמועסן.

אינמיטן באַמערק איך, אַז זי דעקט אָפּ אַביסל די קאָלדרע אַזוי, אַז עס זאָל קאָנטיק זײַן אַ טייל ברוסט: איצט וואָלט עס זיך ניט גערעכנט אפילו פאַר אַ זייער שטאַרקן דעקאָלטע, דאַמאָלסט האָט זיך עס מיר אויסגעוויזן פאַרדעכטיק. זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג זיך צוצודעקן, און נאָכדעם זיך ווידער אָפּגעדעקט, אַזוי אַ פּאָר מאָל.

מיך האָט עס אָנגעהויבן צו דענערווירן. איך האָב זיך אויפגעהויבן, אָפּגעזעגנט זיך און אַוועקגעגאַנגען ווידער שוויצן איבער קאָסטאָמאַראָוון. דאָס בריסקער מיידל איז געווען אַ גאַנץ נאַאיווע. היינטיקע מיידלאַך וואָלטן שוין גיכער געוואוסט, ווי מען קריגט פון אַ בחור אַ קוש...

ניט נאָר איך אַליין בין געווען אַזאַ, דער גאַנצער דור אונזערער איז געווען אַסקעטיש. אויב אימיצער איז ניט געווען אַסקעטיש מיט'ן האַרץ, האָט ער געמוזט זײַן אַסקעטיש מיט'ן מח, ווייל אַזוי האָבן געהייסן די טעאָריעס, אָן וועלכע מיר האָבן זיך געהאַלטן, ווייל אַזוי האָבן געהייסן די מוסטערן פון דער שיינער ליטעראַטור, וועלכע מיר פלעגן נאָכטאָן.

מײַן פרײַנד שמואל'קע האָט געהאַט אַ כלה אַ פּאָלקע. אַ גאַנצע וואָך איז זי געווען פאַרנומען ערגעץ אויף אַ שטעלע. שבת, אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט דער שטעלע, געקומען צו שמואל'קען.

און פאַרבערענגען ביי אים ביז שפּעט אין דער נאַכט, אָדער אַמאָל גאָר בלייבן נעכטיקן ביי אים.

איך קאָן פאַרזיכערן, אַז קיין שומר האָבן זיי ביידע ניט באַדאַרפט האָבן. אַזוי ריין און אומשולדיק זיינען זיי ביידע געווען.

בין איך מיט דער סאָניא געווען אַ חבר, און פלעג איר קנאַפּ שטערן אין איר לעבן אינ׳ם איין איינציקן צימער. זי איז פאַר מיר די ערשטע צייט געווען ניט נאָר אַ פריינדין, נאָר אויך אַ גוטע שוועסטער, מיט וועלכער איך האָב זיך גוט געפילט. דאָס אבער וואָלט פאַר מיר דאַמאָלסט געווען ווייניק. איך האָב זיך שוין געשניטן אויף אַ רעוואָלוציאָנער און איך האָב געזוכט אי ביכער, אי פּערזאָנען, וואָס זאָלן קאָנען מיר פאַרענטפערן מיינע קשיות, און קלערער מאַכן מיינע נעבלהאַפטע שטימונגען.

סאָניע האָט שוין אביסל געגאַשט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. פון אָנהייב האָב איך געמיינט, אַז זי האָט גאָר אַ סך געגאַשט, מיט דער צייט האָב איך זיך ארומגעזען, אַז קיין אמת׳ע רעוואָלוציאָנערין איז זי ניט געווען. דאָך האָט זי אַ סך מער פאַר מיר געוואוסט, און אַ סך באַוואוסטזיניקער פאַר מיר געווען.

אין שטעטל, וואו זי איז געווען אַ לערערקע, איז זי געווען באַקאַנט מיט אַ פרוי, וואָס איז געווען באַגייסטערט מיט „נאַראָד־ניטשעסקי״ טענדענצן, און אָט די פרוי האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף סאָניען.

שפּעטער האָב איך זיך איבערצייגט, אַז יענע איז אויך ניט געווען קיין אויסגעשפּראָכענע רעוואָלוציאָנערין, און סאָניע אודאי ניט. נאָר פאַר מיינע ערשטע שריט האָט סאָניעס תורה פאַר מיר געקלעקט.

באַזונדערס איז זי מיר געווען נוציק דערמיט, וואָס זי האָט מיט זיך געבראַכט אַ קאַטאַלאָג פון ביכער צום סיסטעמאַטישן לעזן. אין יענע צייטן איז נאָך ניט געווען קיין איינציקער געדרוק־טער אינפאָרמאַטאָר וועגן לעזן. אין אָט דער פראַגע זיינען געווען פאַראינטערעסירט די רעוואָלוציאָנערע קרייזן. פאַר זיי איז געווען וויכטיק צו לעזן די ביכער, וועלכע פירן צו זייער דירעקטן ציל: צום אויפהייבן די רעוואָלוציאָנערע שטימונג און דעם רעוואָ־

לוציאָנרן באַוואוסטזיין. אַלע אַנדערע ביכער האָבן זיך גערעכנט פאַר אַן איבעריקן באַלאַסט, און פאַרלירן צייט אויף זיי איז אַ שאָד. האָבן די אָנפירנדע רעוואָלוציאָנערע קרייזן פון די צענ־טערן, ווי מאָסקווע און פּעטערבורג, צוזאַמענגעשטעלט אַזאַ קאַ־טאַלאָג, אין וועלכן סאיז אָנגעוויזן געוואָרן, וועלכע ביכער פון וועלכער אָפּטיילונג, און אין וועלכן סדר מען דאַרף לעזן.

פאַרשטייט זיך, אַז דער סאָרט קאַטאַלאָג איז געווען זייער טענדענציעז. דאָך האָבן זיי געבראַכט אַ באַשטימטן נוצן. אַלץ בעסער האָבן וועלכע ס'איז אָנווייזונגען, איידער בלאָנדזשען ווי אין אַ וואַלד.

אָט אַזאַ קאַטאַלאָג האָב איך באַקומען ביי סאָניען. דאָס איז געווען אַ גאַנץ גראָב העפט, און פון אים בין איך געוואָר געוואָרן וועגן אַזעלכע נעמען פון שרייבער און אַזעלכע ווערק, וועגן וועלכע איך האָב פריער קיין אַנונג ניט געהאַט. איך האָב זיך געמאַכט אַ קאָפּיע פון דעם קאַטאַלאָג, און באַקומען די מעגלאַכקייט שטענ־דיק זיך מיט אים צו באַנוצן. שפּעטער, שוין זייענדיק אַ מיטגליד פון רעוואָלוציאָנערן קרייז, האָב איך דעם קאַטאַלאָג אָפּגעדרוקט אויפ'ן העקטאָגראַף אין גאַנצע 50 עקזעמפּליאַרן. דער קרייז וואו איך בין געווען אַ מיטגליד, האָט אים צעטיילט.

אָט דאָס אַלץ האָב איך געגאַשט פון סאָניען. עס איז אַוועק אַ פּאָר יאָר, סאָניע האָט באַקומען איר באַשערטן, און איננאַנצן אריין אין איר פּערזענלאַכן גליק. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, אַביסל אָפּגעקילט אונזערע באַציאונגען: איך האָב געהאַלטן אין איין „טאַראַראַמעווען", און זי איז געווען געצוואונגען צו אָפּרוקן זיך וואָס מער פון דעם „טאַראַראַם".

און דאָ איז געשען אַ פאַקט, וואָס האָט נאָך מער אָפּגעקילט אונזער באַציאונג.

יוליאַ מאָווישאָוויטש (זי איז שוין געשטאָרבן אין אַמעריקע) אַן אינטעליגענט קלוג און ענערגיש מיידל, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו אונזער רעוואָלוציאָנערן קרייז, האָט געהאַט די מעג־לאַכקייט צו באַקומען פון איר רייכן פעטער 800 רובל מזומנים, מיט'ן תנאי, אַז זי זאָל חתונה האָבן. די 800 רובל וואָלטן זייער צונוץ געקומען פאַר רעוואָלוציאָנערע צוועקן און איר אויך. איז

אונז איינגעפאלן מאכן אַ פיקטיווע חתונה, כדי צו באקומען די געלט.

אין די 60טע יאָרן, אין שטורם און דראנג פון דער פרויען־עמאנציפאציע־באוועגונג ביי די רוסן, זיינען פיקטיווע חתונות געווען אַ פארשפרייטע דערשיינונג. מיט אַ פיקטיווער חתונה פלעגט זיך דאָס רוסישע מיידל ראטעווען פון די עלטערענס „אָפּיעקע" און אמאָל פון פאמיליען־גיהנום.

אָט די פיקטיווע חתונות זיינען געווען אַ גרויסער קרבן פאר ביידע צדדים. די רוסישע קירכע אָנערקענט ניט קיין גט. נאָר אין איינצעלנע פאלן, דורך אַ משפט און דורך דער העכסטער אינסטאנץ פון דער רוסישער קירכע — דעם סינאָד, באקומט מען אַ דערלויבניש אויף צו גט'ן זיך. האָט אַ פּאָר פאָלק חתונה, זיינען זיי שוין אויף אייביק פארבונדן, ווי אומגליקלאך ס'זאָל ניט זיין זייער געמיינזאמער לעבן.

נאָר די באגייסטערטע רוסישע יוגנט פון די 60טע און אויך פון די 70סטע יאָרן האָט זיך ניט אפגעהאלטן פון אזא קרבן, און פיקטיווע חתונות זיינען פארגעקומען. ס'איז באוואוסט די פיק־טיווע חתונה פון דער וועלט־בארימטער מאטעמאטיקערן סאָפיע קאָוואלעווסקאיא. זי האָט חתונה געהאט, כדי צו באקומען די מעגלאכקייט צו פאָרן שטודירן און פארטזעצן איר מאטעמאטישע בילדונג.

פון דער ליטעראטור זיינען באוואוסט אַ סך מיידלאך־רעוואָ־לוציאָנערינס, וואָס האָבן חתונה געהאט, כדי ארויסצורייסן זיך פון די עלטערנ'ס הויז, און שוין מיט אַ פּאַס אויפ'ן מאנ'ס נאָמען „אוועקגיין אין פאָלק".

דער בארימטער קאָוואלעווסקאיא און אנדערע רוסישע פרויען האָבן די פיקטיווע חתונות אַ סך אומגליקן געבראכט.

ביי אידן שטייט די זאך אנדערש: מ'קאָן היינט חתונה האָבן און מאָרגן גט'ן זיך.

האָט זיך דער גאנצער פּראָיעקט פון יוליעס פיקטיווע חתונה אויסגעוויזן פאר אַ גאנץ גלייכן. מען האָט אָבער באדארפט קריגן אַ חתן, אויף וועלכן דער פעטער זאָל איינגיין. דארף עס זיין אַ

מענטש מיט אַ שטיקל באַשעפּטיקונג, ער זאָל קאָנען געבן ברויט אַ ווייב.

דער פּאַסיקסטער מענטש דערצו איז געווען סאָניעס חתן: ער איז שוין דאַמאָלסט געווען פּאַרוואַלטער אין אַ גרויס געשעפט אויף נאַלעווקעס, וואָס האָט געהערט צו זיינעם אַ פעטער.

מען האָט אים איינגעלאַדן צום ראש המדברים פון אונזער קרייז, צו ליבינען, און די אונטערהאַנדלונגען האָט געפירט טאַקע ליבין אַליין, אין יוליעס געגנוואַרט. איך האָב בייגעוואוינט די סצענע פון די אונטערהאַנדלונגען, און קאָן ניט זאָגן, אַז די סצענע איז געווען אַן אַנגענעמע.

דער יונגערמאַן איז אין פּרינציפּ געווען איינשטימיג: אַזאַ זאַך קאָן מען מאַכן. פאַרוואָס זאָל מען דאָס ניט טאָן לטובת רעוואָלוציע? דאָך האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון געבן אַ קאַטעגאָרישן ענטפער. מען האָט דעם בחור אַזוי לאַנג געמאַטערט, ביז ער האָט געגעבן זיין הסכמה.

נאָר דאָ האָט זיך באַוויזן אויף דער סצענע זיין כלה, סאָניע. ווען זי איז געוואר געוואָרן וועגן וואָס מען האָט איינגעלאַדן איר חתן, האָט זי געלייגט אַ וועטאָ אויף דעם געפערלאַכן עקספּערימענט מיט דער פיקטיווער חתונה.

דער עולם איז שטאַרק ברוגזלאַך געווען אויף סאָניען, נאָר נערעכט איז זי געווען. די מעשה מיט דער פיקטיווער חתונה האָט זיך אויסגעלאָזט זייער טרויעריק ניט פאַר סאָניען און איר חתן, נאָר פאַר אַן אַנדער בחור און פאַר יוליען.

אַ בעלן אויסצופירן דעם פּראָיעקט מיט דער פיקטיווער חתונה האָט זיך געפונען. דאָס איז געווען אַן אַפּטייק-געהילף, זונדעלעוויטש, אַ ברודער פון דעם באַרימטן רעוואָלוציאָנער.

דעם פעטער איז דער שידוך געפעלן געוואָרן, און מען האָט מיט מזל געשטעלט אַ חופּה. נאָר דאָ האָט פּאַסירט אומדערוואַרטעטעס: דער פיקטיווער מאַן האָט זיך, ווי מען דריקט זיך אויס אין די ראָמאַנען, שטערבלאַך פאַרליבט אין דער פיקטיווער ווייב. זי האָט אָבער צו אים זיך גאַנץ קאַלט באַצויגן, און צו ווערן זיינע אַווירקלאַכע ווייב האָט זי גאָר קיין חשק ניט געהאַט.

וועגן גט איז שוין קיין רייד ניט געווען; ער האָט פשוט ניט געוואָלט געבן קיין גט.

צוויי יאָר, דאַכט מיר, האָט מען זיך געמאַטערט מיט אים, ביז מען האָט ארויסגעריסן פון אים דעם גט.ביידע האָבן שטאַרק געליטן. מען האָט דערציילט, אז ער האָט שוין אָנגעהויבן שפּייען מיט בלוט. דאָך האָבן זיי זיך גע׳גט. זי איז אוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, און ער איז אין אַ צייט אַרום פארשיקט געוואָרן אין סיביר אלס פּאָליטישער פארברעכער.

די מעשה מיט דער פיקטיווער חתונה האָט נאָך מיך מער דערוויטערט פון סאָניען. אין האַרצן האָב איך ניט באשולדיקט סאָניען, נאָר זי האָט אליין דערווייטערט זיך, און געמוזט זיך דער־ווייטערן פון אונזער קרייז, פון אונזערע אינטערעסן. במילא בין איך אויך פערזענלאָך געוואָרן אַביסל ווייטלאָך פון איר.

אונז פלעגט נאָך אָבער בינדן אַ ליבע צו איין מענטשן. זי האָט ליב געהאַט איר ברודער, שמואלקע, און איך האָב אים אויך זייער ליב געהאַט. פלעג איך פון צייט צו צייט אריינגיין צו איר געוואָרע ווערן, וואָס הערט זיך מיט שמואל׳קען.

און שמואלקע איז שוין דאַמאָלסט געווען אין אמעריקע.

שמואלקען האָט זיך ניט געוואָלט בלייבן קיין זעצער. ער האָט געוואָלט דערגרייכן אַן אנדער קאַריערע — ער האָט געוואָלט שטו־דירן. און אין מיטן איז אונטערגעשפּרונגען דער פּריזיוו, איז ער אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע, קיין ניו יאָרק.

אין אָנהייב האָט ער געשריבן פון דאָרט גאַנץ אינטערעסאַנטע בריוו. אַ צייט איז ער ארומגעגאַנגען ליידיק, געזוכט ארבעט, נאָר ס׳האָט זיך אַלץ ניט געמאַכט. און אַמאָל לעזט ער איבער אַ מודעה אין אַ צייטונג, אַז ס׳פאָדערן זיך מענטשן אין אַ פאַרם. ער איז געקומען אויפ׳ן אָרט, וואָס איז געוויזן געוואָרן אין אַנאָנס, און ער און נאָך „גרינע" זיינען אָנגענומען געוואָרן צו דער ארבעט.

די פאַרם איז געווען ניט ווייט פון ניו יאָרק. אין זעלבן טאָג איז ער שוין געווען אין פאַרם, און מען האָט אים באַלד אוועקגעשטעלט פּאַשען פי.

„שטעלט זיך פאָר — שרייבט ער אין זיין בריוו — מיך אין אַ

שטרויענעם הוט, מיט א לאַנגן בייטש אין די הענט, און איך טרייב א גאַנצע סטאַדע".

דער פאַרמער האָט אָנגענומען „גרינע" און זיי שטאַרק עקס־פּלואַטירט. זיי האָבן אַ קורצע צייט געליטן, און נאָכדעם פאַר־סטרייקט. דער הויפּט־סטרייקער איז געווען שמואלקע, איז ער פון פאַרם ארויסגעפלויגן.

צוריק קיין ניו יאָרק, צוריק אָן אַרבעט, צוריק לויפעניש אין פאַרשיידענע שטעלן לויט די אַנאָנסן. איינמאָל לייענט ער דורך אַן אַנאָנס אין א צייטונג, אַז אין אַ רעסטאָראַן פאָדערט זיך א קעלנער אויף צוויי שעה אַרבעט פאַר מיטאָגן און א קליין געהאַלט. נאָך פאַר דער אָנגעוויזענער דורכ'ן אַנאָנס שעה, איז ער געקומען אויפ'ן אָרט. דער וואַרט־צימער איז שוין געווען פאַרפולט מיט מענטשן: עס זיינען דאָ געווען מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציעס, פון פאַרשיידענעם שטאַנד און אַפילו פון פאַרשיידענע ראַסעס.

פּונקט צו דער צייט איז געקומען אַ דזשענטלמאַן און אוועק־געזעצט זיך אין א צווייטן צימער לאָרנירן אַלע פאַרשוינען פון וואַרט־צימער. געקוקט, געקוקט, און ענדלאך האָט מען דעם איין איינציקן שמואלקען אַריינגערופן, און ער איז אנגענומען געוואָרן אויף דער שטעלע.

אין א צווייטן בריוו שרייבט ער: „שטעלט זיך פאָר מיך, מיט א סערוועטקע אונטער דער האַנט, מיט א טאַץ טעלער, און איך דערלאַנג מיטאָג צו די טישן".

די שטעלע האָט אים אויף די פיס געשטעלט. ער איז שוין געווען פאַרזיכערט מיט עסן, און האָט שוין געהאַט צייט צו לערנען זיך.

א פּאָר יאָר איז ער געווען אויף דער שטעלע. אַז ער האָט שוין געקענט ווי געהעריק ענגליש, איז ער אָנגעקומען אַלס זעצער און גלייכצייטיק מיטאַרבעטער אין אַ פּראָווינציעלער אַרבעטער־צייטונג. דאָ האָט ער שוין גיך געמאַכט א קאַריערע.

נאָר גליקלאך איז ער ניט געווען: ער האָט צופיל מזל געהאַט ביי פרויען. זיין כלה, די פאָלקע, איז געקומען צו אים קיין אַמע־ריקע, און אויך איז אוועקגעפאָרן אהין א אידיש מיידל פון גראָדנע, וואָס איז אויך ניט געווען גלייכגילטיק צו שמואלקען.

פון אָנפאנג האָבן ביידע מיידלאך גאנץ גוט געלעבט צווישן זיך. נאָר מיט דער צייט... וואָס איז דאָרטן פאָרגעקומען, ווייס איך ניט, נאָר סאיז דערגאנגען צו מיאוסע סצענעס צווישן זיי ביידע.

דאָס אידישע מיידל איז משוגע געוואָרן. שמואלקע האָט איר אַוועקגעפירט צו אַ פּאָרט אין אייראפּע און אהין ארויסגערופן אירע קרובים. א שווערן וועג האָט ער געהאט: דאָס מיידל האָט געפּרובירט זיך אריינוואַרפן אין ים אריין.

זי איז ערנסט קראנק געוואָרן. איר צארטער אָרגאַניזם האָט ניט אויסגעהאלטן, און זי איז געשטאָרבן, שוין אין דער היים, ביי די עלטערן.

אפּנים, זיין געליבט דורך פּרויען איז ניט אלעמאָל אן אנגענעמע זאַך.

אין איינע פון זיינע רייזעס קיין אייראפּע, האָט ער זיך בשתיקה אראָפּגעכאַפּט קיין ווארשע. ער האָט זיך צו מיליטערדינסט ניט געשטעלט, און ער האָט מורא געהאט אריינפאלן צו דער פּאָליציי אין די הענט. ער איז דאָ געווען באהאלטענערהייט אַ וואָך אָנדערהאלבן, און ער איז אין ערגעץ ניט געגאנגען, כדי ניט אריינצופאלן.

מיר האָבן זיך געזען. ווען סאָניע האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז שמואלקע איז דאָ און וויל זיך מיט מיר זען, האָב איך זיך זייער דערפרייט, און בין באלד אוועקגעלאָפן צו אים.

מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז אין אָוונט, ווען אין דער פינסטערניש וועט זיין שווער דערקאָנט צו זיין, וועט ער קומען צו מיר אין צימער, וואו מיר וועלן אומגעשטערט קאָנען רעדן.

איך בין דאמאָלסט געווען מיט א פארביטערט הארץ, און די סבה איז געווען: ליבע צו א מיידל. מיט די חברים רעדן וועגן מיינע איבערלעבונגען האָב איך ניט געקאָנט, האָב איך פאר אים אויסגעגאָסן מיין גאנץ הארץ, און איך האָב געהאָפט, אז ער וועט מיר מיטפילן. ער האָט אבער צו מיין גאנצער ליבע באצויגן זיך קאלט. ער האָט שוין, הפּנים, געהאט גענוג ערפארונג אין דעם, און האָט גערעכנט, אז פון דער ארט קרענק קורירט מען זיך סוף כל סוף אוים.

מיך האָט זיין קאַטלקייט פאַרדראָסן, און איך האָב וועגן מיינע אַנדערע איבערלעבונגען מיט אים גאָרניט גערעדט, ווייניקסטנס, איך געדענק ניט, איך זאָל מיט אים רעדן. ער האָט מיר דערציילט וועגן זיין פּוילישער כלה און דער „צווייטער כלה“, און דערמיט איז ער אַוועקגעפאָרן, און איך האָב וועגן אים לאַנגע יאָרן ניט געהערט און ניט געוואוסט, וואָס מיט אים איז.

שמואלקעס שוועסטער האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע, אויפ׳ן עק שטאָט, ניט ווייט פון דער פאַבריק, וואו איר מאַן איז געווען דירעקטאָר, און מיר פלעגן זיך ניט טרעפן.

עס זיינען אַוועק יאָרן. און אָט איינמאָל טרעף איך אויף נאַלעווקעס סאָניען. איך האָב זיך מיט איר דערפרייט, ווי מען דערפרייט זיך מיט אַ ליבע שוועסטער, וועלכע מען האָט שוין לאַנג ניט געזען. מיר זיינען שוין ביידע אין די יאָרן, ביי אונז איז שוין לאַנג נאָך אונזערע חתונות, מיר האָבן שוין גענוג קינדערלאַך.

מיר האָבן ביידע אָפּגערעדט, אַז אויף אַ באַשטימטן טאָג זאָל איך קומען צו איר. איך בין געקומען. זי און איר מאַן האָבן געוואַרט אויף מיר. מיר האָבן אָבער ניט געוואוסט, פון וואָס אָנצוהייבן; אַזוי פיל יאָרן פאַרשוואונדן געוואָרן, אַזוי פיל ערינערונגען אויפגעשוואומען... מיר געדענקען נאָך, ווען מיר זיינען נאָך יונג געווען. מיר געדענקען נאָך די צייט, ווען מיר האָבן אַזוי פיל חלומות געהאַט; מיר געדענקען נאָך אַ סך „נאַ־רישקייטן“ פון די יונגע יאָרן...

פון אָנפאַנג האָט סאָניע אַלץ גע׳טענה׳ט, ווענדנדיק זיך צום מאַן: „זע, זע קאַטיקן! ער איז שוין אַ באַיאָרנטער מענטש! (איך בין שוין דאַמאָלסט געווען העכער 40 יאָר). דו געדענקסט דעם קאַטיאַנאָק?“... (סאָניע פלעגט מיך אַמאָל רופן אָנשטאָט קאַטיק — קאַטיאַנאָק).

מיר האָבן זיך סוף כל סוף צערעדט. מיר זיינען געשפּרונ־גען פון טעמא צו טעמא, מיר האָבן גערעדט וועגן אַלץ און וועגן גאָרניט, נאָר סוף כל סוף האָב איך מיר געמאַכט אַ גענויעם סך־הכל, וואָס איז מיט מיין פריינדין פון די יונגע יאָרן.

זי איז מאַטעריעל באַזאָרגט, האָט אַ זון, וואָס האָט פאַר־

ענדיקט אַן אַגראָנאָמישע מיטלשולע; אַ טאָכטער, וואָס האָט געענדיקט גימנאַזיע, און קלענערע קינדער, וואָס באזוכן פוילישע גימנאַזיעס. זי איז טריי געבליבן דער רוסישער קולטור. מיטן מאַן רעדט זי רוסיש, מיט די קינדער אָבער — פויליש. מאָמענטענווייז בענקט זי נאָך אַ אידישער סביבה, נאָר אפשר דערפאַר, ווייל די פוילישע סביבה, וואָס האָט זיך באשאפן דורך די קינדער, איז איר אינגאַנצן פרעמד.

דער זון איז אינגאַנצן פּאָלאָניזירט. ער האָט פאַר דער אַגראָנאָמישער שולע באזוכט דאָס זעלבע דריטע גימנאַזיע, וואו איך האָב אַ קורצע צייט, זייענדיק דאָרטן אַלס שילער, געפּרואווט זייען זוימען פון דעם רעוואָלוציאָנערן, סאָציאַליסטישן געדאַנק אין זיין רוסישער פאָרם. דער זון אירער איז שוין אין דערזעלבער גימנאַזיע געוועזן ארומגערינגלט מיט אַ ריין־פּוילישער סביבה, וואָס האָט ניט גע׳חלומ׳ט וועגן רעוואָלוציע, וועגן סאָציאַליזם, נאָר אפשר וועגן „פּאָווסטאַניע“.

די אַגראָנאָמישע שולע, וואָס ער האָט געענדיקט, איז געוועזן אויסשליסלאַך אַ פּוילישע, און פּראַקטיצירט האָט ער אין אַ גוט, ביי אַ גוט־באַזיצער, אַ פּאָליאַק. ער האָט זיך שוין אַזוי ווייט אסימילירט, אַז אויף דער פאָטאָגראַפיע, וועלכע מען האָט מיר געוויזן, איז שוין נישט קאָנטיק געוועזן זיין אידישע אָפּשטאַמונג.

די טאָכטער אירע איז אויך געוועזן ווייט פון אידן, נאָר, זעט אויס, אַנדערש געזאָנען, ווי איר ברודער. זי איז געוועזן אין דערהיים, ווען איך בין געקומען: זעט אויס, אַז איר מוטער האָט איר דערציילט, ווער עס דאַרף קומען. מיט נייגעריקע אויגן האָט זי געקוקט אויף איהר מוטער׳ס פריינד פון די מיידלשע יאָרן, אויף דעם וואַרימען צוקושן זיך ביים קומען, אויף דער מאַמע׳ס אויפלעבונג, אויפ׳ן זאָגן אַ פרעמדן מאַנסביל „דו“ — און דאָס אַלץ אין געגנוואַרט פון מאַן, און די פרייד פון פאָטער, ווען ער האָט דערזען העם גאַסט.

מיט אַקטיוון נייגער האָט זי אָנגעהויבן קוקן אויף מיר, ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך ארבייט אין דער אידישער ליטעראַטור (איך האָב דאַמאָלסט רעדאַגירט דעם „הויז דאָקטאָר“, געשריבן

אַ לער־ביכל און געדרוקט אַרטיקלען אין „פריינד“), און אַז איך בין אַן אָנהעגנגער פון אידיש.

דאָס מיידל, דעם דירעקטאָר׳ס טאָכטער, האָט שוין דאַמאָלט געלערנט מיט אַ קרייז פון אַרבעטערינס. זי, זעט אויס, איז שוין געווען נאָענט, אָדער האָט זיך געצויגן צו דער פּוילישער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג, און קלאַנגען פון דער אידישער אַר־בעטער באַוועגונג זיינען שוין צו איר דערגאַנגען, און סטיכיש האָט זי געמוזט שוין פילן, אַז יענע באַוועגונג איז איר ניט פרעמד. ווייניקסטנס, אַזאַ איינדרוק האָב איך אַרויסגעטראָגן פון די עט־לאַכע פראַגן, וואָס זי האָט מיר געשטעלט. איך האָב איר צוגע־זאָגט אַריינגיין ספּעציעל צו איר, כאַפּן מיט איר אַ שמועס. נאָר ביים צוזאָג בין איך דאַמאָלסט צום באַדויערן געבליבן: צופיל האָט מיך איינגעשלונגען מיין דירעקטע אַרבעט.

ווען איך בין שפּעט ביינאַכט אַוועק פון מיינע פריינד און געגאַנגען איבער די שטילע גאַסן פון וואַרשע צו זיך אַהיים, אויפ׳ן אַנדערן עק שטאָט אין אידישן קוואַרטאַל, האָב איך זיך מאָדנע גע־פילט: אַזעלכע נאָענטע, ליבע, טייערע געזיכטער, און אַזעלכע ווייטע מענטשן, און דאָס אומבאַקאַנטע מיידל פון יונגן דור, וואָס איז געוואַקסן אין דער זעלבער סביבה, אין וועלכער איך האָב זיך געהאָדעוועט אין מיינע יונגע יאָרן, און זי הויבט אָן דעמזעלבען וועג אַוועקגיין פון דער סביבה, צו וועלכער מיר האָבן זיך אומ־געקערט צוריק נאָך פיל יאָרן פון מי און מאַטערניש...

און די עלטערן אירע, אַזוי ווי קאָנסערוואַטיווע מומיעס, זיינען נאָכ׳ן פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן געבליבן טריי דער שפּראַך און דער קולטור, וועלכע האָבן געגעבן די אידייען פון זייערע יונגע יאָרן. מומיעס, אָפּגעשטאָרבענע מענטשן... טרעפן זיך מיט זיי... צוליב וואָס?... אויפלעבן די לאַנג ביי זיי פאַרשטאָרבענע געפילן און געדאַנקען... זען זיך נאָכאַמאָל, כדי שוין אינגאַנצן אַוועקגיין פון זיי, ווייל די געגנוואַרט מוז דערמאָנען דעם גאַנצן מרחק, וואָס איז צווישן מיר און צווישן זיי... אַ שאָד אינגאַנצן אַוועקצוטרייבן די אילוזיעס פון די יונגע יאָרן...

און שמואל׳קע, ווען אים בין איך אויך געוואָר געוואָרן אין מיין יעצטיקן וויזיט, און מער וועל איך שוין ניט געוואָר ווערן.

ער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַמעריקאַניזירטע מיידל, וואָס שטאַמט פון רוסלאַנד, און ער פאַרדינט גאַנץ געשמאַק: ער איז אינספּעקטאָר פון אַ פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט. וואָס ווייטער איז מיט אים, צו האָט ער אַ וועלכען ס'איז „אני מאמין", ווייס סאָניע ניט.

אי שמואל'קע אי סאָניע האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין מיין לעבן, און מיר איז אַ שאָד געוועזן די אַמאָליקע אונזערע אילוזיעס. מיר פלעגן זיך טיילן מיט אונזערע איבערלעבונגען, מיר פלעגן צוזאַמען זוכן אַן ענטפער אויף די פראַגן, וואָס האָבן אונז געמאַטערט, און אין די ערשטע יאָרן פון מיין זוכעניש זיינען זיי מיר געוועזן שטאַרק באַהילפיק: זיי זיינען דאָך געוועזן עלטער פאַר מיר.

שמואל'קע איז מיר געוועזן נאָך נענטער פון סאָניע'ן. מיר פלעגן אָפט צוזאַמען גיין, זוכן קאָמפּאַניע, וואָס זאָלן באַפרידיקן אונזער יונגן נייגיר, און ער איז אַ צייט געוועזן מיין שטענדיקער באַגלייטער. און אָט, געדענק איך, זיינען מיר ביידע אריינגעפאַלן אין אַ הויז, וואָס איז געוועזן אַ שליסל פאַר מיינע ווייטערדיקע באַקאַנטשאַפטן.

אין איינער פון אונזערע זוכענישן האָבן מיר פאַרבלאָנזשעט, איך געדענק ניט ווי אזוי, אין אַ הויז אויף וואָלינסקע גאַס, אויף אַ פּאַציאַטקע, וואו עס האָט געוואוינט דאָס פּאָר־פאָלק פירסטענבערג.

די באַלעבאָסטע, אַן אשת חיל, אַ פרוי, וואָס האָט זיך אַליין דורכגעשלאָגן אַ וועג. נישט האָבנדיק קיין בילדונגס־צענז, איז זי מיט ענערגיע און פראַצע דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט איר צוגענומען אויף אַקושערן־קורסן, און ווען מיר האָבן זיך מיט איר באַקאַנט, האָט זי געהאַלטן אין מיטן סטודיום.

זי איז געוועזן אַן עמאַנציפּאַנטקע ניט פון בוך, ניט פון לעזן, נאָר פון אייגענעם שכל.

אין דער הינזיכט איז זי געוועזן אַ טיפּישע אידישע פרוי. די אידישע פרוי איז געוויינט צו אַרבעטן ניט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך פאַר'ן מאַן און הויז־געזינד. נאָר דער קוק פון דער פירסטענבערג אויף אַרבעט איז געוועזן אַן אַנדערער. זי דאַרף אַר־

בעטן און זיין זעלבסטשטענדיק, דער מאַן קאָן זיך זיין וואָס ער וויל, נאָר זי דאַרף ניט זיין אָפּהענגיק פון אים.

אין דער הינזיכט זיינען אירע בליקן געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט די טעאָריעס, וואָס עס האָט אַנטוויקלט די רוסישע ליטעראַטור, וועלכע האָט באאיינפלוסט די מאָדערנע אידישע פרוי.

זי האָט מיטגעפילט יעדער איינציקער, וואָס האָט זיך גע־צויגן צו זעלבסטשטענדיקייט, און ביי איר איז געווען אַן עיר מקלט פון אַנגעקומענע מיידלאַך.

איך האָב דאָ געטראָפן אַזעלכע, וואָס זיינען געקומען קיין וואַרשע זוכן ניט נאָר ברויט, נאָר אויך אידייען; אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט באַפרידיקן ניט נאָר זייערע מאַטעריעלע באַדערפ־נישן, נאָר אויך קולטורעלע; אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט באַ־פרידיקן ניט נאָר דעם גוף, נאָר אויך די נשמה. דאָס זיינען גע־ווען אַם מייסטן מיידלאַך.

דאָ האָב איך מיך צום ערשטן מאָל געטראָפן מיט דער פרויען־עמאַנציפּאַציע באַוועגונג ביי אידן. די פרויען־עמאַנציפּאַציע באַ־וועגונג, וויינ־יקסטנס אין אַ קענטיקע פאָרם אַלס מאַסן־באַוועגונג, האָט זיך איצט אָנגעהויבן ביי אונז אין די 80סטע יאָרן, וועלכע זיינען געווען דער קולמינאַציאָנס־פּונקט פון דעם קריזיס, וואָס דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן צו איבערלעבן נאָך דער פּוילערים באַ־פרייאונג; דער קריזיס איז געווען נישט נאָר אַ מאַטעריעלער, נאָר אויך אַ קולטורעלער.

די השכלה־באַוועגונג האָט שוין אָנגעוואָרן איר התלהבות, איר ברען. די גרופּן, אין וועמעס אינטערעסן איז געלעגן די השכלה־באַוועגונג, האָבן שוין זייערס דערגרייכט. זיי האָבן זיך שוין אַרויסגעטיילט אין אַ באַזונדער גרופּע, און זייערע פאָ־דערונגען זיינען שוין טיילווייז געווען דערגרייכט; זייערע פאָס־טולאַטן זיינען שוין אריין אין לעבן. דאָס לערנען רוסיש, דאָס דערנענטערן זיך צו אַ פרעמדער קולטור, איז שוין ניט געווען קיין זאַך, פאַרוואָס מען האָט באַדאַרפט קעמפן. מען האָט שוין קינדער געגרן אַוועקגעגעבן אין די גימנאַזיעס, מען האָט שוין גע־

לערנט רוסיש אין פּריוואַטע שולן, ביי פּריוואַטע לערער, און וועגן רייד „שקאָל ניע זשעלאַיעם" האָט מען שוין לאַנג פאַרגעסן.

דער רוסיש־אידישער אָרגאַן האָט שוין ניט באַדאַרפט זוכן קיין לעזער; דער עולם האָט גערן געלעזן דעם „וואָסכאָד", און אַפילו די רוסישע ציימונג „נאָוואָסטי", וועלכע איז געווען רעדאַגירט דורכ'ן איד נאָטאָוויטש און וועלכע האָט זיך גערעכנט פאַר אַ אידישע צייטונג.

אין די 80סטע יאָרן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אויף דער אידישער גאַס נייע אידייען, וועלכע האָבן געדאַרפט אריינטראָגן אַ נייעם אינהאַלט אין אידישן לעבן.

באַזונדערס שטאַרק האָבן געדאַרפט אריינגעצויגן ווערן אין שטראָם פון די נייע אידייען די יונגע דורות פון דער אידישער פרוי. די השכלה־באַוועגונג האָט זיך מיט דער אידישער פרוי ניט אינטערעסירט; די אידישע פרוי איז געבליבן אויסער דער באַוועגונג. די טאָכטער פון דעם משכיל איז דירעקט אריבער צו אַ פרעמדער קולטור, צו אַ פרעמדער שפּראַך, צו אַ פרעמדער ליטעראַטור, אָן שום קאַמף. זי האָט ניט געקעמפט, ווי איר עלטערער ברודער אָדער אייגענער פאָטער, פאַר דאָס רעכט צו לערנען אַ פרעמד שפּראַך, וועלטלאַכע וויסנשאַפט.

ניט זי האָט געשאַפן די השכלה־באַוועגונג און ניט איר מוטער, און ניט זי און ניט איר מוטער האָבן גענומען אַן אָנטייל אין דער באַוועגונג.

אַ דאַנק אָבער דער רוסישער ליטעראַטור ווערט זי געוואָר, אַז ס'איז דאָ אַ פרויען־פראַגע, אַז ס'איז דאָ אַ פרויען־עמאַנציפּאַציע־באַוועגונג, אַז די פרוי דאַרף ניט לעבן ווי אַ מינדעריעריקע פּערזאָן, וואָס דאַרף זיך האַלטן פריער ביי די עלטערן און נאָכדעם ביים מאַן, אַז זי קאָן ווערן און דאַרף ווערן זעלבשטענדיק.

די זעלבע רוסישע ליטעראַטור האָט געגעבן די פּאַרטיקע פאָרמען, ביי וועלכע מען דאַרף זיך האַלטן. דער באַוואוסטער ראָמאַן פון טשערנישעווסקין „וואָס טוט מען?" האָט איר געגעבן אַ גאַנצן קאָדעקס, ווי עס דאַרף זיך אויפפירן די נייע זעלבשטענדיקע פרוי, ווי זי דאַרף לעבן, ווי זי דאַרף אוועק־

שטעלן אירע באציאונגען צו איר מאַן א. א. וו. אַנדערע ביכער האָבן דערגענצט אירע ידיעות אין דעם זין.

דעם ראָמאַן „וואָס טוט מען?" און אַנדערע פּלעגט ברענגען אויף קאַניקול דעם גבירס זון, וואָס האָט שוין שטודירט אין אַ רוסישן אוניווערסיטעט; ס'האָט אים געבראַכט דער ישיבה בחור, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן אין דער גרויסער שטאָט אַ דאַנק זיין ברען צו דער השכלה, און דאָרטן אונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון דער רוסישער ליטעראַטור און דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זיי זיינען אויך געווען די ערשטע מאַנסבילן, וואָס האָבן געפּרעדיקט פאַר דער פרוי וועגן דער פרויען־עמאַנציפּאַציע, וועגן דער זעלבשטענדיקייט פון דער פרוי, וועגן דער גרויסער און הויכער ראָליע, וואָס זי דאַרף שפּילן אין לעבן.

דאָס זיינען געסט געווען אין שטעטל, וואָס פלעגן קומען אַהין אָדער אויף קאַניקול אָדער זיך אָפּרוען אויף אַ קורצע צייט. נאָך זייער צייטווייליקן זיין אָבער פלעגט בלייבן אַ באַשטימטע שטימונג צווישן דער יוגנט, פלעגט בלייבן אַביסל ליטעראַטור, פלעגט זיך אויך אַמאָל שאַפן אַ קרייז פון זעלבסט־בילדונג, וואָס פלעגט זיך פאַרבינדן מיטן צענטער.

פאַר די פאַרבליבענע זיינען שוין די אידייען אין די ביכלאָך, וועלכע עס האָבן אַראָפּגעבראַכט די געסט, געווען ווי שטערן אין אַ פינסטערע נאַכט, וואָס האָבן זיי געלויכטן און געוויזן דעם וועג, ווי זיי דאַרפן ווייטער גיין, און זיי פלעגן אָנהויבן טראַכטן וועגן גיין.

אין וואָס זיינען אָבער באַשטאַנען די אידייען, וועגן וועלכע ס'זיינען געוואָר געוואָרן אָט די אידישע מיידלאָך? דאָס זיינען געווען אידייען, ווי געזאָגט, אַריבערגעטראָגענע פון רוסלאַנד. אמת, אַביסל מיט אַ קליינער פאַרשפּעטיקונג. ווען ביי די רוסן האָט מען שוין געהאַלטן ביי „עלינו" און ביים אויסשפּייען, האָט דאָס אידישע מיידל אין ליטע ערשט אָנגעהויבן פון „הודו".

די פרויען־עמאַנציפּאַציע באַוועגונג האָט זיך אין רוסלאַנד באַוויזן אין דער עפּאָכע, אין וועלכער ס'איז געמאַכט געוואָרן אַן איבערראשאַצונג פון אַלע ווערטן, פון אַלע באַגריפן. אין דער

רוסישער ליטעראַטור איז די פרויען־עמאַנציפּאַציע־באַוועגונג שוין לאַנג געווען געפּרעדיגט אונטער דער ווירקונג פון דער פראַנצויזישער שרייבערין זשאָרזש זאַנד. נאָר אין די 60ער יאָרן איז זי אריין אין לעבן אַלס אַ מאַסן־באַוועגונג. געהאָלפן דערצו האָט דער רוסישער ניהיליסט, וואָס האָט געקעמפט מיט אַלע סאָרטן טראַדיציעס, מיט פאַרשיידענע אויטאָריטעטן, גע־קעמפט פאַר גלייכבארעכטיקונג פון אַלע מענטשן אָן אויסנאַם.

די פרוי איז דערזעלבער מענטש, וואָס דער מאַנסביל, קאָן דעריבער ניט זיין קיין חלוק צווישן פרויען און מאַנסבילן, און די רוסישע פרוי האָט זיך געוואָלט פאַרגלייכן מיטן מאַן אין אַלעמען: אי אין מלבושים, אי אין געוואוינהייטן, אי אין באַ־נעמונג. זי האָט זיך אָנגעהויבן אָנצוטאָן, ווי דער מאַנסביל, רויכערן, אַפילו טרינקען. דאָס, פאַרשטייט זיך, איז אָן „איבער־זאַלצונג", און אָן איבערזאַלצונג אפשר אַ גאַנץ נאַטירלאַכע פאַר יעדער באַוועגונג. נאָר ניט אין דער „איבערזאַלצונג" איז באַ־שטאַנען דער תוך פון דער רוסישער פרויען־עמאַנציפּאַציע־באַ־וועגונג. דער תוך איז באַשטאַנען אין פּרינציפּ פון אַרבעט. דער מאַנסביל האָט די מאַכט, דער מאַנסביל איז שטאַרק, ווייל ער אַרבעט און שאַפט מאַטעריעלע ווערטן, דאַרף די פרוי אויך אַרבעטן און ווערן עקאָנאָמיש אומאָפּהענגיק פון וועמען ס'איז.

און די רוסישע פאָרגעשריטענע פרוי האָט גענומען אַרבעטן אויף אַלע געביטן. אַ טייל איז אַוועקגעפאָרן אין די שוויי־צאַרישע אוניווערסיטעטן צו באַקומען בילדונג, כדי צו קאָנען באַשעפטיקן זיך מיט פרייע פּראָפעסיעס. אַ טייל פון זיי איז געוואָרן אַקושערינס, פעלדשערינס, לערערינס. אַ גרעסערער טייל אָבער האָט זיך גענומען צו גאַנץ פשוטע פיזישע פרויען־אַרבעטן, ווי שניידעריי א. ד. גל.

איצט איז אַרבעט פון אַ פרוי אַ גאַנץ געוויינלאַכע דערשיי־נונג אין לעבן, נאָר דאַמאָלסט איז עס געווען אַ נייס, און ווי יעדער נייס האָט עס אַרויסגערופן באַגייסטערונג, מסירת נפש און, פאַרקערט, אויך שנאה.

ס'איז באַוואוסט אַ געוויסער פאַקט. אין פּעטערבורג, אויף נעווסקי פּראָספּעקט, איז געווען אַ בוכהאַנדלונג פון דעם באַ־

וואוסטן אין זיין צייט סערנאַ־סאָלאָוויאָוויטש. ער האָט איינ־געלאַדן צו זיך אין געשעפט פאַר א „פּריקאַזטשיצע“ אַן אינטע־ליגענטע פרייל, און דער עולם איז, ווי אויף א בייז וואונדער, געלאָפן זען, ווי עס אַרבעט א פרויענצימער. דער עולם איז געווען פון אָנהויב אַזאַ גרויסער, אַז פּאָליציי האָט אים געמוזט צעטרייבן.

אָט די באַוועגונג פון די 60טע יאָרן האָט אַזאַ שטויס געגעבן די רוסישע פרוי, אַז זי האָט געגעבן א סך טוערקעס אויף אַלע געביטן פון מענטשלאַכער אַרבעט.

אַביסל אַן אַנדער כאַראַקטער טראָגט די פרויען־עמאַנצי־פּאַציע־באַוועגונג אין רוסלאַנד אין די 70טע יאָרן. די רוסישע פרוי הויבט אָן צו נעמען א מאַסן־אַנטייל אין דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג פון רוסלאַנד; דאָס רוסישע מיידל איז גלייך מיט איר ברודער־סטודענט, אָדער בכלל אינטעליגענט, אַוועק אין פאָלק, און צוזאַמען מיט אים, האַנט ביי האַנט, פאַרשפּרייט אין פאָלק רעוואָלוציאָנערע, סאָציאַליסטישע אידייען.

די רוסישע פרוי איז באַשריבן געוואָרן אין פיל ביכער, און באַזונגען געוואָרן דורך פּאָעטן.

דער באַוואוסטער רוסישער פּאָעט ניעקראַסאָוו האָט איר באַשריבן אין א גרויסע פּאָעמע אונטערן נאָמען: „די רוסישע פרוי“. ער האָט ניט געקאָנט באַזינגען די פרוי פון זיין צייט, האָט ער באַשריבן די פרוי פון די „דעקאַבריסטן“ — די רע־וואָלוציאָנערן פון די 20טע יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט.

די רוסישע פרוי האָט אין איר עמאַנציפּאַציע־באַוועגונג איבערגעשטיגן אַלע פרויען פון אַנדערע לענדער און אַנדערע פעלקער איז ניט קיין וואונדער, אַז זי האָט געהאַט א ווירקונג אויך אויף דער אידישער פרוי.

און פאַרוואָס האָט ניט געזאָלט ווירקן די עמאַנציפּאַציע־באַוועגונג אויף דער אידישער פרוי? פאַר איר האָט זיך פונ־דערווייטן געלויכטן א נייע וועלט, א וועלט פון שאַפן זיך אַליין דעם אייגענעם מזל, א וועלט פון זעלבשטענדיקייט, אַן אינטע־רעסאַנט, אומאָפּהענגיק לעבן.

און די סביבה פון ליטווישן שטעטל איז אַזוי גרוי, אַזוי

ניט־אינטערעסאַנט, און די בחורים, וואָס זיינען פארבליבן דאָ און זיצן ביי די גמרות אָדער העלפן די פאָטערס אין זייערע געשעפטן, זיינען אַזוי נודנע... זיצן ביי די עלטערן אויפן קארק און ווארטן, ביז מען וועט זיי געבן דעם באַשערטן, איז אַזוי שווער...

האָט זיך דאָס אידישע מיידל אַ לאָז געטאָן אין דער גרויסער וועלט, און מיר, וואָס האָבן זיך געהאָדעוועט אין ווארשע, זיינען געווען עדות פון אַן אמת'ער בהלה פון אידישע מיידלאַך פון ליטע קיין ווארשע, אלס דער גרעסטער צענטער פון אידישן תחום.

מ'איז געלאָפן פון קאַפּוליע, פון קלעצק, פון בריסק, פון פינסק, פון נאָוואראדאָק, פּרוזשאַני, סלאָנים, באָברויסק, סלוצק א. א.

געלאָפן זיינען פארשטייט זיך מיידלאַך פון דער באַלעבאַטישער סביבה; געלאָפן זיינען די, וואָס זיינען שוין געווען אביסל אָנגעריירט דורך דער וועלטלאכער קולטור, און די סביבה פון וועלכע איז געווען אַם שווערסטן צו טראָגן. ארויסרייסן זיך דאַמאָלסט, אין יענע צייטן, פון דער באַלעבאַטישער משפּחה און אַוועקפאָרן ערגעץ אין אַ פרעמדע, ווייטע שטאָט איז געווען ניט קיין לייכטע זאַך. די באַגריפן פון אַ דורכשניטלאכן אידן וועגן דער פרוי און איר ראָל אין לעבן, זיינען געווען אַזוי ווייט־לויפיק פון די נייע באַגריפן, אַז ס'האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן אַ הסכמה פון אידישע טאַטע־מאַמע אויף זעלבסט־שטענדיקע טריט פון זייערע טעכטער.

אַ אידיש מיידל זאָל פארלאָזן איר הויז און אַוועקפאָרן אין אַ פרעמדע שטאָט, און לעבן, ווער וויים ווי, און טרעפן זיך, ווער וויים מיט וועמען — דאָס איז דאַמאָלסט געווען ניט קיין געהערטע זאַך... און וואָס וועלן זאָגן די שכנים, די באַקאַנטע, די שטעטל?... און ווי וועט מען נאָכדעם טאָן אַ שידוך מיט אַזאַ מיידל?...

ניט לייכט איז אָנגעקומען דאָס אידישע מיידל די ערשטע שריט פון איר זעלבשטענדיקייט. געוויין, סקאַנדאַלן, פאַמי־

ליע־סצענעס, פאַרבאַרגענע און עפנטלאַכע, אַמאָל אויך קלעפּ, האָט געקאָסט דאָס אידישע מיידל אירע שריט.

די שוואַכערע פלעגן בלייבן, די שטאַרקערע פלעגן פאָרט סוף כל סוף זיך ארויסרייסן.

ביי מיר אין זכרון איז פאַרבליבן אַ פאַקט, וועלכער כאַ־ראַקטעריזירט זייער, ווי שווער ס׳איז אויסגעקומען דאָס אידישע מיידל ארויסצורייסן זיך פון דער היים.

מיט מיינעם אַ חבר אויף איין הויף האָט געוואוינט אַ ליט־ווישע פאַמיליע. דער פאָטער איז געווען אַ פרומער איד, אַ למדן, אַ גבאי אין בית־מדרש „חברה ש״ס“. ביי אים איז געווען אַן עלטערע טאָכטער; דאָס מיידל איז געווען זייער אַ פעאיקע. זי האָט באַקומען אַלס עקסטערן אַ דיפּלאָם פון אַ פרויען־גימנאַזיע, און זי האָט געוואָלט אַוועקפאָרן קיין פּאַריז באַקומען העכערע בילדונג. דער פאָטער האָט אויף קיין וועג ניט געוואָלט מסכים זיין אויף דעם. זי האָט מיטן פאָטער גע־קעמפט, עס זיינען געווען סקאַנדאַלן אין שטוב — ס׳האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן; דאָס ענערגישע מיידל איז זיך מישב און פאָרט אַוועק פון דער היים בשתיקה.

קיינער האָט ניט געוואוסט, ווי זי האָט עס איינגעאָרדנט, נאָר אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז זי נעלם געוואָרן. ווען איר פאָטער איז געוואָר געוואָרן וועגן דער מעשה, האָט ער אראָפּ־גענומען די קאַמאַשן און זיך געזעצט שבעה. מיין חברס פאָ־טער איז אריין צום שכן געוואָר ווערן, וואָס איז מיט זיין טאָכ־טער, און זעט, אַז יענער זיצט שבעה. אין פלוג האָט זיך מיין חברס פאָטער דערשראָקן און פרעגט, ווער איז געשטאָרבן, און ער באַקומט אַן ענטפער: „ביי מיר איז געשטאָרבן אַ טאָכטער!“

מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן, ווי אַזאַ אידישער טאַטע האָט באַדאַרפט רעאַגירן, וואוינענדיק אין אַ קליין שטעטל, און זייענדיק ארומגערינגלט מיט אַ סביבה, וואָס איז נאָך ניט געווען אונטער דער ווירקונג פון דער גרויסער שטאָט. פאַרשטייט זיך, אַז ניט אַלע טאַטעס זיינען אַזעלכע, נאָר גוטוויליק האָט קיין איין טאַטע־מאַמע ניט נאָכגעגעבן.

מיר איז ניט אויסגעקומען צו זען די שטעטל גופא, נאָר פון

די באַקאַנטע אַנטלאָפענע מיידלאַך האָב איך געהערט פאַרשיידענע מעשיות, און אייניקע פון זיי וועל איך דערציילן.

מען האָט אויף איר געוואַרט, לויט ווי עס האָבן אויסגערעכנט אירע פריינט און באַקאַנטע, וואָס האָבן זיך שוין פריער אַרויסגעריסן פון זייערע היימען אין בריסק. זי האָט געזאָלט קומען אין אַ באַשטימטער דאַטע אינדערפרי, האָבן זיי געוואַרט אויפן וואָקזאַל אויפן בריסקער צוג, מיט וועלכן זי האָט באַדאַרפט אָנקומען. זי איז אָבער מיט דעם צוג ניט געקומען. דער עולם איז אומרואיק און ווייס ניט וואָס צו קלערן: אַ האַרטער איד איז דער מיידלס טאַטע. אין אַ פּאָר טעג אַרום קומט צו גיין צו מיר דאָס מיידלס אַ בן־עיר, און דערציילט מיט שמחה, אַז זי איז געקומען. און דאָ בין איך געוואָר געוואָרן, פאַרוואָס זי האָט פאַרשפּעטיקט. דער פאָטער אירער איז באַצייטנס געוואָר געוואָרן וועגן איר אַנטלויפן, און ער האָט איר געפּאַקט אויפן וואָקזאַל. ווי נעמט מען איר אָבער צו פון וואָקזאַל? איז ער געפאַלן אויף אַ שפּיצל: ער האָט געמאָלדן דער פּאָליציי, אַז זי האָט ביי אים געגנבעט 1,000 רובל, און אַז זי וויל מיטן געלט אַנטלויפן. מען האָט איר אַרעסטירט. דער היציקער טאַטע האָט געמוזט לעגן קאָסטן צו פאַרדרייבן די גאַנצע געשיכטע, און געבן געלט דער טאָכטער, אַז זי זאָל בשלום אַוועקפאָרן פון בריסק.

אַ צווייט מיידל, אַ שמשס אַ טאָכטער פון מינסקער גובערניע. זי האָט זיך אין דער היים אַביסל אויסגעלערנט רוסיש לעזן. זי האָט באַקומען באַקאַנטע, וועלכע האָבן איר געפּרעדיקט נייע אידייען, און האָט אָנגעהויבן אַרויסזאָגן אַזעלכע געדאַנקען אין דער היים, אַז טאַטע־מאַמע האָט ניט אויף קאַטאָוועס זיך איבערגעשראָקן. דאָס מיידל איז שוין געווען אַ דערוואַקסענע, אַ יאָר 20—21, מען דאַרף שוין טאָן מיט איר אַ שידוך, און דאָ איז דער טאָכטערס קאָפּ פאַרדרייט מיט „כ׳ווייס וואָס“... דער פאָטער, דער שמש, אַ איד אַן אָרימאַן, וואָס האָט זיך גענוג געמאַטערט אויף זיין שטיקל ברויט, וואָס האָט גענוג פאַרשוואַרצט זיך דאָס פּנים ביי די באַלעבאַטים, און דאָ נאָך דיר אַ צוגאָב די טאָכטער... זי וויל פאָרן, זי וויל זיך לערנען אַ

מלאכה... וואו איז עס געהערט געוואָרן! אַ באַלעבאַטיש מיידל... ער איז דאָך ניט אַבי־ווער. אין זיין גאַנצער משפּחה איז קיין בעל־מלאָכה ניטאָ, און ער האָט זיך גענומען צו דער טאָכטער ארויסשלאָגן פון איר דאָס משוגעת. די קלעפּ האָבן קנאַפּ געהאָלפן, און אין איין שבת־צו־נאַכטס איז זי נעלם גע־וואָרן.

אויף מאָרגן איז מען געוואָר געוואָרן, אַז דעם שמשס טאָכ־טער מיט נאָך עפּעס אַ בחור איז אַוועקגעפאָרן צו דער סטאַנציע פון באַן, וואָס פירט קיין ווארשע.

דער בחור איז ניט געווען איר חתן, און אַפילו ניט איר געליבטער; ער איז אַפילו אַוועקגעפאָרן אין אַן אַנדער ריכטונג, ווי דאָס מיידל. די בעלי־עגלות פון שטעטל האָבן דערציילט, אַז דער בחור האָט אריינגעזעצט דאָס מיידל אין צוג, וואָס גייט קיין ווארשע, און אַליין איז ער געבליבן ווארטן אויף אַ צווייטן צוג.

אַזעלכע מעשיות האָב איך דאַמאָלסט געוואוסט אַ סך, נאָר אַלע איבערדערציילן לוינט ניט.

ווען דאָס ליטווישע מיידל פלעגט קומען קיין ווארשע, פלעגט זי זיך צוערשט אַ לאָז טאָן זוכן ארבעט, מייסטנס שניי־דעריי. אַ סך האָבן געאַרבעט פאַר 4—5 רובל אַ חודש, און דערפון צאָלן דירה־געלט און לערנען זיך. ניט איין מיידל האָט גע׳פּטר׳ט איר געזונט; ניט איין מיידל פלעגט זיך אומקערן צוריק אַהיים אַן אויסגעמאַטערטע, אַ קראַנקע, אַ סוכאָטניצע, און ענדיקן אירע יונגע יאָרן אונטער דער מאַמעס פליגל. אַ סך אָבער האָבן זיך ארויסגעשלאָגן, אויסגעלערנט זיך גוט אַן ארבעט, געוואָרן זעלבשטענדיק, געעפנט מיט דער צייט אייגענע געשעפטן פון דאַמען־מאָדעז, היט, קאָרסעטן — די הויפּט פּראָ־פעסיעס, וואָס זיינען דאַמאָלסט געווען געמאָלט פאַר אידישע מיידלאַך. אַ טייל האָט זיך איינגעאָרדנט אין ווארשע, אַ טייל זיינען זיך צופאָרן אין דער פּראָווינץ, און דאָרטן זיך גוט איינ־געאָרדנט, נאָך אַ טייל איז אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד מיט אַ פּאַק אין האַנט און אַ דיפּלאָם, וואָס האָט זיי געגעבן רעכט צו וואוינען אין רוסלאַנד. אַ קלענערע טייל איז געוואָרן אַקושאָר־

קעס, און נאָך אַ קלענערע האָט דערגרייכט מיטעלע און העכערע בילדונג, און גאָר אַ קלייני̇נקער טייל איז אריין אין דער רעוואָ־לוציאָנערער באוועגונג.

רעוואָלוציאָנער געשטימט זיינען כמעט אַלע געווען, ווייל די פרויען־באוועגונג, אַלס אַ נייע, איז געווען אין עצם אַ רעוואָ־לוציאָנערע. האָבן זיך אַלע באַפאַרבט אין אַ רויטע, אַמאָל ראָזלאַכע פאַרב. אַנדערע זיינען געווען אויפריכטיק אין דעם זין. ביי דער גרעסטער טייל אָבער איז עס געווען אַ מאָדע, אָן וועלכער מען האָט זיך געמוזט האַלטן, כדי צו האָבן דעם פאַ־סיקן אויסזען. דער אידעאַלער אויבערשלאַק האָט געמוזט זיין, כדי דער רעאַלער אונטערשלאַג זאָל האָבן ערפאָלג: ווער וואָלט זיך אינטערעסירט מיט אַ מיידל, וואָס וויל זיך גלאַט לערנען ארבעט, אָן די הויכע פראַזן, נאָר צוליב פרנסה וועגן?

האָט זיך דאָס אידישע מיידל אינסטינקטיוו, און אַמאָל באוואוסטזיניק, געהאַלטן ביים רעוואָלוציאָנערן אויבערשלאַג, און אַ דאַנק דעם האָט זי געהאַט אַן ערפאָלג ביי די עלעמענטן, וואָס האָבן געקוקט אויף דער פרויען־באוועגונג, ווי אויף אַ גרויסע געזעלשאַפטלאַכע דערשיינונג, וועלכע מען דאַרף אונטערשטיצן.

ביי די עלעמענטן האָט דאָס ליטווישע מיידל געפונען הילף סיי אין אירע מאַטעריעלע און סיי אין אירע גייסטיקע שטרע־בונגען.

איך און מיינע חברים האָבן געהערט צו די עלעמענטן, און צו אונז פלעגן אָנקומען אַ סך ליטווישע מיידלאַך. אַ סך, זייער אַ סך, האָב איך זיי געקאַנט. איך האָב געקאָנט דאָס לעבן פון פיל פון זיי, זייער פאַרגאַנגענהייט און אויך זייערע דורכ־געמאַכטע קאַריערעס.

איך קאָן ניט זאָגן, אַז אַלע זיינען מיר געווען סימפּאַטיש אין זייערע שטרעבונגען; אַ סך פסלת, אין געזעלשאַפטלאַכן זין, איז געווען צווישן די אָנגעקומענע; אַ טייל פון זיי זיינען גע־וואָרן אונזערע חבר'טעס אין קאַמף פאַר אַ בעסערע צוקונפט.

נאָר אין דער צייט, ווען איך האָב זיך באַקאַנט מיטן פאָר פאָלק פירסטענבערג, האָב איך נאָך דעם שטראָם ניט געקאַנט,

און דאָס איז געווען מיין ערשטע קאַנטשאַפט, וועלכע האָט מיך געפירט צום ווייטערדיקן באַקאַנען זיך.

די באַזוכער פון פירסטענבערגס הויז זיינען געווען גאַנץ דערוואַקסענע מיידלאַך; זיי פלעגן שוין קאָנען לעזן א רוסיש בוך און כמעט אַלץ פון זיי זיינען געווען באַקאַנט מיט די באַרימטע דאַמאַלסט ווערק פון דער רוסישער ליטעראַטור, וועלכע יעדער מיידל אָדער בחור האָט באַדאַרפט דורכלייענען, כדי ניט צו האָבן א פנים פון אַן אָפּגעשטאַנענעם יונגן מענטשן.

די ווערק זיינען געווען צוערשט, פאַרשטייט זיך, טשער־נישעווסקיס ראָמאַן „וואָס טוט מען?“, אַמולעווסקיס „טריט ביי טריט“, מאָרדאָווצעווס „די סמנים פון צייט“, א. א. וו.

האָט א וועלכע ס'איז מיידל ניט באַוויזן זיי אַדורכצולעזן ביי זיך אין שטעטל, פלעגט זי זיי זוכן אין וואַרשע אַדורכצו־לעזן. די ווערק זיינען געווען פאַרבאָטן צום איבערדרוקן, און דעריבער שווער צו באַקומען.

איך בין פאַר די מיידלאַך פון די פירסטענבערגס טאַקע שטאַרק צונוץ געקומען. זיי האָבן ביי מיר געקאָנט א סך נאַשן, און איך ביי זיי גאָרניט.

איך האָב זיך דאָך אָבער געניוטיקט אין מענטשן, וואָס זאָלן מיר זיין באַהילפיק אין מיינע שטרעבונגען, און דאָס האָב איך ניט געפונען ביי די פירסטענבערגס.

האָב איך נאָך אַלץ ניט געפונען, וואָס איך האָב געזוכט, און געוואָלט האָב איך א קוק טאָן, כאָטש מיט איין אויג, אויף א מענטשן, וואָס איז געגליכן צו די, וועגן וועלכע איך האָב געלעזן אין די פאַרשיידענע ביכלאַך, און איך האָב זיך אָנגעשטויסן אויף דער פאַמיליע קאַהאַן.

דאָס איז געווען א משפחה ניט ענלאַך צו די, וועלכע איך האָב געקענט. דאָס איז ניט געווען קיין פשוט אידישע הויז. דער פאָטער, דוכט מיר, א פאַדראַטשיק, שטענדיק אין דער פרעמד; א סך קינדער, וואָס אַלע האָבן שטודירט. די גרויסע דירה זייערע אויף דזעלנע גאַס איז געווען פול מיט יונגוואַרג.

די עלטערע טאָכטער, אננאַ, איז געווען אויף בעסטיוזשעוו־

סקים קורסן אין פּעטערבורג, און זי האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז זי האָט אַ שייכות צו דער רוסישער רעוואָלוציע.

איך האָב נאָך געהאַט ווייניק קאָנטשאַפט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז דאָ איז דער מקור, וואו איך וועל געפינען דאָס, וואָס איך זוך; אגב איז דאָרט געווען גאַנץ פריילאַך.

אַ זון איז דאָרטן געווען אין אַכטן קלאַס. מען פלעגט אים רופען ניקאָלאַי, כאָטש ער האָט געטראָגן אַ אידישן נאָמען יחזקאל. איך בין מיט אים גיך געוואָרן חבר.

דאָרט פלעגט אויך אריינגיין גאָלובאָוו. ער איז געווען אמאָל פארשיקט אין אַרכאַנגעלסק און איז ניט לאַנג פון דאָרטן געקומען. דאָס איז געווען דער ערשטער פּאַטענטירטער פּאָליטישער פארברעכער, וואָס איך האָב געטראָפן. נאָר אַ מסופק׳דיקער איז ער געווען; מ׳האָט וועגן אים פארשידן גערעדט.

איך האָב פּרובירט אריינגיין צו אים, און ער, ביי זיך, אין צימער, אויג אויף אויג מיט מיר, האָט געמאַכט אויף מיר אַ קנאַפּן איינדרוק. ער האָט מיר געגעבן צום אָנדענקען זיינעם אַ בוך אין רוסיש, „די ערי מקלט". דאָס איז געווען אַ גרינטלאַכע ארבעט. עס דערציילט זיך דאָרט וועגן די „ערי מקלט" ביי אידן און ביי אַנדערע פעלקער, און אַם ענדע — די „ערי מקלט" פאר פּאָליטישע. צ. ב. אַנטלויפט אַ פּאָליטישער קיין ענגלאַנד, מעג ער שוין דאָרט רואיק זיצן.

דאָס ביכל, פארשטייט זיך, האָט געקאָנט ארויסרופן ביי מיר אַ קנאַפּן אינטערעס, און איך האָב שוין מער ניט געזוכט קיין באַגעגעניש מיט אים.

גאָלובאָוו האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן ארויסגעוויזן זיין אמתן פּרצוף: ער איז געוואָרן אין זשאַנדאַרמעריע אַן איבערזעצער פון די אידישע בריוו, וואָס מען פלעגט געפינען ביי פּאָליטישע.

מיין באַקאַנטשאַפט מיט די קאַהאַנס האָט מיך דאַן דערנענטערט צו מיין ציל. דאָ האָב איך זיך געטראָפן מיט מענטשן, וואָס זיינען געווען אין די צענטערס פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג: אין פּעטערבורג און אין אַנדערע שטעט.

איך האָב דאָרט געטראָפן מענטשן, וואָס זיינען שוין געווען גוט באַקאַנט מיט דער רוסישער ליטעראַטור, און מער באַהאַוונט אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, ווי איך און די אַלע, וואָס איך האָב געטראָפן ביז אַהער.

איך האָב אָנגערופן די פּערזאָנען, מיט וועלכע איך בין געווען מער פאַרבונדן, וועלכע האָבן געהאַט אויף מיר אַ שטאַר־קערע ווירקונג. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געהאַט נאָך אַנ־דערע באַגעגענישן, וועלכע איך פלעג נאָכדעם אויסמיידן.

איך געדענק איין אַזאַ „עיר מקלט" אויף דער דזיקע גאַס. דאָרטן פלעגן אויך אַריינגיין די, וואָס זיינען אַנגעפאָרן פון ליטע, געוואָרן דאָ זעלבשטענדיק און זיך „אויסגעמענטשלט".

כ׳בין געקומען פּריוויטיק־צו־נאַכטס אַהין. דאָרטן איז גע־ווען אַ גרויסער עולם, און מען האָט זיך דאָרט אַזוי אויפגעפירט, אַז כ׳האָב זיך שוין דאָרטן מער ניט באַוויזן.

און נאָך אַ וואוינונג געדענק איך אויף טוואַרדע גאַס. מען האָט דאָרטן געשפּילט אין „פאַנטן" און מען האָט זיך ווידער אַזוי אויפגעפירט, אַז איך האָב זיך דאָרט מער ניט באַוויזן.

דאָס איז אַלץ געווען די פּסלת פון דעם עמיגראַנטן־שטראָם.

נאָך אַן אָרט איז געווען, וואו איך פלעג זיך טרעפן מיט אַ סך מענטשן. דאָס איז געווען קראַשינסקים גאָרטן, וועלכער געפינט זיך אין נאַלעווקער ראַיאָן. ער איז דאַמאָלסט געווען אַנדערש איינגעאָרדנט ווי איצט: די סאַזשלקע איז דאַמאָלסט ניט געווען. ס׳איז געווען אַ ברייטע אַלייע, וואָס האָט זיך געצויגן פונ׳ם טויער, וואָס גייט אַרויס אויף נאַלעווקעס, ביז׳ן טויער, וואָס גייט אַרויס אויף קראַשינסקים פּלאַץ. איןביידע זייטן פון דער אַלייע זיינען געווען צוויי־קאַנטיקע אַלייען. די אַלייע, וואָס איז געווען אויף לינקס, ווען מען פלעגט אַריינגיין דורכן טויער אויף נאַלעווקעס, האָט געהייסן „ליטעראַרישע".

אָט אויף דער ליטעראַרישער אַלייע פלעגן מיר זומער טאָגן און נאַכטן מיט אַ בוך אין האַנט. דאָרטן איז געווען זומער דער מקום מנוחה פון די שילער, וואָס האָבן געוואוינט אין נאַ־לעווקער ראַיאָן, ד. ה. אויף נאַלעווקעס, שוו. יערסקאַ, נאָוואָליפּקי,

גענשע א. א. וו., און וואָס האָבן אם מייסטן באַזוכט די ערשטע פּראָגימנאַזיע און די צווייטע גימנאַזיע.

קראַשינסקים גאָרטן איז געווען אַ מין בירזשע, וואו מיר פלעגן זיך טרעפן, וואו מיר פלעגן באַהאַנדלען אונזערע אַלע ענינים. דאָרט פלעגן מיר זומער מאַכן אַ סך קאָנטשאַפט, וואָס פלעגט זיך ציען אויף ווייטער; דאָרט פלעגן מיר מאַכן באַאָבאַכטונגען.

אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס אַנדערע האָבן ניט פּרעטענדירט אויף דער אַלייע, און זי איז געווען אינגאַנצן אין אונזער רשות.

די צווייטע אַלייע איז געווען אַ מין ליבעס־אַלייע; דאָרטן האָט געהערשט דער גאָט אמור, און אַ טייל פון אונז פלעגט אָפּט, באַזונדערס אין אָוונט פאַרפאַלן ווערן דאָרט.

ווי געזאָגט, האָט דער קראַשינסקים גאָרטן מיר געגעבן אַ סך קאָנטשאַפטן, און וועגן אייניגע פון זיי וועל איך רעדן.

אַן ערנסט, טרוקן געזיכט, טראָגט שטענדיק אַ סטודענטיש היטל, כאָטש ער איז קיינמאָל קיין סטודענט ניט געווען, און ער האָט עס ניט געקאָנט זיין, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין דיפּלאָם פון גימנאַזיע.

מען האָט אים גערופן „דער אייביקער סטודענט". פאַרשטייט זיך, בלשון סגי־נהור. און ניט קוקנדיק אויף דעם, האָט ער, אַ דאַנק זיין סטודענטיש היטל, געהאַט גוטע „שטונדן" און ער האָט זיך געקאָנט אויסהאַלטן פון זיינע פאַרדינסטן. גערעדט האָט ער שטענדיק פון הויכע טעמען מיט אַן אויטאָריטעטן טאָן.

ביי אים אויפ'ן טיש פלעגט מען שטענדיק געפינען אַ באַנד פון שלאָסערס „וועלט־געשיכטע", און דאָס פלעגט אַרויסרופן אַ גרויסן דרך־ארץ צו זיין געלערנטקייט. צו שלאָסערס „וועלט־געשיכטע" האָבן מיר געפילט גרויס רעספּעקט: אַ באַרימטע, היסטאָרישע פון 24 בענדער (16 בענדער פון שלאָסערן גופא און 8 בענדער פון זיין תלמיד גערווינוס).

ביי אונז אין שילער־ביבליאָטעק, האָבן מיר געראַט אַלע בענדער, און קיין איינער פון אונז האָט זיי ניט מטריח געווען.

דאָס איז געווען אַ צו גרויסע אַרבייט פאַר אונז; אגב האָט שלאָ־סער געשמעקט אַביסל מיט שימל...

און דאָ האָט אַ מענטש דרייסטקייט און מוט אוועקזעצן זיך צו שטודירן שלאָסערן. נאָך דער רעספּעקט צום „אייביקן סטו־דענט" איז גיך פאַרלאָרן געגאַנגען.

מען האָט געפּאַקט דעם „אייביקן סטודענט" ביי אַ ליגן: איין מיידל האָט ער געזאָגט, אַז ער איז אויפ׳ן צווייטן קורס פון מעדיצינישן פאַקולטעט, און אַ צווייטער — אַז ער איז אויפ׳ן דריטן קורס פון יורידישן פאַקולטעט. ניט וויסנדיק, אַז די ביידע מיידלאַך קענען זיך. דאָך איז ער פון דער סצענע ניט אַזוי גיך אַראָפּ.

איך, פּערזענלאַך, אָבער האָב באַלד פון אָנהויב באַמערקט, אַז איך האָב נישט פון אים וואָס צו נאַשן: אַ צו ניכטערער מענטש איז ער געווען, כאָטש ער איז געווען אינטעליגענטער פון אַ סך אַנדערע אָנגעקומענע קיין ווארשע אימיגראַנטן.

זיין ניכטערקייט האָט זיך מיט דער צייט אַרויסגעוויזן. שטי־לערהייט, בשתיקה פון אַלעמען, האָט ער זיך צוגעגרייט צו אַ קאַ־ריערע: ער האָט באַקומען אַ דיפּלאָם פון דענטיסט.

דאַמאָלס צו לערנען זיך פאַר אַ דענטיסט, האָט מען קיין די־פּלאָם נישט באַדאַרפט האָבן. מען פלעגט זיך פאַרשרייבן ביי אַ פּראַקטיצירנדן דענטיסט, זיין פאַרשריבן ביי אים 3 יאָר, און אַזוי אַרום באַקומען דאָס רעכט צו עקזאַמינירן זיך און דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן.

דער „אייביקער סטודענט" האָט אַלץ דורכגעמאַכט, וואָס מען האָט באַדאַרפט, און ער איז געוואָרן דענטיסט. דאַמאָלס האָט ער אַראָפּגענומען זיין סטודענטיש היטל און, דאַכט מיר, אויך אַראָפּ־גענומען שלאָססערן פון זיין טיש.

דער פּראַנט. דעם צווייטן „אייביקן סטודענט" האָט מען גערופן „פּראַנט" (אויף רוסיש — שטשאָגאָל). ער פלעגט זאָגן, אַז ער האַלט נישט פון די קאַזיאָנע פאָרמען, און דעריבער טראָגט ער נישט קיין סטודענטיש היטל. ווינטער פלעגט ער טראָגן אַ ווייכן, שוואַרצן הוט מיט גרויסע ראַנדן. אַ גיכער, אַ „פּרענדקער", האָט ער שוין נישט געהאַט קיין פּרעטענזיעס אויף טיפקייט, נאָר

אויף שאַרפקייט. וויסנשאַפט, פלעגט ער זאָגן, דאַרף מען נעמען מיט'ן קאָפּ... ער איז אויך קיינמאָל אין אוניווערזיטעט נישט גע־ווען און ער האָט נישט געקאָנט זיין, נאָר מען פלעגט אים גלויבן, אַז ער איז אַ סטודענט.

ער האָט געוואוסט פון דעם אַלטן דין, וואָס טייטש, אַז ערפאָלג אַ מענטשן באַשאַפן פרויען, און ער האָט זיך באַמיט ביי זיי דעם נייטיקן ערפאָלג צו באַקומען. אַזוי ווי דאַמאָלס איז געווען אַ גוטע סחורה הויכע אידעען וועגן פרויען־עמאַנציפּאַציע, פלעגט ער גאַנץ ענערגיש פּריידיקן דאָס אַלץ, מיט וואָס ס'איז פול געווען די רו־סישע ליטעראַטור.

די ליטעראַטור פון פרויען־עמאַנציפּאַציע האָט ער גאַנץ גוט געקענט, ווייניקסטנס, אַזאַ מינע האָט ער געמאַכט. ביידע „אייביקע סטודענטן" האָבן שטודירט פּיסאַרעווס ווערק, ווייל דאַמאָלס איז נישט געמאָלט געווען קיין ערנסטער געשפּרעך אָן ציטאַטן פון פּיסאַ־רעוון אין באַשטימטע מיידלשע קרייזן. דער „אייביקער סטודענט", דער פראַנט, האָט אָבער גוט געקענט די פּיסאַרעווס אַרטיקלען, וואָס באַהאַנדלען די פרויען־עמאַנציפּאַציע.

דער „אייביקער סטודענט", דער פראַנט, האָט געמאַכט אַ שנע־לערערע קאַריערע, ווי זיין קאָלעגע: ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַ רייכן חסיד.

ווי באַוואוסט, האַלטן די חסידישע טאַטעס זייערע זין ביי מלמדים און אין בתי־מדרשים און די טעכטער גיט מען אייראָפּע־אישע בילדונג. דער „פראַנט" האָט באַקומען אַ „שטונדע" ביי אַ דערוואַקסענער טאָכטער פון זייער רייכן חסיד. דאָס מיידל, ווייזט אויס, האָט אָנגענומען פאַר אַ כשר'ער מטבע איר לערערס פּריידיקן וועגן הויכע שיינע אידעען, און האָט זיך פאַרליבט אין איר לערער.

דער פאָטער איז סוף כל סוף געוואָר געוואָרן פון דער מעשה, נאָר מען האָט זיך שוין צו שפּעט געכאַפּט, און דאָס מיידל האָט מען געמוזט חתונה־מאַכן מיט איר לערער.

דער חתן האָט זיך נישט געלאָזט נאַרן, און ער איז נישט גע־גאַנגען צו דער חופּה, ביז מען האָט ניט אָפּגעציילט אַ פּאַסיקע

סומע „קלינגערס״; און דער „פּראַנט״ איז געוואָרן אַ גבירישער יונגערמאַנטשיק מיט אַ שיין ווייב.

דער שווער האָט אויך נישט חרטה געהאַט אויפ׳ן שדוך: ער האָט זיך ארומגעזען, אַז זיין איידים, דער „דייטש״, איז גאָרנישט קיין שלעכטער שדוך פאַר זיין טאָכטער. ער האָט זיין איידים אריינ־געצויגן אין זיינע געשעפטן, און יענער איז געוואָרן זיין „רעכטע האַנט״.

ביי אונז, יונגווארג, האָט די מעשה געמאַכט אַ שטאַרקן רושם.

דער ב ן ־ י ח י ד. אונזער ערשטע קאַנטשאַפט געדענק איך גאַנץ גוט. אין אַ זומערדיקן פרימאָרגן בין איך געזעסן אויף אַ באַנק אין דער „ליטעראַרישער אַלייע״ פון קראַשינסקיס גאָרטן און האָב געהאַלטן אַ באַנד ניעקראַסאָווס לידער. אין דער צייט איז געווען, געוויינלאַך, שטיל אין דער אַלייע, און איך האָב געקאָנט אומגעשטערט לייענען. צו מיר האָט זיך צוגעזעצט אַ הויכער, ברייט־ביינער, גראָבער בחור מיט אַ גראָבן סוקאָוואַטן שטעקן, וואָס האָט געזאָלט דאַמאָלס דינען פאַר אַ סימבאָל פון דער ני־היליסטישער, אַנדערש־רעוואָלוציאָנערער יוגנט.

דעם בחור האָב איך שוין עטלאַכע מאָל באַמערקט אין דער „ליטעראַרישער אַלייע״, שפּאַצירנדיק אין דער צייט, ווען ס׳איז געווען טומלדיק און ראַשיק, נאָר קיין באַזונדערן אַכט האָב איך אויף אים נישט געלייגט; אַ סך בחורימלאַך האָבן שפּאַצירט, וואָס פלעגן זוכן קאַנטשאַפט מיט דער שטודירנדער יוגנט. אָט דער בחור האָט אויך, זעט אויס, געזוכט קאַנטשאַפט מיט דער שטודירנדער יוגנט, און איבערהויפּט מיט די רעדל־פירער. נאָר קיין געלעגנהייט האָט זיך אים, זעט אויס, ניט געמאַכט, ווייל צו טומלדיק און ראַשיק איז אַרום אונז געווען.

און דאָ זייענדיק גראָד אינדערפרי אין גאָרטן, האָט ער מיך, איינעם פון די רעדל־פירער, באַמערקט זיצן אַליין.

ער האָט פאַרפירט מיט מיר אַ געשפּרעך. ער האָט מיר דער־ציילט, ווער ער איז, פון וואַנען ער קומט. ער קומט פון דווינסק, ער איז דאָרט געווען אַ משרת אין אַ פּריוואַטער ביבליאָטעק, ד. ה. ער פלעגט ארויסגעבן ביכער. אַזאַ שטעלע איז פאַר אַ יונגנמאַן נישט קיין קאַריערע. שכירות קליינע, אוואַנסירן קאָן מען נישט,

ביבליאָטעקעריי איז בכלל ביי אונז קיין גרויסער געשעפט נישט. איז ער געקומען קיין ווארשע זוכן עפּעס בעסערס. נאָר ער איז אַן אינטעליגענטער מענטש און וויל געפינען פאַר זיך אַ פּאַסיקע שטעלע. צו ווייזן זיין בקיאות אין דער ליטעראַטור, האָט ער אין זיינע רייד אָנגערופן אַ סך רוסישע שרייבער און זייערע באַוואוסטע ווערק.

איך האָב זיך צו זיינע רייד באַצויגן מיט אַ באַשטימטן אינ־טערעס. איך האָב נאָך דאַמאָלס נישט געוואוסט פון דעם סוד, אַז ביי די, וואָס גיבן אַרויס ביכער, אַרבעט זיך אויס אַ באַזונדער ביכער־זכרון: זיי געדענקען נעמען פון שרייבער, זייערע ווערק, און אַמאָל אויך דעם אינהאַלט, נישט לעזנדיק זייערע ווערק, נאָר הערנדיק וועגן זיי פון זייערע לעזער. האָב איך תחילת געמיינט, אַז איך האָב פאַר זיך אַ באַלעזענעם אינטעליגענטן בחור. נאָר וואָס מער ער האָט גערעדט, בין איך אַלץ קעלטער געוואָרן: איך האָב דערשפּירט, אַז פאַר מיר זיצט אַ קנאַפּ אינטעליגענטער מענטש, און איך האָב זיך מיט אים זייער אָפיציעל געשיידט.

זיין קאַריערע איז אָבער אינטערעסאַנט.

איינאָרדנען זיך, פאַרדינען אויף זיך, האָט זיך, ווי עס זעט אויס, אים נישט איינגעגעבן, און ער האָט דערווייל געלעבט אויף זיין כלה׳ס חשבון.

זי האָט געהייסן טאַניע. אַ שיין, זייער אַ שיין מיידל, אַ צושנייַ־דערקע אין אַ מאָדע־מאַגאַזין. זי איז אויך געקומען פון ליטע, און אין דערהיים האָט זי שוין געקענט די מלאכה. אין ווארשע האָט זי זיך פאַרפאָלקאָמט, אַרויסגעוויזן אין איר פאַך באַזונדערע פיי־איקייטן און האָט שטאַרק אַוואַנסירט: זי האָט געהאַט איינע פון די בעסטע שטעלעס מיט אַ גרויס געהאַלט.

דער בן־יחיד האָט באַוויזן ביי טאַניען אַרויסרופן צו זיך אַ באַ־שטימטן אינטערעס: זי איז דאָך געווען אַ מיידל מיט אַ קנאַפּער דערצויגענער אינטעליגענץ, און ער האָט דאָך געלעבט אַ פּאָר יאָר אין אַ סביבה פון ביכער און צווישן מענטשן, וואָס זיינען געווען שטאַרקע בעלנים אויף ביכער, האָט ער געקאָנט געפינען די פּאַסיקע ווערטער, וואָס זאָלן אימפּאָנירן דער מיידל, און ער איז געוואָרן איר חתן.

טאַניעס פאַרדינסטן האָבען געקלעקט פאַר איר און פאַר איר חתן. ער האָט אָבער געמוזט פאַרענטפערן זיין עקזיסטענץ: ס'איז דאָך נישט געמאָלט, אַז אַ יונגער, געזונטער בחור זאָל גיין פּוסט און פּאַס און גאָרנישט טאָן. און וואָס האָט ער געקאָנט, אייגענט־לאַך, טאָן? קיין ארבעט האָט ער נישט געקענט, צו קיין שטעלע אין אַ געשעפט האָט ער אויך נישט געטויגט: ער איז נישט געווען דער פּשוט'ער, איינפאַכער, אידישער בחור, וואָס איז גרייט אויף אַלץ, אַבי צו פאַרדינען אויפ'ן שטיקל ברויט. האָט ער געפונען אַ גוטן ענטפער פאַר דער דאַמאָלסדיקער צייט: ער איז געוואָרן אַ רע־וואָלוציאָנער, בעסער געזאָגט, ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל פון אַ רעוואָלוציאָנער; און דעם אָנשטעל איז דאַמאָלס לייכט געווען צו מאַכן. ס'זיינען שוין געווען ערפאַרענע פאָרמען דערצו. צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים, איז ניט געווען נייטיק צו דערקלערן, וואָס מען טוט, איז דעם אָנשטעל געווען לייכט צו מאַכן.

נאָר ווי באַהאַלט מען די טעטיקייט פון דער כלה, וואָס האָט זיך מיט אַזאַ שאַצונג באַצויגן צו רעוואָלוציאָנערער ארבעט און צו רעוואָלוציאָנערן — מען מוז דאָך איר נישט נאָר דערציילן, נאָר אויך ווייזן עטוואָס ממשות'דיקעס.

אַ לאַנגע צייט האָט ער איר גענאַרט, ער האָט זיך אָבער אַרומ־געקוקט, אַז זיין כלה הייבט אָן צו צווייפלען אין זיין רעוואָלוציאָנע־רער טעטיקייט. איז ער געפאַלן אויף אַזאַ שפּיצל: ער האָט פאַר־פאַסט אַ גאַנצע מעשה מיט אַן ארעסט פון אַ באַוואוסטן רעוואָ־לוציאָנערן טוער, מיט אַ בריוו, וואָס איז מיט אים אריינגעפאַלן ביים ארעסט, און דעריבער דאַרף ער שוין אויך ווערן אַ קדוש, ד. ה. ארעסטירט ווערן.

טאַניע האָט די גאַנצע מעשה אָנגענומען פאַר ערנסט און זי האָט זיך שטאַרק באַאומרואיקט פאַר איר חתן. כדי צו פאַרשטאַרקן דעם איינדרוק, איז ער מיטאַמאָל נעלם געוואָרן. עס קומט דער אָוונט, טאַניע וואַרט אויף איר חתן, ער ווייזט זיך אָבער נישט. ביז 12 אַזייגער האָט זי אויף אים געוואַרט. אין ברען פון אומרו־איקייט, האָט זי באַשלאָסן אַליין צוגיין צו אים אין וואוינונג געוואָר ווערן, וואָס מיט אים איז — וואָס וועט זיין, זאָל זיין: אויב מען

האָט אים אַרעסטירט, ווען די פּאַרבליבענע ביים אַרעסטירטנס וואוינונג שומרים פון דער זשאַנדאַרמעריע איר אויך אַרעסטירן.

זי קומט צו אים אין צימער. דער צימער איז נאָך באַלויכטן, און איר חתנ'ס שכן לעזט רואיק אַ בוך. ער האָט אַ קוק געגעבן אויף טאַניען און ער האָט זיך דערשראָקן: אַזאַ פּנים האָט זי געהאַט. ווען ער איז געוואָר געוואָרן, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ער זיך היסטעריש פאַנאַנדערגעלאַכט. זי האָט פון אָנפאַנג געמיינט, אַז דער געלעכטער איז אַ געמאַכטער, נאָר די רואיקע רייד פונ'ם קלוגן בחור האָבן איר סוף כל סוף באַרואיקט. איין פראַגע אָבער האָט איר אַ שטאָך געטאָן: דער בחור האָט, צווישן אַנדערעס, געזאָגט: „אייער חתן איז נישט פון די, וואָס די זשאַנדאַרמעריע זוכט זיי!" לסוף האָט ער איר צוגעזאָגט גיך צושטעלן איר דעם חתן אַ גאַנצן.

אין דריי טעג אַרום איז דער בן־יחיד אין אָוונט געקומען צו זיך אַהיים. זיין שכן איז גראָד געווען אינדערהיים. האָט ער גע־געבן אַ „גאָב" זיין חבר. „מילא", זאָגט ער, „ווילסט מאַכן קונצן, מאַך, אָבער וואָס איז שולדיק טאַניע?" דאָך האָט זיך דער שרוך געהאַלטן אַ פּאָר יאָר, ביז טאַניע האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אמת'ע רעוואָלוציאָנערן, און זי איז זיך מיט דעם בן־יחיד פאַנאַנ־דערגעגאַנגען.

איך האָב איר געטראָפן שפּעטער, אין איינע פון מיינע באַזוכן אין וואַרשע, און זי האָט מיר מיט באַגייסטערונג דערציילט, אין וואָס פאַר אַ סביבה זי געפינט זיך איצט.

— וואו איז דער בן־יחיד? — האָב איך געפרעגט ביי איר.

— ער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע, — איז געווען איר ענטפער.

מען זאָגט, אַז דעם אידנס נשמה, און אפשר דעם מענטשנס נשמה, איז נישט אָפּצושאַצן. ווען איך האָב אין יאָר 1895, ד. ה. מיט 10 יאָר שפּעטער נאָך די געשעענישן, וועגן וועלכע איך דערצייל דאָ, אַרויסגעגעבן די ערשטע סעריע פון „די וויסנשאַפטליכע פאָלקס־ביכער", האָב איך באַקומען פון ניו יאָרק אַ בריוו, אין וועלכן מען באַגריסט מיך מיט מיין טעטיקייט און מען לייגט מיר פאָר מיט־העלפן צו פאַרשפּרייטן מיינע ביכער אין אַמעריקע. דער טאָן פון

בריוו אַן ערנסטער, אַן אָנשטענדיקער, און אויפריכטיקער, געשריבן געוואָרן אין נאָמען פון א פארלאג, וואָס האָט א שייכות צו דער ארבעטער־באַוועגונג, און קענטיק איז געווען, אַז עס שרייבט מיי־נער אַ באַקאַנטער. אונטערגעשריבן איז געווען „סעקרעטאר פון פארלאג".

אין פלוג האָט די פאמיליע, וואָס איז אונטערגעשריבן געווען אונטערן בריוו, אויסגעוויזן זיך מיר פאר אַן אומבאַקאַנטע. נאָר, קלערנדיק וועגן איר, האָב איך זיך דערמאָנט אָן בן־יחיד. דער איינדרוק פון אים אין די אַמאָליקע יונגע יאָרן איז ביי מיר גע־בליבן אַזאַ, אַז איך האָב נישט געפונען פאַר נייטיק צו ענטפערן. און דאָס איז געווען אַ גרויסער פעלער. לעצטנס האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער בן־יחיד האָט באמת ליב אַ בוך און פארלאַנ־געדישע טעטיקייט.

מיט'ן בן־יחיד איז אין מיין זכרון פארבונדן נאָך אַ טיפּ, זיי־נער אַ חבר. מיר וועלן אים רופן „דער פּילאָזאָף".

לויט'ן וואוקס און לויט דער פיגור, איז ער געווען דער היפוך פון בן־יחיד: אַ נידריקער, נישט קיין ברייט־ביייניקער, ער האָט גע־טראָגן לאַנגע האָר — אויך אַ סימבאָל פון רוסישן ניהיליזם. ער איז אויך געקומען מאַכן אין וואַרשע אַ קאַריערע. אין שטעטל ביי זיך האָט ער, הפּנים, געשמ'ט פאַר אַן „עליו". ער איז געווען אביסל באַלעזן און נאָכמער אפשר אָנגעהערט זיך וועגן שרייבער און זייערע ווערק. ער האָט געקענט אַ סך נעמען פון שרייבער און געלערנטע און דערמיט האָט ער געוואָלט אימפּאָנירן ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט אים. זייער אַ באַוועגלאַכער, האָט ער באַלד נאָך זיין קומען אָנגעהויבן צו מאַכן קאַנטשאַפט, און ביי דער ערשטער קאַנטשאַפט פלעגט ער שוין וועלן פאַרהילכן זיינע צוהערער מיט הויכע נעמען און הויכע פראַזן.

דער „פּילאָזאָף" איז געקומען אין דער צייט, ווען אין דער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז געוואָרן אַ מאָדע צו שאַפן קרייזן צו לערנען ארבייטער לעזן און שרייבן. דער פּילאָזאָף", אַ ליטווישער רוסיפיצירטער איד, האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער אי־דייע צו אָרגאַניזירן אַרבעטער־קרייזן. נאָר ער האָט זיך מיט לעזן און שרייבן אַליין נישט געוואָלט באַנוגנען. ער האָט געוואָלט שאַפן

אַ העבערן קורס, אַ מין פאָלקס־אוניווערזיטעט, נאָר מיט אַ קלייגער אוידיטאָריע. ער האָט שוין אויפגעזאַמלט לעקטאָרן מכל המינים שהוא: דאָרטן איז געווען אַ סטודענט, אַ רוס, וואָס האָט געזאָלט לעזן פיזיאָלאָגיע (דער סטודענט איז טאַקע נאָכדעם געוואָרן אַ פּראָ־פעסאָר אין ווארשעווער אוניווערזיטעט; זיין פאַמיליע איז שטשער־באַק), ער האָט באַקומען אַ סטודענט, אַ איד, וואָס איז געווען ציוני־סטיש געשטימט און וועלכער האָט געזאָלט לעזן היגיענע, און נאָך אַנדערע; די לעקטאָרן האָבן געזאָלט לעזן אין רוסישן.

ער האָט שטאַרק געוואָלט מיר פאַראינטערעסירן מיט זיין אונ־טערנעמונג, און כדי מיר צו ווייזן, אַז עס זיינען דאָ צוהערער פון אַזאַ מין ריין־רוסישן פאָלקס־אוניווערזיטעט, האָט ער מיך געפירט צו אַ פּוילישן שוסטער, ערגעץ הינטער דער ווינער באַן, וועלכער האָט זיך געזאָלט אַליין צוגרייטן אויף אַ מאַטורע, ד. ה. אויף אַ דיפּלאָם פון גימנאַזיע. דער שוסטער האָט מיר געוויזן גאַנצע פּעק לערנ־ביכער. איך האָב ביי אים געזען אַ לאַטיינישע גראַמאַטיקע, אַן אַלגעברע, אַ געאָמעטרע און אַנדערע לערנביכער, וועלכע ווערן גע־לערנט אין גימנאַזיעס. דער שוסטער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ס'זיינען דאָ נאָך אַ סך אַרבעטער, וואָס ווילן באַקומען מיטעלע און העכערע בילדונג.

נאָר אי דער שוסטער, אי דער „פילאָזאָף" האָבן צו ווייניק אַרויסגערופן צוטרוי ביי מיר, איך זאָל זיך מיט דער גאַנצער זאַך פאַראינטערעסירן, און וואָס איז געוואָרן דער סוף פון פּלאַן, ווייס איך נישט.

דער „פילאָזאָף" אַליין אָבער האָט זיך געלאָזט הערן. ער איז, ווי אַלע בחורימלאַך, געקומען קיין ווארשע אָן מיטלען. ער האָט נושא־חן געווען ביי אַ באַוואוסטן אין יענער צייט אידישן קינסט־לער־סקולפּטאָר, און יענער האָט אים דערווייל צוגענומען צו זיך אויף אַלעם פאַרטיקן. איז דער „פילאָזאָף" געווען באַזאָרגט מיט ברויט און ער האָט געקאָנט אַרויסווייזן זיין ענערגיע און איני־ציאַטיוו. נאָר זיין אויפהאַלטן זיך ביים סקולפּטאָר האָט זיך גע־ענדיקט זייער מיאוס אי פאַר'ן סקולפּטאָר, אי פאַר אים: ס'איז דערפון אַרויסגעקומען אַ טראַגעדיע פאַר'ן קינסטלער און אַ מיאוסער אָפּשניט פאַר'ן „פילאָזאָף".

דער „פילאָזאָף” האָט פאַרפירט דעם קינסטלערס כלה. די זאַך האָט זיך אַנטדעקט. דער קינסטלער האָט פאַרלאָזן וואַרשע, זיינען במילא דער „פילאָזאָף” און דעם קינסטלערס כלה געבליבן אָן ברויט.

די גאַנצע מעשה האָט דאַמאָלס אַרויסגערופן אַ גרויסע סענסאַציע אין אונזערע קרייזן.

ס'זיינען אַוועק יאָרן. אין 1899 האָב איך געעפנט אַ זייף־פאַבריק אין וואַרשע. איך האָב אָנגעהויבן צו פירן געשעפטן און האָב געהאַט נייטיק צו דיסקאָנטירן וועקסלען. מיינער אַ באַקאַנטער האָט מיר רעקאָמענדירט אַ סרסור פון דיסקאָנטאַ, ער האָט מיר אָנגערופן אַ פאַרשפּרייטע ביי אידן פאַמיליע, און איך האָב נישט געפונען פאַר נייטיק זיך פאַנאַדערפרעגן וועגן אים גענוי. מיין באַקאַנטער האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז אַ געוויסנהאַפטער סרסור.

אויף מאָרגן פרי, פאַר 9 אַזייגער, זאָגט מיר די דינסט, אַז איינער אַ הער פרעגט אויף מיר. איך גיי אַרויס אין קאָרידאָר און דערזע דעם „פילאָזאָף”, נאָר שוין מיט אַן אַנדערן אָנבליק: שוין נישטאָ די לאַנגע האָר, געקליידעט, ווי אַ געוויינלאַכער דורכשניטלאַכער אינטעליגענטער איד. ביי מיין באַווייזן זיך, איז דער „פילאָזאָף” צו מיר צוגעגאַנגען און געזאָגט, אַז ער איז עס דער סרסור, וועמען ס'האָט רעקאָמענדירט מיין באַקאַנטער.

אויף מיין פּנים איז, ווייזט אויס, געווען גרויס פאַרוואונדערונג, אַז ער האָט געפונען פאַר נייטיק מיר צו זאָגן עטלאַכע ווערטער וועגן דעם, ווי ער קומט צו דער קאַריערע.

— איר וואונדערט זיך געוויס, — זאָגט ער צו מיר, — ווי קום איך צו אַזאַ קאַריערע. וואָס מאַכט דען נישט דאָס לעבן פון אַ מענטשן! איך האָב חתונה געהאַט, האָב געפּרובירט צו פירן געשעפטן, די געשעפטן האָבן מיר זיך נישט איינגעגעבן, און איך בין אַרויס פון זיי מיט חובות. האָב איך זיך גענומען צו סרסוריי; און דערפון לעב איך און צאָל מיינע חובות.

ס'איז אַוועק אַ פּאָר יאָר, און אין וואַרשע האָט זיך געעפנט אַ גרויסע, שיינע ביבליאָטעק מיט אַ לעזע־זאַל אויפ'ן אייראָפּעאישן שטייגער. דאָס האָט געעפנט די ביליאָטעק דער „פילאָזאָף” מיט אַ שותּפ'טע, אַ רוסין, וואָס האָט געהאַט געלט, וועלכעס זי האָט געוואָלט אַריינלייגן אין אַ קולטורעלע אונטערנעמונג. דער „פילאָ־

זאָף" האָט אוועקגעוואָרפן דאָס סרסוריי און האָט זיך מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן זיין ביבליאָטעק. די פּריוואַטע אונטערנע־מונג האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן די ברייטקייט פונ׳ם „פילאָ־זאָף", זי האָט געפּלאַצט, און דער „פילאָזאָף" האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע.

עלבאַנאָוויטש־דרעווליאַנסקי. אין דער „ליטעראַרישער אַלייע" פון קראַשינסקים גאָרטן האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אַ נייע פּערזאָן. אַ הויכלאַכער בחור מיט אַ קוטשמע גע־קרייזלטע האָר און אַן אינטעליגענט פּנים. מיט זיין באַווייזן זיך האָט ער אונז באַלד פּאַראינטערעסירט. אַ באַזונדערן איינדרוק האָט ער געמאַכט אויף אונז מיט דעם, וואָס ער האָט גערעדט אידיש. משונהדיק איז דאָס ביי אונז אויסגעקומען: אַן אינטעליגענטער מענטש זאָל רעדן אידיש. דיסקוסיעס מיט אונז האָט ער אָבער פּאָרט געפירט אויף רוסיש. איז זיין אידיש רעדן אויסגעקומען ביי אונז, ווי אַ מין קאַפּריז. נאָר דאָס, זעט אויס, איז געווען נישט קיין קאַפּריז, נאָר אַן אויסגערעכנטע זאַך, און נישט צוליב פּרינציפּיעלע טעמים. מיט זיין אידיש רעדן האָט ער זיך מיטאַמאָל ביי אונז אויסגעטיילט; אין די דיסקוסיעס, אין די געשפּרעכן מיט אונז, איז ער אָפט געווען פּאַראַדאָקסאַל און דערמיט האָט ער זיך אויך אַרויס־געטיילט.

די אויפמערקזאַמקייט צו אים איז אָבער ביי אונז גיך אויס־געלאָשן געוואָרן. ער האָט נישט געהאַט קיין מאַטעריאַל אונטער־צוהאַלטן דאָס קליינע פייערל, וואָס האָט אין אים געברענט.

געקומען איז ער קיין וואַרשע אָפּדרוקן זיינעם אַ ביכל לידער און דווקא אין רוסישן. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַביסל געלט אויף צו דרוקן דאָס ביכל און אויף צו אויפהאַלטן זיך, ביז דאָס ביכל וועט ווערן אָפּגעדרוקט. דאָס ביכל האָט זיך אָפּגעדרוקט אין אַ קליינעם, שיינעם פאָרמאַט, אויף גוטן פּאַפּיר, מיט זייער באַנאַלע לידער. אין יעדן ליד זיינעם האָט זיך געפילט, אַז ער טאַנצט עמיצן נאָך. אויפ׳ן שער־בלעטל איז געשטאַנען זיין דאָפּלטע פאַמיליע.

פאַרקויפט האָט ער זיין ביכל אויף אַ גאַנץ פּשוט׳ן אופן, ווי די אַמאָליקע אידישע מחברים: ער איז געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט און געגאַנגען פון הויז צו הויז פאַרלייגן זיין ווערק. מיט

עטלאַכע יאָר שפּעטער האָב איך אין ביבליאָטעק ביי מיינעם אַ באַקאַנטן צופעליק געזען דאָס ביכל. פרעג איך אים:

— פונוואַנען קומט עס צו אייך?

— דער מחבר אַליין האָט עס מיר געבראַכט צו פאַרקויפן, און איך האָב עס געקויפט.

און אַ סך אידישע הייזער האָט ער מזכה געווען מיט זיין ווערק.

זיין ווייטערע קאַריערע איז מיר אומבאַקאַנט. אין דער פּרעסע האָט מען וועגן זיינע לידער און זיין פּערזאָן נישט גערעדט.

אין קראַשינסקים גאָרטן און אין אַנדערע פּלעצער האָב איך געמאַכט נאָך אַ סך ענלאַכע, נאָר ווייניקער כאַראַקטעריסטישע באַקאַנטשאַפטן.

פאַרוואָס אָבער קומט מיר אויס צו רעדן אַממערסטן וועגן נעגאַטיווע טיפּן? שוין זשע זיינען צווישן דער גאַנצער יוגנט נישט געווען קיין אַנדערע מענטשן, מענטשן מיט ליבע און לעבן איבערגעגעבענע זייערע אידייען? יאָ, זיי זיינען געווען. נאָר זיי האָבן זיך נישט געוואָרפן אין די אויגן, און אויף זיי זיך אָנשטויסן, איז געווען נישט אַזוי לייכט. איך האָב זיך אויף דעם סוף כל סוף אָנגעשטויסן, נאָר רעדן וועגן זיי וועל איך שוין מוזן ספּעציעל.

נאָר איידער איך ענדיק וועגן מיינע איינדריקן פון גאַס, וויל איך נאָך איבערגעבן וועגן אַ דערשיינונג, מיט וועלכער איך האָב זיך געטראָפן אינ׳ם זעלבן קראַשינסקים גאָרטן.

אין אונזער אַלייע פּלעגט אָפט שפּאַצירן אַ יונגערמאַן מיט אַ גאַנץ סימפּאַטיש אויסזען. ער פּלעגט שטענדיק שפּאַצירן מיט אַ פריילין, אויך אַ גאַנץ סימפּאַטישע. דאָס זיינען ניט געווען, קענטיק, קיין אינטעליגענטן, אָבער, לויט׳ן אויסערלאַכן אויסזען, איז שווער געווען צו זאָגן, צו וועלכן קלאַס זיי געהערן. טרעפנדיק זיך מיט זיי כמעט יעדן טאָג אין אונזער אַלייע, זיינען מיר געווען כמעט ווי באַקאַנט, און איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו זיצן לעבן זיי אויף איין באַנק. מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט. ער איז אַן אַרבעטער, כאָטש אויף קלאָר בין איך נים געוואָרן, וואָס פאַר אַן אַרבעט ער טוט. דאָס מיידל, זיין כלה, איז אַ נייטערקע. קיין באַזונדער שטאַרקן איינדרוק האָבן זיי אויף מיר נישט

געמאַכט, פלעג איך זיך מיט זיי נישט אינטערעסירן. מיר פלעגן גריסן איינער דעם אַנדערן און אַמאָל זיך דורכוואַרפן מיט אייניקע ווערטער.

מיט דעם פּאָרל פלעגט צוזאַמען שפּאַצירן אַ בחור׳ל, וואָס איז געווען אַ „באַדינער" אין האַמבורגער האָטעל, וואָס האָט זיך געפונען אויף ראָג גענשע און נאַלעווקעס. דער „באַדינער" האָט אויף מיר געמאַכט זייער אַ שלעכטן איינדרוק מיט זיין וואולגאַרן, חוצפה׳דיקן פּנים. ווי קומט זיך קאָמפּאַנירן אָט דער סימפּאַטישער יונגערמאַן מיט דעם „באַדינער", האָב איך נישט פאַרשטאַנען.

ס׳איז אַוועק זומער. די „בירזשע" פון קראַשינסקיס גאָרטן האָט אויפגעהערט צו פונקציאָנירן. אונזערע טרעף־ערטער האָבן זיך אָנגעהויבן אַריבערצוטראָגן אין די הייזער, און איך האָב פאַרלאָרן פון די אויגן מיינע צופעליקע באַקאַנטע.

ס׳איז געקומען אַ נייער זומער. אין אונזער אַלייע האָב איך שוין מער דאָס פּאָר־פּאָלק נישט געטראָפן. איינמאָל באַמערק איך דעם „באַדינער". איך בין געווען נייגעריק צוגיין צו אים און פרעגן, וואָס איז מיט זיין באַקאַנטער פּאָר.

— זי איז שוין אין אָרדנונג! — האָט ער מיט אַ צינישן געלעכטער מיר געזאָגט. און איך בין געוואָר געוואָרן וועגן אַ מעשה, וואָס האָט געמאַכט אויף מיר דאַמאָלס אַ שרעקלאַכן איינדרוק.

דער יונגערמאַן האָט זיך מיט דער מיידל אַ צייט געשפּילט אין ליבע, ביז זי איז געוואָרן זיינע אַ כּלה און זי איז געווען זיכער, אַז זי ווערט זיין ווייב. דאַמאָלס האָט ער זיך פאַרקליבן אין האַמבורגער האָטעל אין אַ נומער, וואָס פאַר זיי האָט צוגעגרייט דער „באַדינער", מיט וועמען דער חתן איז געווען אין קאָנטאַקט. דער „באַדינער" האָט איבערגעוואַרט אַ צייט, און ווען ער איז משער געווען, אַז ס׳איז גענוג צו וואַרטן, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר, מען האָט אים אַריינגעלאָזן, און ער האָט דאָס מיידל אין געגנוואַרט פון חתן פאַרגוואַלדיגט.

זי האָט געוויינט, זי האָט זיך געבעטן ביי אים, זי איז געשטאַנען פאַר די קני אויף אים: עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. שרייען, זעט אויס, האָט זי מורא געהאַט, עס זאָל נישט ווערן קיין עפענט־

לאַכער סקאַנדאַל. זי האָט נאָכגעגעבן... און נאָכדעם איז שוין געווען דער וועג אויסגעטראָטן: זי איז געוואָרן אַ פּראָסטיטוטקע.

איך בין אַוועק פון אים. דעם גאַנצן טאָג האָב איך נישט גע־קאָנט רוען און ביינאַכט נישט געקאָנט שלאָפן. אָט דאָס איז דער וועג צו פּראָסטיטוציע, וועגן וואָס איך האָב געלעזן אין די ביכלאַך אַלס אַ סאָציאַלע דערשיינונג. פאַר מיינע אויגן איז שוין נישט געווען קיין פילאָזאָפיע, נאָר אַ לעבעדיקער פאַקט פון מענטשלאַכן לעבן.

שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן וועגן אַ סך אַנדערע פאַקטן אין דער הינזיכט, אָפט העסלאַכערע און שענדלאַכערע; נאָר אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, ווי עס האָט געמאַכט אויף מיר די ערשטע באַ־געגניש, האָט אויף מיר קיין איינע נישט געמאַכט.

און מיט נאָך אַ פאַקט האָב איך זיך געטראָפן אינ׳ם זעלבן קראַשינסקיס גאָרטן. אַ נידריק מיידל פלעגט שטענדיק זיין אין קראַשינסקיס גאָרטן און אַמאָל אַרויפקומען אויף אונזער אַלייע; וועגן איר פלעגט מען דערציילן, אַז זי איז אַ פּראָסטיטוטקע. לעבן איר פלעגט זיך שטענדיק האַלטן אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר דרייסיק מיט אַ בלאָנד בערדל, מיט אַן אויסזען פון אַ סוחרל, און אָט דער יונגערמאַן פלעגט האַנדלען מיט דער מיידל. דאָס איז געווען איר סוטניאָר, וואָס מען רופט אָן אין פּויליש: „מאַטשאָרניק״.

פאַר אונז איז געווען אַ רעטעניש, צו וואָס דאַרף דאָס מיידל האָבן דעם סוחרל, דעם בעל־הבית. מיר האָבן נאָך דאַמאָלס נישט געוואוסט, וויפיל שקלאַפעריי ס׳ליגט נאָך אין דער מענטשלאַכער נשמה, און מיר האָבן נישט געקאָנט באַגרייפן אָט דאָס מיידל.

דער פאַקט האָט אויף מיר געמאַכט אַ קלענערן איינדרוק, אפשר דערפאַר, ווייל דער איז שוין געווען אַ צווייטער פאַקט, מיט וועלכן איך האָב זיך געטראָפן, און אפשר דערפאַר, ווייל איך האָב געזען פאַר זיך אַ געשעענעם פאַקט פון אַן אויסערלאַך פרידלאַכן לעבן פון דיביידע פּערזאָנען, און מיר איז נישט געווען באַקאַנט דער וועג, וועלכן דאָס מיידל האָט אַדורכגעמאַכט, ביז זי איז געקומען צו איר איצטיקער לאַגע.

מען דערציילט אַ מעשה וועגן צוויי קליינשטעטלדיקע אידן פון דער ערשטער עפּאָכע פון דער השכלה־באַוועגונג. איינער — אַ

פרומער איד, דער אַנדערע — שוין אַביסל גערירט דורך דער השכלה.

דאַמאָלס איז די השכלה־באַוועגונג באַשטאַנען פון אַ קליין הייפעלע מענטשן אין ווילנע; זיי האָבן געהאַט אַן אייגענעם בית־מדרש, וואו זיי פלעגן זיך צוזאַמענקומען און וואו, פאַרשטייט זיך, מ׳פלעגט אָפט רעדן אפיקורסות.

דאַרף זיך מאַכן, אַז ביידע קליינשטעטלדיקע אידן פאָרן קיין ווילנע צום ערשטן מאָל. דער פרומער איד, קומענדיק קיין ווילנע, איז באַלד אוועק אויפ׳ן שול־הויף; אויפ׳ן שול־הויף האָט ער געזען אַ סך בתי־מדרשים, געפאַקט מיט מתפללים און מיט מתמידים, וואָס האָבן געלערנט פלייסיק תורה.

זיין חבר איז אוועק קודם כל זוכן דעם בית־מדרש, וואו עס קומען זיך צוזאַמען די משכילים; דאָרט האָט ער געפונען גאָר אַן אַנדער אַטמאָספערע, ווי אין אַ געוויינלאַכן בית־מדרש.

די ביידע אידן זיינען געקומען צוריק אהיים. פרעגט מען ביי זיי, ווי האָבן זיי געפונען ווילנע. זאָגט דער פרומער, אַז ווילנע איז אַ פרומע שטאָט, פול מיט תורה, יומם ולילה לערנט מען דאָרטן און מ׳איז מתפלל. זיין חבר האָט אָבער געפונען, אַז ווילנע איז אינגאַנצן אַ משכילישע שטאָט, זייער ווייט פון פרומקייט.

קורץ, יעדער געפינט אין לעבן דאָס, וואָס איז צוגעפאַסט צו זיין פסיכיק, צו זיינע נאַטירלאַכע נייגונגען. איך האָב אין דער פיל־פאַרביקער וואַרשעווער גאַס געפונען דאָס, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו דער דאַמאָלסדיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, זאָל זיין אָפט אין אַ קאַריקאַטור־פאָרם.

אַלע אַנדערע דערשיינונגען פלעגן מיך נישט באַרירן, פלעגן מיך נישט אינטערעסירן. איך פלעג זיי פאַרבייגיין און איך פלעג זיין נישט מער, ווי אַ צופעליקער באַאָבאַכטער.

האָב איך סוף כל סוף אין דער וואַרשעווער גאַס געפונען דאָס, צו וואָס איך האָב געשטרעבט.

# דאָס לעזן

געלעזן האָבן מיר אַ סך, און נאָר רוסיש. די גאַנצע פרייע צייט, וואָס איז אונז געבליבן פון גימנאַזיע, פלעגן מיר אָנווענדן אויף לעזן. מיר האָבן, ווי מען זאָגט, געשלונגען ביכער.

ביים לעזן האָבן מיר מיט אַלע אונזערע חושים זיך געפונען אין דער סביבה, וואָס איז געווען געשילדערט אין די געלעזענע דורך אונז ביכער. מיר האָבן אַממייסטן געלעזן די ווערק פון די רוסישע קינסטלער, פון די רוסישע מייסטער פון וואָרט.

עס איז דאָ אַ גריכישע לעגענדע וועגן דעם באַרימטן מאָלער זעווקסיס: ער האָט געמאָלט אַ טרויבן־צווייג. ווען דאָס בילד איז געווען פאַרטיק, זיינען פייגעלאַך צוגעפלויגן און געוואָלט פּיקן די טרויבן — אַזוי לעבעדיק זיינען זיי ביי אים אויסגעקומען.

די גרויסע רוסישע קינסטלער האָבן אַזוי געשילדערט דאָס רו־סישע לעבן, אַז די געשילדערטע דורך זיי בילדער זיינען געשטאַנען. ווי לעבעדיקע, פאַר מיינע אויגן. לעזנדיק די ביכער, בין איך זיכער געווען מער אין דער סביבה, וואָס די רוסישע שרייבער האָבן גע־שילדערט, ווי אין דער סביבה, וואו מיין גוף האָט זיך געפונען, בשעת איך האָב געלעזן די ביכער. איך האָב זיך אַזוי איינגעלעבט מיט די בילדער, אַזוי געוואָרן מיט זיי היימיש, אַז ס'האָט זיך געדוכט, אַז איך בין געבוירן געוואָרן צווישן זיי. די שפּראַך פון די העלדן פון די ראָמאַנען, וואָס איך האָב געלעזן, איז געווען מיין שפּראַך; זייערע באַגריפן — מיינע; זייער וועלט אויפפאַסונג — אויך מיינע; קורץ, איך האָב זיך דורך מיין לעזן אַסימילירט מיט דער סביבה פון מיין לעזע־שטאָף.

ווען איך בין אין יאָר 1889 צום ערשטן מאָל געקומען קיין מאָסקווע, האָט זיך מיר ביים סאַמע אריינפאָר אויסגעדאַכט, אַז איך געפין זיך אין אַ היימישער שטאָט. אַ לאַנגע צייט פון מיין זיין אין מאָסקווע האָב איך געקלערט: פאַרוואָס איז מיר מאָסקווע

אַזוי נאָנט און היימיש? די פאַמיליעס אויף די שילדן, די נעמען פון די גאַסן, און דאָס, וואָס כ'האָב אַרום זיך געזען אין גאַס, — אַלץ איז מיר געווען באַקאַנט.

איך האָב געפילט, אַז מיין קומען קיין מאָסקווע איז אַ מין צוריקקער אַהיים, אַ מין צוריקקער אין געבורט־שטאָט, וועלכע איך האָב שוין לאַנג פאַרלאָזן און איצט נאָכאַמאָל דערזען.

סוף כל סוף האָב איך געפונען אַן ענטפער אויף דער פראַגע. געוויס זיינען אַלע בילדער מיר גוט באַקאַנט, געוויס מוזן זיי מיר זיין היימיש—איך האָב זיך דאָך מיט זיי אַזוי איינגעלעבט אין מיין פיל־יאָריקן לעזן די רוסישע ליטעראַטור. די בילדער פון לעבן, וואָס כ'האָב אַרום זיך געזען, זיינען אַזוי גרוי און בלאַס געווען; די בילדער, וועגן וועלכע איך האָב געלייענט, זיינען אַזוי לעבעדיק, אַזוי פאַרביק, און אָפט אַזוי שיין געווען.. האָבן זיי זיך געמוזט אַזוי שטאַרק איינפרעסן אין מיין נשמה, אַז יענע בלאַסע, גרויע בילדער פון דערווירקליכקייט זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן, און זייער אָרט האָבן פאַרנומען די שיינע, פאַרביקע בילדער.

נאָר איך בין געווען אונטער דער השפעה נישט נאָר פון די בילדער פון דער רוסישער ליטעראַטור, נאָר אויך פון די אידייען, וואָס זי האָט געפּרייִדיקט. מיין גאַנצע וועלט־אַנשויאונג האָט זיך פאָרמירט אונטער דער ווירקונג פון די דאָמינירנדע ריכטונגען פון אַט דער ליטעראַטור.

ווען איך רעד וועגן דער רוסישער שיינער ליטעראַטור, מיין איך די ליטעראַטור נאָר פון אַ באַשטימטן פּעריאָד, ד. ה., די ליטעראַטור, וואָס מיין דור האָט געלעזן, וואָס ער האָט געפונען פאַר נויטיק צו לעזן. דאָס איז די רוסישע ליטעראַטור, אָנהייבנדיק פון די 40טע יאָרן אָן ביז די 80טע.

אַ באַזונדערן כאַראַקטער האָט געטראָגן אָט די ליטעראַטור. אין דער וועלט־ליטעראַטור איז אפשר נישטאָ אַ צווייטע מיט אַזאַ אָנבליק, וואָס עס האָט געטראָגן די רוסישע ליטעראַטור אָט פון דעם פּעריאָד.

איינער אַ רוסישער זשורנאַליסט, אויב איך האָב נישט קיין טעות — בורעניִן, דער מיטאַרבעטער פון „נאָוואָיע ווּרעמיאַ", האָט זיך אויסגעדריקט וועגן דער דאַמאָלסטיקער ליטעראַטור, אי־

בערהויפּט וועגן דער ליטעראַטור פון די 60טע און 70טע יאָרן, אַז פון איר טראָגט זיך אַ ריח פון „פּאָלושובאָק" — פּויערים־פּעלץ. דאָס איז דער ספּעציפישער ריח, וואָס שפּירט זיך פון יעדן רוסישן פּויער, ווייל כמעט דאָס גאַנצע יאָר טראָגט ער אַ שעפּסענעם פּעלץ. דאָס איז אַ געלונגענער בילדערישער אויס־דרוק פון אַ פאַרביסענעם שונא פון דער פּראָגרעסיווער רוסישער ליטעראַטור.

און ווירקליך, אַ גרויסן פּלאַץ האָבן אָפּגעגעבן די רוסישע שרייבער דעם פאַרשקלאַפטן רוסישן פּויער, און דאָס האָט ארויס־גערופן ביי אונז אַ באַשטימטע שטימונג.

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דורכגעלעזן טורגעניעוו'ס „נאָטיצן פון אַ יעגער", האָבן זיי אויף מיר געמאַכט אַ געוואַלטיק שטאַרקן איינדרוק. איך בין נאָך דאַמאָלסט נישט געווען באַקאַנט מיט סאָציאַלע טעאָריעס; איך האָב נאָר אינסטינקטיוו געפילט, אַז דאָ קומט פאָר פאַר מיינע אויגן, אין די בילדער, וואָס טור־געניעוו שילדערט, אַ סאָציאַלע אומרעכט. דער פּויער איז נישט ערגער, נישט נאַרישער פון זיין גוט־באַזיצער; דער פּויער האָ־רעוועט מיט ביטערן שוויים, און דער גוט־באַזיצער גייט ארום פּוסט און פּאַס, און דאָך לעבט דער גוט־באַזיצער אין וואוילטאָג, און דער פּויער — אין שרעקלאַכער נויט און אָרימקייט.

אָט דאָס אָביעקטיווע קונסט־ווערק, וואָס פּרעדיקט אבסאָלוט גאָרנישט, וואָס שילדערט דאָס לעבן מיט אַזאַ רואיקן, געלאַסענעם טאָן; וואו דער פאַרפאַסער ווייזט נישט ארויס זיינע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס מיט קיין איינציק וואָרט, האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין מיין נשמה.

מיט דעם ערשטן דורכגעלעזענעם בוך, וואו ס'שילדערט זיך דאָס לעבן פונ'ם רוסישן פּויער, האָבן זיך געשאַפן ביי מיר די סימפּאַטיעס צום פּויער. די אַלע כאַרם און קאַליניטשעס, די אַלע יערמאָלאַיעס און אַרינעס זיינען געוואָרן מיר נאָנט. אין מיין נשמה האָט זיך געשאַפן אַ ווארעם געפיל צום אומגליקלאַכן, פאַר־יאָגטן, פאַרשקלאַפטן רוסישן פּויער, וואָס האָט אַזוי פיל רייכטימער באַשאַפן און וואָס האָט כמעט גאָרנישט פון זיי גענוצט. און וואָס מער איך האָב זיך באַקענט מיט דער שיינער רוסישער

ליטעראַטור, וואָס מער איך האָב זיך אין איר אריינגעטיפט, אַלץ נענטער און באַקאַנטער איז מיר געוואָרן דער רוסישער פּויער.

איך בין אריבער צום לעזן די שרייבער פון די 60טע און 70טע יאָרן. איך האָב אדורכגעשטודירט לעוויטאַוו'ס, זלאַטאָ־ווראַטסקי'ס, גלעב אוספּענסקי'ס און ווערק פון אנדערע שרייבער, און איך האָב זיך געפילט אין רוסישן דאָרף, ווי ביי זיך אין דער היים.

איך האָב געגוי געוואוסט, ווי ס'לעבן די פּויערים ביי זיך אין דער היים, ווי זיי באַארבעטן זייער ערד; איך האָב זיך גוט באַקענט מיט דער קאָלעקטיווער פאָרם פון אייגנטום ביים רוסישן פּויער, מיט דער אזוי גערופענער „אָבשטשינע", מיט זיין סדר פון אָנפירן די דאָרפישע קהלות, וואָס ווערן ביי זיי אָנגערופן „מיר"; מיט זייערע סעקטעס, א. א. וו.

די סביבה, וועלכע האָט זיך געשילדערט אין די ביכער, וואָס איך האָב געלייענט, איז געווען מיין אייגענע סביבה. זי איז מיר געוואָרן ליב און טייער, און איך בין געווען גרייט פאַר איר זיך מקריב זיין.

די ליבע צום רוסישן פּויער איז געווען העל באַלויכטן מיט אַ סאָציאַלער אידייע, וועלכע איך האָב אויך דערוואָרבן פון דער רוסישער ליטעראַטור. אַ סך ביכער האָבן געהאַט אויף מיר אַן איינפלוס אין דעם הינזיכט, נאָר אויף איין בוך מוז איך זיך באַזונדערס אָפּשטעלן. דאָס איז געווען דער ראָמאַן „וואָס טוט מען?"* דעם איצטיקן דור איז זיך שווער פאָרצושטעלן, וואָסער רושם און וועלכע ווירקונג דאָס בוך האָט געמאַכט אויף מיין דור.

באַקומען דעם ראָמאַן איז געווען זייער אַ שווערע זאַך. ער איז געווען געדרוקט אין זשורנאַל „סאָוורעמעניק", און ס'איז געווען פאַרבאָטן אים איבערצודרוקן. דער זשורנאַל פלעגט איבער־גיין פון האַנט צו האַנט. דער פאַרפאַסער פון דעם ראָמאַן איז געווען דער באַרימטער טשערנישעווסקי, איינער פון די גרעסטע רוסישע געלערנטע און קריטיקער. ער רעכנט זיך פאַר'ן פאָטער

---

*) דער ראָמאַן איז איבערזעצט אין אידיש און האָט זיך באַוויזן אין ניו יאָרק אין יאָר 1917.

פון דער אַזוי גערופענער „נאַראָדניטשעסטוואָ", און צוליב דעם אויך דער פאָטער פון דער פאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און דער איצטיקער ס. ר. (סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער) פאַרטיי.

טשערנישעווסקים נאָמען איז געווען טריף ביי דער רוסישער רעגירונג, און די צענזור האָט פאַרבאָטן אים צו דערמאָנען. פלעגט אימיצן אויסקומען צו ציטירן זיינע ווערק, פלעגט ער שרייבן אַזוי: „דער פּראָפעסאָר פון די „באַמערקונגען צו מילס פּאָליטישע עקאָנאָמיע", אָדער: „דער פּראָפעסאָר פון די „סקיצן פון גאָגאָל'ס פּעריאָד".

נאָר דאָס רוב עולם האָט אים געקענט אַלס דעם פּראָפעסאָר פון דעם ראָמאַן „וואָס טוט מען?"

פאַרוואָס האָט דער ראָמאַן געהאַט אַזאַ ערפאָלג? ערשטנס, ווייל ער איז געווען פאַרבאָטן, און צווייטנס, ווייל ער האָט גע־שילדערט „נייע מענטשן" און זייער לעבן. דער ראָמאַן האָט טאַקע געהאַט אַן אונטערקעפּל: „דערציילונגען וועגן נייע מענטשן".

דער יונגער דור פון דער רוסישער געזעלשאַפט האָט געזוכט נייע וועגן צו אַ יושר'דיקן לעבן. דאָס לעבן פון אַלטן דור איז נמאס געוואָרן; ס'האָט זיך געבענקט, ס'האָט זיך גע'חלומ'ט פון אַ נייעם אַרט לעבן.

און אין דעם ראָמאַן שילדערט זיך דאָס יושר'דיקע, שיינע לעבן פון נייעם דור. אַ גרויסן פּלאַץ פאַרנעמט אין ראָמאַן דאָס באַשרייבן ווי ס'האָט געלעבט די הויפּט העלדין פון ראָמאַן וויעראַ פּאַוולאָוונאַ, מיט איר מאַן לאָפּוכאָוו.

דאָס פּאָר פאָלק האָט געלעבט צווישן זיך נישט ווי געוויינ־לאַכע מאַן און ווייב. זיי האָבן געלעבט מיט אַ באַזונדער ריינעם און שיינעם פאַמיליען לעבן.

נאָר וויעראַ פּאַוולאָוונאַ האָט אינטערעסירט אונזערע מייד־לאַך, נישט נאָר מיט איר אַרט איינאָרדנען איר פאַמיליען לעבן. נאָר אויך מיט איר זעלבסטשטענדיקייט. וויעראַ פּאַוולאָוונאַ האָט זיך זעלבסטשטענדיק אוועקגעשטעלט איר לעבן. זי איז געווען עקאָנאָמיש אינגאַנצן אומאָפּהענגיק פון איר מאַן. זי האָט מיט איר אַרבעט נישט נאָר געזיכערט איר אייגן עקזיסטענץ, נאָר זי

האָט אויך באַשאַפן אַ זאַך פון גרויסער געזעלשאַפטלאַכער באַ־דייטונג.

וויערא פּאווּלאָווּנאַ האָט געקאָנט נייען, איז זי זיך מישב, אַז זי טאָר ניט זיצן אויפ'ן מאַנ'ס קארק און זי באַשליסט צו עפענען אַ שניידער ווארשטאַט פון דאַמען קליידער. זי און איר מאַן זיינען אָבער געווען פון די נייע מענטשן, פּשוט גערעדט — זיי זיינען געווען סאָציאַליסטן.

אין טשערנישעווסקי'ס צייטן איז דאָס וואָרט „סאָציאַליסט" געווען אָסור טרפות, און דערמאָנען עס אין דרוק איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. פּלעגט מען אויסמיידן דאָס וואָרט, נאָר דער לעזער פּלעגט שוין פאַרשטיין וועגן וואָס עס רעדט זיך. אַז וויערא פּאווּלאָווּנאַ, אַז איר מאַן פּרעדיקן געדאַנקען, וואָס זיינען, אין תוך גענומען, סאָציאַליסטישע. ביי לאָפּוכאָוו'ן האָט זיך געפונען אַ סימבאָל פון זיין סאָציאַליסטישער אנגעהעריקייט — ביי אים אויפ'ן טיש איז געשטאַנען אַ ספּעציעל־אויסגעשריבענע פון אויסלאַנד פאָטאָגראַפיע פון ראָבערט אָוען. די פאָטאָגראַפיע איז ביי אים געווען געשעצט, ווי די „איקאָנעס" (בילדער פון הייליקע) ביי די פרומע רוסן, ביי די פרומע „פּראַוואָסלאַוונע".

וויערא פּאווּלאָווּנאַ האָט געעפנט אַ ווארשטאַט, נישט אַ געווינלאַכן ווארשטאַט, נאָר אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. אין דעם פּעריאָד פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס שילדערט זיך אין ראָמאַן, האָבן פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, וואָס ס'האָט געגרינדעט וויערא פּאווּלאָווּנאַ, און וואָס האָבן געהייסן אנדערש אַסאָסיאַציעס, גערעכנט זיך פאַר אַ געהויבענע זאַך.

דער איצטיקער לעזער פונ'ם ראָמאַן וועט זיך געוויס וואונדערן, וואָס מען מאַכט אַזאַ וועזן פון אָט די עטלאַכע קליינע ווארשטאַטלאַך, וואו ס'האָבן געאַרבעט עטלאַכע שניידערקעס. איצט איז די קאָאָפּעראַציע בכלל אַ וואָכעדיקע זאַך.

די אַסאָסיאַציעס, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן דורך וויערא פּאווּלאָווּנאַ, זיינען געווען אַן עניין, וואָס האָט געקאָנט און האָט שטאַרק אינטערעסירט די אידישע מיידלאַך, און ס'זיינען געמאַכט געוואָרן פּראָבעס צו שאַפן אַזעלכע אַסאָסיאַציעס.

אויף מיר האָט דער ראָמאַן געמאַכט אַ ווירקונג נישט מיט

דער באַשרייבונג פון נייעם אַרט לעבן, נישט מיט די אַסאָסיאַציעס, וועלכע ווערא פּאַווליאָוונאַ האָט געגרינדעט, נאָר מיט דעם גאַנצן טאָן, מיט דעם גאַנצן ליבּ־געזאַנג פאַר אַרבעט, מיט די שאַרפע ווערטער קעגן פּאַראַזיטיזם, מיט דאָס פרעדיקן דאָס אַלגעמיינע גליק, מיט דאָס רופן צו פאַרפאַלקאָמענען זיך, צו ווערן בעסער און שענער, צו אָפּוואַרפן די שמוץ, וואָס איז צוגעשטאַנען צום מענטשן אין פאַרלויף פון טויזנטער יאָרן, צו בויען אַ נייע געזעלשאַפט.

נאָר מער פון אַלץ האָט דער ראָמאַן געווירקט אויף מיר מיט זיין געהיימניספולן העלד ראַכמעטאָוו. דעם דרך ארץ, וואָס עס פילט צו אים דער מחבר, זיין אָפּזאָגן זיך פון אייגענעם גליק, זיין ווידמען זיין גאַנץ לעבן ניט זיך, נאָר זיינע אידייען, וועגן וועלכע ס'דערמאָנט נישט דער מחבר, נאָר וועגן וועלכע מיר האָבן זיך שוין גוט אָנגעשטויסן — דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקן דראַנג צו זיין ענלעך צו אים.

ראַכמעטאָוו איז געווען אַ זייער רייכן גוט־באַזיצער'ס אַ זון. ער האָט באַקומען, אין עלטער פון 16 יאָר, אַ קאָלאָסאַלע ירושה פון זיינע עלטערן. ער האָט צעטיילט די ערד פון זיינע גיטער די פּויערים, וואָס זיינען נאָר וואָס באַפרייט געוואָרן פון „פּאַנשטשיזנע". זיין נאָמען איז געווען טריף ביי זיין משפחה. זיינע שוואָגערס האָבן פאַרבאָטן זייערע פרויען, זיינע שוועסטער, האָבן מיט אים וועלכע ס'איז מגע־ומשא. ער האָט ליקווידירט זיין גוט־באַזיצערשן שטאַנד, און האָט אָנגעהויבן צו לעבן, ווי עס לעבט דאָס פאָלק, ד. ה., דער רוסישער פּויער. ער האָט ליב געהאַט, און געווויינט געווען פון די קינדערשע יאָרן, צו עסן גוטע, געשמאַקע מאכלים; ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די אַלע מאכלים, וואָס קומען נישט אויפ'ן טיש ביים פּאָלק. קיין ווייס ברויט איז אין זיין מויל נישט געקומען, ווייל דאָס פאָלק עסט נאָר שוואַרצס, א. ד. גל. אפילו ביי אימיצן צוגאַסט, ווען צום טיש פלעגט מען דערלאַנגען גוטע מאכלים, פלעגט ער פון זיי אַלע עסן נאָר די, וואָס טרעפן זיך ביים פּויער, זאָל זיין זעלטן, זאָל זיין אין אַ יום־טוב, נאָר דאָך וואָס קומען צו אים אויפ'ן טיש. פון אַנדערע מאכלים פלעגט ער זיך אָפּזאָגן. ער האָט זיך אָנגעהויבן אָנצו־

טאָן אָרעם, ווייל אזוי גייט דאָס פאָלק, כאָטש ער האָט ליב גע־
האַט עלעגאַנטע קליידער. אין אַלגעמיין האָט ער געלעבט אַן איינ־
געהאַלטן לעבן, אַ לעבן פון אַ נזיר. ער פלעגט, צ. ב., זיך נישט
דערלויבן צו שלאָפן אויף אַ מאַטראַץ, ער פלעגט אונטערלייגן
אונטער זיך אַ וואָילאָק, אפילו נישט אין צווייען איינגעלייגט, כדי
ער זאָל נישט צופיל צולאָזן ווערן. ער פלעגט זיך נישט דערלויבן
צו געבן קיין אָפּרו פון אַרבעט, ווער רעדט וועגן פּאַרוויילונגען,
וואָס איז אָנגענומען ביי יעדן.

דאָס פאָלק אַרבעט פיזיש זייער שווער און נויטיקט זיך
אין פיזישע קראַפט, — האָט ער אָנגעהויבן אַנטוויקלען זיין
פיזישע קראַפט; כדי צו איבערלעבן דאָס, וואָס דאָס פאָלק לעבט
איבער, האָט ער אַוועקגעוואָרפן דעם אוניווערזיטעט, און געוואָרן
אַ פּשוט׳ער אַרבעטער. ער האָט געטראָגן וואַסער, געזעגט און
געהאַקט האָלץ, געברוקירט מיט שטיינער די גאַסן, געגראָבן ערד,
געאַרבעט ביי אַ שמיד, און אויך געווען אַ „בורלאַק״. אַמאָל
פלעגן די שיפן אין די רוסישע טייכן געשלעפט ווערן דורך
מענטשן, וועלכע מען האָט גערופן „בורלאַקעס״. צו די שיפן
זיינען געווען געבונדן שטריק, און דער פרייער עק פלעגט אַריבער־
געוואָרפן ווערן אויפ׳ן ברעג; די „בורלאַקעס״ פלעגן אַרומבינדן
זיך מיט דעם פרייען עק פון די שטריק, פלעגן גיין אויפ׳ן ברעג
פון טייך, — נאָך זיי פלעגט זיך שלעפן די שיף. זייער אַרבעט
איז געווען אומגעווייינטלאַך שווער: טאָג איין, טאָג אויס גיין,
דורכמאַכן הונדערטער וויאָרסטן און שלעפן נאָך זיך אַזא משא
אויפ׳ן וואַסער. אַ גאַנצן זומער־סעזאָן איז ראַכמעטאָוו געווען אַזא
מין „בורלאַק״.

צוויי יאָר איז ער געווען אַ פּשוט׳ער אַרבעטער, און האָט
זיך אומגעקערט צוריק קיין פּעטערבורג. אין אוניווערזיטעט איז
ער צוריק נישט אַריין, נאָר האָט זיך פאַרנומען מיט אַ טעטיקייט,
וואָס קיינער האָט פון איר נישט געוואוסט. ווי אַ מעטעאָר פלעגט
ער זיך באַווייזן צווישן זיינע באַקאַנטע, ווען ער פלעגט דאַרפן
צו זיי עפּעס האָבן, און קיינער פלעגט נישט וואַגן אים אָפּצוזאָגן
פון צו טאָן, וואָס ער פלעגט פאָדערן, ווייל מען האָט געוואוסט,
אַז זיינע ענינים זיינען נישט קיין פּערזענלאַכע. וואָס פאַר אַ

ענינים זיינען עס געווען, שרייבט נישט דער מחבר, נאָר דער לעזער שטויסט זיך שוין גוט אָן, וועגן וואָס עס רעדט זיך — עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. קומען צו גיין מיט וויזיטן גלאַט אין דער וועלט אריין, אָפּזיצן אַן אָוונט, כאַפּן אַ שמועס, איז נישט געווען אין זיינע כללים. ער פלעגט קומען צו אַ מענטשן, פלעגט זאָגן: „איך וועל אָפּנעמען ביי אייך צען־פופצן מינוט, אָדער אַ האַלבע שעה," פלעגט אָפּרעדן זיינס, און פלעגט אוועקגיין. איבעריקע רייד, איבעריקע צייט איז ביי אים געווען אַ שאָד צו פאַרלירן.

ער האָט זיך אפילו אָפּגעזאָגט פון ליבן און זיין געליבט, ווייל דאָס קאָן שטערן זיין טעטיקייט.

ער האָט איינמאָל איינגעהאַלטן אַ קאַרעטע מיט פערד, וואָס האָבן זיך שטאַרק צעלאָפן; דערביי האָט ער זיך אַזוי שטאַרק צוקאַלעטשעט, אַז ער האָט נישט געקאָנט גיין. די דאַמע, וואָס איז געזעסן אין קאַרעטע, האָט אים גענומען צו זיך אהיים. 10 טעג איז ער געלעגן ביי איר אין הויז, ביז ער האָט זיך אויף אַזוי פיל פאַרבעסערט, אַז ער האָט געקאָנט אָנהייבן צו גיין.

די דאַמע איז אַרום אים די גאַנצע צייט אַרומגעגאַנגען פון דאַנקבאַרקייט, וואָס ער האָט איר געראַטעוועט דאָס לעבן. אין די 10 טעג האָבן זיי זיך ביידע גוט באַקענט און ליב געקראָגן. זי איז געווען אַ יונגע, שיינע, אינטעליגענטע אלמנה, און האָט פאָרגעלייגט ראַכמעטאָוו'ן חתונה צו האָבן מיט איר. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, ווייל דאָס וועט שטערן זיין טעטיקייט. זי האָט אים פאָרגעלייגט, אַז זי וועט נאָכגיין נאָך אים, אַז זי וועט אים זיין באַהילפיק אין זיין אַרבעט, און זי וועט פון אים גאָרנישט פאָדערן. ער האָט זיך דערפון אויך אָפּגעזאָגט, ווייל צוליב זיין געפיל קאָן ער נאָך אַמאָל אַרויסווייזן שוואַכקייט; ער טאָר דער־צו אויך נישט דערלאָזן.

כדי זיך צוגעוויינען צום ליידן, האָט ער איינמאָל געמאַכט אַזאַ שרעקלאַכן פּרוואו. ער האָט אָנגעשטעקט זיין מאַטראַץ, אויף וועלכן ער פלעגט שלאָפן, מיט טשוועקעס, מיט די שפּיצן אַרויף, און אויף זיי איבערגעלעגן די גאַנצע נאַכט. אַ גאַנצע קאַלוזשע בלוט האָט זיך אויסגעגאָסן פון אים, און ער איז דאָך געלעגן.

אויף מאָרגן פרי האָט זיין פריינט, אַ דאָקטאָר, אָנגעהויבן צו היילן די וואונדן פון זיין קערפּער, וואָס ער האָט זיך געמאַכט.

קלאַנגען זיינען ביי אונז ארומגעגאַנגען, אַז אין דער פּערזאָן פון ראַכמעטאָוו'ן האָט טשערנישעווסקי געשילדערט קאַראַקאָזאָוו'ן, וואָס האָט געמאַכט אַן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן אין 1866 יאָר.

אַ גוואַלדיקן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער ראָמאַן „וואָס טוט מען?" צוויי טעג האָב איך אים געלעזן, נישט ארויס־גייענדיק פון שטוב. אויפ'ן צווייטן טאָג, געדענק איך, האָב איך 6 אַזייגער פאַרנאַכט אים געענדיקט. ווי אַ צעמישטער בין איך געגאַנגען; וואָס פאַר אַן אויסזען האָט געהאַט ביי מיר די גאַס, די מענטשן פון דער גאַס!... ראַכמעטאָוו איז מיר נישט ארויס פון זין, ראַכמעטאָוו איז מיר נישט אַראָפּ פון רעיון...

דער ראָמאַן „וואָס טוט מען?" האָט צום בולט'סטן אויס־געדריקט דעם כאַראַקטער פון דער גאַנצער רוסישער ליטעראַטור, אירע טענדענצען, צילן און שטרעמונגען. די רוסישע ליטעראַטור, אָנהייבנדיק פון די 40ער יאָרן, ביז דער צייט, וואָס מיין דור איז אויפגעשטאַנען, ד. ה., ביז די 80ער יאָרן, איז געווען דורך און דורך אַ טענדענציעזע. אָט דער פּעריאָד וויים נישט פון אַ שריי־בער אָן אַ וועלכער ס'איז ריכטונג. דער באַגריף „קונסט צוליב קונסט" איז געווען אויסגעשלאָסן פון דאַמאָלסטיקן אומגאַנגס־לעקסיקאָן. קונסט אַליין האָט באַדאַרפט האָבן אַ וועלכן ס'איז ציל, פריידיקן וועלכע ס'איז אידייען, ארויסרופן די אָדער יענע געפילן. זינגען, ווי אַ פייגעלע זינגט, נישט באַטראַכטנדיק דער־מיט, וואָס פאַר אַ געדאַנקען, וואָס פאַר אַ געפילן ס'רופן ארויס די בילדער, נאָר דערפאַר, ווייל זיי באַפרידיקן דעם עסטעטישן געשמאַק, נאָר דערפאַר ווייל זיי זיינען שיין — דאָס איז דאַמאָלסט ניט געמאָלט געווען. יעדער קינסטלער איז געווען אַ פריידיקער פון באַשטימטע אידייען.

דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבן אין דאַמאָלסטיקן רוסלאַנד איז געווען איינגאַנצן אונטערדריקט, האָט במילא די גאַנצע רוסישע געזעלשאַפטלאַכע מיינונג זיך אויסגעדריקט אין דער ליטעראַטור,

און די פּאָעטן, די ראָמאַניסטן זיינען געווען די טרעגער פון באַ־שטימטע פּלאַטפאָרמען.

קיין איינציקע ליטעראַטור האָט נישט געטראָגן אַזאַ כאַ־ראַקטער, ווי די רוסישע ליטעראַטור פון יענער צייט. זי האָט צו זיך נישט קיין ענלאַכעס אין קיין אַנדער ליטעראַטור.

דאָס פאַרטיידיקן די שוואַכע, אונטערדריקטע, פאַרפאָלגטע — דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון דער ליטעראַטור. די אַלטע געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג איז געווען אינגאַנצן געשטיצט אויף אונטערדריקונג, אויף פאַרפאָלגונג, אויף קנעכטשאַפט אין אַלע אירע פאָרמען, דאַרף מען די אַלטע אָרדנונג אומוואַרפן. נאָר פריידיקן דאָס אָפן איז געווען דאַמאָלסט אוממעגלאַך, האָט די שיינע ליטע־ראַטור געשילדערט אַזעלכע בילדער פון דער אַלטער אָרדנונג, אַז זיי האָבן אַרויסגערופן אין לעזער די געפילן פון עקל, שווידער־האַפט, כעס און שנאה. במילא האָט זי אַרויסגערופן דעם געדאַנק, אַז אַזאַ מין אָרדנונג מוז אונטערגיין. אויפ'ן אָרט פון דער אַלטער געזעלשאַפטלאַכער אָרדנונג מוז געשאַפן ווערן אַ נייע אָרדנונג מיט מער יושר, מיט מער ליבע צו מענטשן, מיט מער שאַצונג צו מענטשן. האָט מען אַזעלכעס נישט געקאָנט פרעדיקן אָפן, האָט מען זיי געשילדערט אין דעם פאָרם פון ראָמאַנען. די העלדן פון די ראָמאַנען האָבן געפריידיקט אויף אַ גאַנץ נעבל־האַפטן אופן נייע אידייען. די פריידיקער פון די נייע אידייען, די נייע מענטשן ,האָבן פאַרפולט די רוסישע ליטעראַטור. ס'איז נישטאָ כמעט קיין איין איינציקער רוסישער ראָמאַניסט אָדער פּאָעט, וואָס האָט נישט געפרובירט זיין פען צו שילדערן דעם טיפּ פון נייע מענטשן. מער פון אַלע האָט זיך אין דער הינזיכט אויסגעצייכנט טורגעניעוו.

ווילט איר זיך באַקענען מיט דער אַנטוויקלונג פון די גע־זעלשאַפטלאַכע אידייען אין רוסלאַנד, דאַרפט איר זיך באַקענען מיט די אַלע טיפּן פון די „נייע מענטשן", וואָס ס'האָט געשאַפן די רוסישע ליטעראַטור. שטודירט גוט אַדורך טורגעניעוו'ס ווערק, וועט איר זיך באַקענען מיט דער אידייען־אַנטוויקלונג אין רוסלאַנד אין משך פון אַ יאָר פופציק.

ווי געזאָגט, האָבן כמעט אַלע שרייבער פרובירט זייער קראַפט

אויף צו שאַפן דעם טיפּ פון נייע מענטשן; אַמאָל אין אַ נעגאַ־טיווער באַלויכטונג, נאָר דאָך איז דער הערשנדיקער העלד געווען אַ „נייער מענטש".

און מיר זיינען געווען אינגאַנצן אונטער דער ווירקונג פון דער רוסישער ליטעראַטור און אונטער דער ווירקונג פון איר הויפּט־טעמע. איז דער „נייער מענטש" אַן אידעאַל, צו וועלכן מענטשן דאַרפן שטרעבן, איז דער „נייער מענטש" אַ מוסטער, פון וועלכן מיר דאַרפן זיך לערנען, דאַרפן מיר זיך דערנענטערן צו דעם מוסטער, זיין אים ענלאַך. האָבן אידישע מיידלאַך גע־וואָלט זיין געגליכן צו וויערא פּאַוולאָוונאַ'ן, און אידישע בחורים־לאַך צו ראַכמעטאָוו'ן.

איך נעם דיביידע נעמען אַלס אַן אַלגעמיינעם אויסדרוק פון דעם נייעם טיפּ. אין דער ליטעראַטור זיינען געווען אַ סך וואַריאַציעס פון אָט די טיפּן, נאָר דער פּסיכישער יסוד פון זיי איז געווען איינער און דערזעלבער.

אָפּזאָגן זיך פון זיך אַליין, פון אייגנליבע, ווידמען די גאַנצע צייט, די גאַנצע כחות נישט אייגענע, פּערזענלאַכע אינטערעסן, נאָר די אינטערעסן פון כלל, די אינטערעסן פון די געדריקטע, אָרימע מאַסן; אָפּפערן דאָס לעבן, זיין אַ קרבן פאַר אַ ליכ־טיקער צוקונפט פון דער מענטשהייט, פאַר אַ בעסער, שענער לעבן פון די ברייטע מאַסן — דאָס איז דער פּסיכישער יסוד פון דעם טיפּ „נייע מענטשן" פון דער רוסישער ליטעראַטעור.

האַנט ביי האַנט מיט דער גאַנצער שיינער רוסישער ליטעראַ־טור איז געגאַנגען די רוסישע קריטיק. די רוסישע קריטיקער פלעגט נישט אינטערעסירן דער עסטעטישער זין פון די ווערק, וואָס זיי פלעגן קריטיקירן. זיי פלעגן נאָר אָנמערקן און אָפּשאַצן די טענדענצן, וואָס ליגן אין דעם ווערק.

די קריטיקירטע ווערק האָבן געגעבן דעם רוסישן קריטיקער די מעגלאַכקייט צו פּריידיקן די אָדער יענע אידייען; די אָפּ־האַנדלונגען פון די רוסישע קריטיקער זיינען געווען גיכער פּוב־ליציסטישע אַרטיקלען אויף פאַרשידענע טעמעס, ווי ליטעראַרישע קריטיק.

די ארבעט פונ'ם רוסישן קריטיקער איז געווען אַן אויפ־

קלערנדיקע, און די רוסישע קריטיקער האָבן געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע אין פאַרשפּרייטן נייע אידייען. די רוסישע קריטיקער האָבן דערצויגן גאַנצע דורות פון דער רוסישער אינטעליגענץ.

די גרעסטע ראָלע, אין דער הינזיכט, האָבן געשפּילט די רוסישע קריטיקער: ביעלינסקי, דאָבראָליובאָוו און פּיסאַרעוו.

יונג זיינען זיי אַלע געשטאָרבן, נאָר אַ סך האָבן זיי אויפגעטאָן. אויף מיר פּערזענלאַך, און איך רעכן אַז אויף'ן גאַנצן דור מיינעם, האָבן געהאַט זייער אַ גרויסע ווירקונג צוויי קריטיקער: דאָבראָליובאָוו און פּיסאַרעוו. זיי זיינען געווען מיינע אמת'ע דערציערס, מיינע רביים; איך האָב קיינעם נישט אַזוי פיל צו פאַרדאַנקען וויפיל זיי. מיינע מאָראַלישע באַגריפן, מיינע באַגריפן וועגן יושר, גערעכטיקייט און אַלגעמיינע אַנטוויקלונג.

פאַרשיידנאַרטיק האָט יעדער פון זיי אויף מיר געווירקט: דאָבראָליובאָוו האָט אין מיר געשאַפן פעסטע, פּאָזיטיווע איבערצייגונגען, קלאָרע, דייטלאַכע; אַ באַגריף פון סאָציאַלן יושר, ליבע צו אונטערדריקטע.

פּיסאַרעוו האָט אין מיר אַרויסגערופן געפילן פון פּראָטעסט און ריין־ווייסנשאַפטלאַכע נייגונגען.

דאָבראָליובאָוו'ן האָב איך דורכגעשטודירט פון טאָוול ביז טאָוול, און יעדער אַרטיקל זיינער האָט מיר עפּעס געגעבן. ביי פּיסאַרעוו'ן האָב איך געלעזן נאָר די אַרטיקלען, וואָס האָבן געהאַט אַ באַרוף ביי אונז.

פּיסאַרעוו איז געווען מער באַרימט, ווי דאָבראָליובאָוו: ער איז געזעסן אין שליסעלבורגער פעסטונג און געשטאָרבן מיט אַ טראַגישן טויט: ער האָט זיך דערטרונקען אין דובעלן; נאָר קלאַנגען זיינען אַרומגעגאַנגען, אַז מען האָט אים דערטרונקען אין ניעוואַ. זיינע ווערק זיינען געווען אינגאַנצן פאַרבאָטן צו איבערדרוקן. די איינציקע אויסגאַבע פון זיינע ווערק, פאַר וועלכע דער אַרויסגעבער פּאַוולענקאָוו האָט געהאַט אַ פּראָצעס, איז געווען אַ יקר־המציאות. די אויסגאַבע האָט געקאָסט ביי די בוקיניסטן 100 רובל. פאַר מיינע צייטן איז עס געווען אַ קאָלאָסאַלע סומע, אייבערהויפּט ביים יונגוואַרג, וואָס זיינען געווען די לעזער פון זיינע ווערק.

פּיסאַרעוו האָט זיין גאַנצן ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט גע־ווידמעט דאָס צושטערן די באַגריפן פון דער אַלטער געזעלשאַפט; אין דער הינזיכט איז ער געווען אַן אויסגעשפּראָכענער ניהיליסט, און אַ הייסער חסיד פון באַזאַראָוו'ן, דעם העלד פון טורגעניעוו'ס ראָמאַן, „די טאַטעס און די קינדער".

דאָבראָליובאָוו האָט ניט געהאַט אַזאַ באַרוף. ער איז געווען אַ סאָציאַליסט און פון אים האָב איך באַקומען די ערשטע באַגריפן וועגן ראָבערט אָוענ'ס אידייען, דעם ערשטן סאָציאַליסט־אוטאָפּיסט.

דאָבראָליובאָוו איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון רוסישן זשור־נאַל „סאָווּרעמעניק", אין וועלכן ס'האָט געשפּילט די הויפּט ראָלע טשערנישעווסקי. דער זשורנאַל „סאָווּרעמעניק" איז געווען פאַר־בונדן מיט'ן ערשטן רעוואָלוציאָנערן זשורנאַל „קאָלאָקאָל" (דער גלאָק), וואָס עס האָט ארויסגעגעבן אין לאָנדאָן דער באַוואוסטער הערצן. דער „סאָווּרעמעניק" האָט אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ סאָציאַל־עקאָנאָמישע פראַגן. דאָס איז געווען אַ סאָציאַליסטישער זשורנאַל פון דער „נאַראָדניטשעסקער" ריכטונג, דער פאָטער פון וועלכער ס'ווערט גערעכנט טשערנישעווסקי, דער אָנפירער פון „סאָווּרע־מעניק".

פּיסאַרעוו איז געווען דער הויפּט מיטארבעטער פונ'ם זשור־נאַל „רוסקאָיע סלאָוואָ". דאָס איז געווען דער זשורנאַל פון דער ראדיקאַלער אינטעליגענץ.

ניט קוקנדיק אויף דעם חילוק צווישן די צוויי רוסישע שרייבער, האָבן מיר דאַמאָלסט ניט אָפּגעזונדערט איינעם פון דעם אַנדערן: אין אונזער אַנטוויקלונג האָט איינער דעם אַנדערן דער־גענצט.

דאָבראָליובאָוו'ס ערשטער אַרטיקל, מיט וועלכן איך האָב זיך באַקענט, האָט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן איינדרוק. דאָס איז געווען זיין באַרימטער אַרטיקל „די פינסטערע מלוכה" און דער צוגאָב צום אַרטיקל „אַ ליכטיקער שטראַל אין דער פינסטערער מלוכה". ביידע אַרטיקלען זיינען געווען קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן אָסטראָווסקי'ס דראַמאַטישע ווערק.

אָסטראָווסקי אין זיינע דראַמען האָט געשילדערט דעם רוסישן סוחר און זיין גאַנצע סביבה. דאָס איז אַן אָפּגעשטאַנענע סביבה.

דער רוסישער סוחר איז ניט ענלאַך צום אייראָפּעאישן סוחר. אַט דעם סוחר׳ישן קלאַס פון רוסישן פאָלק האָט דאָבראָליובאָוו אָנגערופן „די פינסטערע מלוכה״.

דאָבראָליובאָוו׳ס אַרטיקלען וועגן דער „פינסטערער מלוכה״, האָבן אויף מיר געמאַכט א גוואַלדיקן רושם. דאָס, וואָס איז ביי אונז יונגוואַרג געווען ניט באַוואוסטזיניק, האָט באַקומען א גאַנץ בולט׳ע פאָרם. מיר האָבן זיך געהאָדעוועט צווישן א סוחרים־קלאַס. מיר זיינען געוואַקסן אין א סוחר׳ישע אַטמאָספערע. אין אונזערע באַגריפן האָט זיך דאָס גאַנצע אידישע פאָלק פאָרגעשטעלט, ווי א סוחרים קלאַס. אזוי האָבן געקוקט אויף אידן ניט נאָר מיר, נאָר די אַרומיקע באַפעלקערונג אויך. ווענדט זיך א פאָליאַק צו אַן אומבאַקאַנטן אידן אין טראַמוואַי, אין גאַס, אָדער אויף אַן אַנדער עפענטלאַך אָרט, זאָגט ער אים „פּאַן קופּיעץ!״ און ער זאָגט עס פעסט, ווייל ער איז זיכער, אז ער האָט נישט קיין טעות: יעדער איד איז במילא א סוחר.

און אונז יונגע טרוימער, האָט די סוחר׳ישע סביבה, פון וועלכער מיר האָבן געשטאַמט, נישט געקאָנט אַרויסרופן באַזונדערע סימפּאַטיעס צו זיך, און דאָ האָבן מיר באַקומען ביים רוסישן דראַמאַטורג אָסטראָווסקי א סאַטירע אויף דער סוחר׳ישער סביבה, און דאָבראָליובאָוו׳ס אויסטייטשונג.

אמת, די אידישע סוחר׳ישע סביבה איז נישט אינגאַנצן ענלאַך צו דער רוסישער, נאָר אין תוך גענומען שטיצן זיך דיביידע סביבות אויף איינע און דיזעלבע יסודות, און אפילו די באַציאונגען צו מענטשן כמעט די זעלבע.

דאָבראָליובאָוו אין זיינע אַרטיקלען האָט פּאַרטייטשט אָסטראָווסקי׳ס ווערק און געמאַכט קלערער אונזערע מוחות, אַרויסגערופן א באַשטימטע, קלאָרע באַציאונג צו אונזער אייגענע סוחר׳ישע סביבה.

ווי שטאַרק דער איינדרוק פון די אַרטיקלען איז געווען אויף מיר, קאָן מען זען דערפון, וואָס איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אָנגעשריבן א טעמע פאַר׳ן לערער פון רוסיש, דעם שוואַרץ־מאַה׳ניק לעבעדיעוו, וויסנדיק גאַנץ גוט, ווי ער באַציט זיך צו אַלע „ליבעראַלע״ אידייען.

קיינער פון דער אידישער סביבה האָט מיר ניט געגעבן דאָס, וואָס עס האָט מיר געגעבן דאָבראָליובאָוו. אז איך האָב אים דורכשטודירט, האָב איך דערפילט, אז איך בין אויסגעוואַקסען, אַז אין מיין מאַרך איז אריין אַ שטראָם ליכטיקייט, אַז איך בין פעסטער געוואָרן אין מיינע מיינונגען.

איך האָב אָנגעהויבן פון ערשטן באַנד און דערגאַנגען ביז'ן פערטן, דעם לעצטן; ווען איך האָב אין פערטן באַנד דורכגעלעזן דעם ארטיקל וועגן ראָבערט אָוען, האָב איך דערשפּירט, אַז איך שטיי פאַר אַ פּאָזיטיווע זאַך, אַז מיינע טונקעלע, נעבלהאַפטע באַגריפן וועגן אַ בעסערע אָרדנונג באַקומען אַ באַשטימטע ריכטונג, און איך האָב באַשלאָסן זיך צו נעמען צו ראָבערט אָוען אויף אַן אַנדער אופן. ניט באַנוגענענדיק זיך דערמיט, וואָס איך האָב אַליין דורכגעלעזן, האָב איך איינגעלאַדן מיינע חברים און צוזאַמען מיט זיי איבעראַניים אָנגעהויבן צו לעזן דאָס ארטיקל. הייסט עס, אַז דעם ערשטן שטויס צו אַ סאָציאַליסטישן אַרט דענקען האָב איך באַקומען ביי דאָבראָליובאָוו'ן.

ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז אַן שום אָנווייזונגען, אָן שום אויסערלאַכן פּערזענלאַכן שטויס, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף ראָבערט אָוען. נאָך מער, איך האָב שוין געזוכט אַזעלכע ביכער, וואָס זאָלן מיר געבן אַ באַגריף וועגן סאָציאַליסטישן געדאַנק. קיין אומלעגאַלע ביכער אין דעם הינזיכט איז מיר ניט ארייגעפאַלן. פון די אומלעגאַלע ביכלאַך צומייסט פלעגן זיך מיר טרעפן ביאָגראַפיעס פון די באַרימטע רוסישע רעוואָלוציאָנערן, ווי: ניטשאַיעוו, באַלטורין, זשעליאַבאָוו א. א., וואָס פלעגען אויפרייצן מיין פאַנטאַזיע, אויפוועקן מיינע געפילן, נאָר האָבן מיר ניט געגעבן קיין באַגריף וועגן דעם, וואָס איז אַזוינס „סאָציאַליזם", ווי שטעלט זיך פאָר די סאָציאַליסטישע אָרדנונג. דאָס אַלץ איז פאַר מיר געווען ניט קלאָר.

און אַן ענטפער אויף מיינע פראַגן האָב איך באַקומען ביי אַ גאַנץ אומשולדיקן שרייבער, ביים ראָמאַניסט שעלער, וואָס פלעגט שרייבן אונטער'ן פסעוודאָנים מיכאַילאָוו. אַט דער מיכאַילאָוו־שעלער האָט אָנגעשריבן אַ סך ראָמאַנען; אין זיינע ראָמאַנען פלעגט ער אויך שילדערן נייע מענטשן, נאָר זיינע העלדן

זיינען ניט געווען קיין ראַדיקאַלע, דאָך פֿלעגן זיי פּריידיקן אידייען, וועלכע זיינען געווען ניי פֿאַר דער רוסישער געזעלשאַפֿט, וואָס ער האָט געשילדערט.

אָט דער מיכאַילאָוו האָט אָפּגעדרוקט צוויי ווּיסנשאַפֿטלאַכע ביכער: „דער פּראָלעטאַריאַט אין פֿראַנקרייך" און „די אַסאָסי־אַציעס". פֿון דיביידע ביכלאַך האָב איך באַקומען אַ גענויע באַ־קאַנטשאַפֿט מיט די אידייען פֿון די סאָציאַליסטן־אוטאָפּיסטן: ראָבערט אָוען, פֿוריע, סען־סימאָן, קאַאַבע און לואי בלאַן.

דערנאָך איז מיר אַריינגעפֿאַלן אין די הענט דאָס גאַנץ אָביעקטיווע ביכל פֿון עסטרייכישן מיניסטער שעפֿלע: „די קווינט־עסענץ פֿון סאָציאַליזם".

איך האָב אַזוי אַרום באַקומען די ערשטע קאַנטשאַפֿט מיט די סאָציאַליסטישע טעאָריעס.

ווען מען זאָל מיר לאָזן מיט מיין נאַטירליכן גאַנג, וואָלט איך סוף כל סוף דערגאַנגען צו אַ פֿעסטן, באַוואוסטזיניקן סאָ־ציאַליסטישן געדאַנק.

נאָר די אַטמאָספֿערע אין גימנאַזיע איז געווען אַזאַ פֿאַר־דומפּטע, אַזאַ פֿאַרפֿעסטעטע, אַזאַ ברוטאַלע; זי איז געווען אַזוי ווייט פֿון וועלכער ס'איז צערטלאַכער באַציאונג צו אונזערע יונגע נשמות; די אינטערעסן פֿון אונזער היימישער סביבה זיינען גע־ווען אַזאַ ווידערשפּרוך צו די אידעאַלן, וואָס מיר האָבן איינגע־זאַפּט פֿון דער רוסישער ליטעראַטור, אַז ניט לאַנג קלערנדיק, בין איך אַריבער צו דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, צו וועלכער ס'האָט מיר געצויגן מיין ראָמאַנטישע נאַטור; איך בין אַריבער איידער איך בין געקומען צום פֿעסטן באַוואוסטזיניקן סאָציאַ־ליסטישן געדאַנק.

ווען ס'האָט זיך געגרינדעט ביי אונז אַ רעוואָלוציאָנערער קרייז, האָבן מיר אונזער גאַנץ לעבן צוגעפּאַסט צו די צילן פֿון קרייז, און דער פּעריאָד פֿון פֿרייען לעזן, פֿון לעזן לויט די נאַ־טירלאַכע נייגונגען, האָט זיך אין מיר געענדיקט.

איך בין אין דעם הינזיכט נישט געווען קיין אויסנאַם. דער גאַנצער באַוואוסטזיניקער טייל פֿון אונזער דור האָט דורכגעמאַכט אַזאַ וועג.

# ווי אַזוי איך בין געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער.

דאָס איז געווען שוין לאַנג, גאַנץ לאַנג, מיט א יאָר 45 צוריק. מיינע עלטערן האָבן דאַמאָלסט געוואוינט אין קיעוו אויף פאַדאָל, אין א צוויי־שטאָקיק הויז, אין דער נידער. ביי דער שטוב איז געווען א קליין פרוכט־גאָרטן. אין הויף איז געווען א שומר, וואס האָט געהייסן מאַקאַר.

דער מאַקאַר האָט געדאַרפט אויספילן אַלע ארבעטן, וואס אַלע הויז־שומרים דאַרפן אויספילן און אויך אכטונג געבן, אז מיר, קונדסים, זאָלן ניט שטאַרק חרוב מאַכן דעם פרוכט־גאָרטן. פלעגן מיר זיך באַמיען מיט מאַקאַר'ן גוט צו לעבן, „זיין קנעפּל מיט אים".

דער מאַקאַר איז געווען א טיפּישער כאָכאָל: א לאַנגזאַמער, פלעגמאַטישער, גוטמוטיקער. אויף אונזערע „פאַרברעכערישע" טעטיקייטן האָט ער געקוקט גאַנץ פילאָזאָפיש: עס וועט נאָך בלייבן גענוג פרוכטן פאַר'ן בעל הבית. ווען מיר פלעגן אים מכבד זיין מיט די פרוכטן פון אונזער פאַנג, פלעגט ער מיט א שמייכל דראָען מיט די פינגער און פלעגט זאָגן: „אָט, וועל איך אייך!... אָט, וועל איך אייך!"...

צוויי מאָל געדענק איך אים אן אויפגערעגטן. איין מאָל האָט ער געוואָלט שלאָגן מיין אינגערן ברודער און אין אויפרעגונג געשריען: „ער האָט געוואָגט שטעלן מיר א דוליע!" (א פייג). דאָס איז פאַר א מאַלאָראָס די גרעסטע באַליידיגונג.

און א צווייטן מאָל געדענק איך אים, ניט אין זיין געוויינטלאַכער פלעגמע. איין מאָל גאַנץ פרי האָט זיך ביי אונז אין שטוב באַוויזן מאַקאַר. ביי אים אויפ'ן פּנים איז געווען קאַנטיק, אז ער איז פון עפּעס צוטראָגן, אז עס איז עפּעס געשען...

באַלד, ווי ער איז אריין, האָט ער אויסגעשריען: „אונזער קייזער האָט מען דער'הרג'עט!" און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

ביי אונז אין שטוב האָט ער גערעכנט געפינען אַ דערקלע־רונג אויף דער פאַר אים שרעקלאַכער געשעעניש. נאָר וואָס האָט ער געקאָנט הערן פון אונז?...

דאַמאָלסט בין איך געווען אַ אינגל פון אַ יאָר 12־13, און די ידיעה האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ווי הרג'עט מען דאָס אַ קייזער, און ווער האָט זיך עס געקאָנט איינשטעלן אויף אַזאַ זאַך?... מיין יונגער מאַרך און די אַרומיקע סביבה זיינען געווען אַזוי ווייט דערפון... אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט זיך גערעכנט ביי אידן פאַר אַזאַ גוטן קייזער...

צום ערשטן מאָל בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ס'זיינען דאָ מענטשן, וואָס קלערן אַנדערש, און אַזוי ווייט זיינען זיי אויפגע־בראַכט קעגן דעם גוטן קייזער, אַז זיי זיינען גרייט מקריב צו זיין מיט זיך, כדי אים צו הרג'ענען.

דעם גאַנצן טאָג האָב איך זיך שטאַרק צוגעהערט צו דעם, וואָס מ'רעדט אַרום מיר, נאָר באַפרידיקט מיט דעם, וואָס איך האָב געהערט, בין איך ניט געווען: ווער זיינען די מענטשן, וועלכע האָבן גע'הרג'עט דעם קיסר, צוליב וואָס האָבן זיי דאָס געטאָן — בין איך ניט געוואָר געוואָרן.

איך האָב נאָר געוואוסט, אַז דאָס האָבן געטאָן רעוואָלו־ציאָנערן.

מיין פאַנטאַזיע האָט שטאַרק געאַרבעט, נאָר דערוויילי אומזיסט.

אין אַ יאָר צוויי אַרום, שוין זייענדיק מיט די עלטערן אין וואַרשאַ, האָב איך זיך אויף רעוואָלוציאָנערן אָנגעשטויסן אין דער ליטעראַטור.

דורך לעזן די רוסישע ליטעראַטור און איינהערן זיך אין פאַרשיידענע קלאַנגען וועגן רעוואָלוציאָנערן, האָב איך זיך דער־וואוסט, אַז ס'איז דאָ אין רוסלאַנד אַ רעוואָלוציאָנערע באַווע־גונג, וואָס קעמפט מיט'ן צאַרישן רעזשים. נאָר קיין קאָנקרעטן באַגריף וועגן דעם האָב איך ניט געהאַט. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט ביי מיר אויסגעזען, ווי אַ שיינע, זייער אַ שיינע מעשה, וואָס האָט מיך שטאַרק געצויגן צו נאָנטע באַקאַנטשאַפט מיט איר...

די געשעעענישן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס זיינען אינגיכען פאָרגעקומען אין ווארשא, האָט מיר נאָך נענ־טער געמאַכט צו דער זאַך, כאָטש די באַקאַנטשאַפט האָט גע־טראָגן נאָך אַ ריין פאַנטאַסטישן כאַראַקטער.

אין יאָר 1884 האָט מען אַרעסטירט דעם ריכטער באָר־דאָווסקי. פאַרשיידענע קלאַנגען זיינען געגאַנגען איבער דער שטאָט. אַ סך אידן האָבן דעם ריכטער געקאָנט, ווייל זיי איז אויסגעקומען צו משפט'ן זיך ביי אים. זיין אַרעסט האָט גע־מאַכט אַ שטאַרקן רושם אין שטאָט: אַ ריכטער, ניט קיין אינגל, אַ מענטש אויף אַ קייזערלאַכע שטעלע, און אַ רעוואָלוציאָנער... מען האָט וועגן זיין אַרעסט ניט אויפגעהערט צו רעדן.

די פאַנטאַזיע און די צינגער פון בעל־הבית'ישן עולם האָט שטאַרק געאַרבעט. מ'האָט דערציילט, אַז מיט באָרדאָווסקין האָט מען אַרעסטירט נאָך אַ סך מענטשן, צווישן זיי אויך אידן, אַז אויפן אידישן בית־עולם ברענגט מען פון ציטאַדעל יעדע נאַכט הרוגים, פאַרשמיסענע, צעקאַטעוועטע. איין טאָג האָט מען דערציילט, אַז מען האָט געבראַכט דעם פאַרמוטשעטן אויף טויט פעליקס קאָן. פעליקס קאָן לעבט נאָך עד היום און געפינט זיך אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

בעת דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע, אין 1920 יאָר, האָב איך אויף די ראָגעס פון די ביאַליסטאָקער גאַסן געזען פעליקס קאָן'ס אונטערשריפט אונטערן מאַניפעסט פון דער „פוילישער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג", און נאָכדעם האָב איך געזען אים אַליין שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן פון ביאַליסטאָק.

ווען איך האָב אים דעם ערשטן מאָל דערזען, האָב איך ניט ווילנדיק אָפּגעשטעלט זיך און שאַרף אַ קוק געגעבן אויף דעם מענטשן, וועגן וועלכן איך האָב, מיט 40 יאָר צוריק, געהערט אַ לעגענדע, אַז ער איז דער'הרג'עט געוואָרן דורך דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע. איצט גייט ער, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע, בראש פון דער רוסישער אַרמיי צו שאַפן אַ פוילישע באָלשעוויס־טישע מלוכה...

די אַלע קלאַנגען האָב איך איינגעזאַפּט אין זיך, ווי אַ שוואָם זאַפּט איין וואַסער. די אַרעסטירטע זיינען אין מיינע

אויגן געוועזן קדושים, נאָר קיין לעבעדיק געשטאַלט האָב איך זיך ניט פאָרגעשטעלט.

אינמיטן ווער איך געוואָר, אַז אין אויסלאַנד האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן לעאָן ווינאַווער, פעליקס קאָנ'ס אַ חבר. ביי ווינאַוווערס עלטערן אויף פּענסיע האָט געוואוינט מיינער אַ חבר, און לעאָנען פלעג איך אָפט טרעפן און בין געוועזן באַקאַנט מיט אים...

הייסט עס, אַז רעוואָלוציאָנערן זיינען דאָ צווישן אונז; אַז מ'קאָן זיין מיט זיי באַקאַנט, ניט וויסנדיק, ווער זיי זיינען; זיינען זיי נסתרים. נאָר פאַר עמיצן מוזן זיי זיך דאָך אַנט-פלעקן, זיי דאַרפן דאָך האָבן אָנהענגער.

אָ, ווי שטאַרק איך האָב באַדויערט, וואָס איך האָב אַזאַ געלעגנהייט אָנגעוואָרן.

איך האָב באַשלאָסן אויף ווייטער זיין אויפמערקזאַם און מיט ביידע אויגן קוקן אויף די אַרומיקע געשטאַלטן, אויף וועלכע עס וועט פאַלן אַ פאַרדאַכט, אַז זיי קאָנען זיין רעוואָלוציאָנערן.

איך האָב געוואָלט ניט נאָר הערן פאַרשיידענע קלאַנגען וועגן זיי און זייער טעטיקייט, ניט נאָר לעזן פאַנטאַסטישע ביכער אין דער לעגאַלער ליטעראַטור, נאָר באַקומען אַ קאָנקרעטן באַגריף וועגן זיי.

אַ ריינער צופאַל האָט מיר געגעבן אין די הענט געדרוקטע מאַטעריאַל, וואָס האָט מיר געגעבן אַ גענויעם באַגריף וועגן די העלדן פון דעם ערשטן מערץ 1881 יאָר, ד. ה. פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס הריגה.

איך פלעג איינקויפן ביכער פאַר זיך, פאַר מיינע חברים, און נאָכדעם פאַר אונזער שילער-ביבליאָטעק. פלעג איך שטענ-דיק ליגן אין דער איינציקער דאָמאָלסט רוסישער בוכהאַנדלונג קאַרבאַסניקאָווו און אין די אַנטיקוואַריומס. די אידן, די הענד-לער מיט אַלטע ביכער פון קראַשינסקים פּלאַץ, האָבן מיך גוט געקאָנט.

איינמאָל האָט מיר איינער פון די הענדלער געוויזן אַ פּעקל ביכער. צווישן זיי האָב איך געפונען דעם סטענאָגראַפישן באַ-ריכט פון משפּט וועגן דער הריגה פון ערשטן מערץ. דעם באַ-

ריכט האָט ארויסגעגעבן די אָפיציעלע צייטונג „פּעטערבורג־סקיאַ וויעדאָמאָסטי" אין אַ באַזונדער בוך, אַלס ביילאַגע צו דער צייטונג. צום בוך האָב איך זיך צוגעכאַפּט מיט גרויס פרייד. פון בוך בין איך ניט אַוועק איידער איך האָב עס געענדיקט.

דאָס בוך האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק. די פיגורן פון זשעליאַבאָוו, פּעראָווסקי און קיבאַלטשיטש זיינען געוואָרן פאַר מיר פון זייערע רעדעס לעבעדיקע געשטאַלטן. באַזונדערס האָט מיך צוגעצויגן קיבאַלטשיטש.

דער נאַטור־פאָרשער, דער געלערנטער האָט אוועקגעוואָרפן זיין ספּעציעלן שטודיום און איז געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער, ווייל ער האָט ניט געקאָנט צוזען די עולות פון דער צאַרישער רעגירונג. אין זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט איז ער געבליבן ביי זיין ספּעציאַליטעט, אַלס וויסנשאַפטלאַכער פאָרשער. ער האָט אויסגעפאָרשט די נאַטור פון די אויפרייס־מיטלען, כדי צו שאַפן די זיכערסטע און בעסטע באָמבע צו הרג׳ענען אַלעקסאַנדער דעם צווייטן.

אין געפענגניש גופא האָט ער געאַרבעט אויף אַ סיסטעם פון אַ לופט־פלי־מאַשין. זיין מאַנוסקריפּט וועגן דעם איז גע־בליבן אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. לויט פעסטגעשטעלטע ידיעות, האָט זיין וויסנשאַפטלאַכע אַרבעט געקאָנט זיין אַן עפּאָכע־מאַכנדע, ווען ער וואָלט זי געקאָנט דערגענצן.

באַזונדערס האָט מיך באַצויבערט די פרויען־געשטאַלט פון פּעראָווסקי. די פּאַרטיי האָט איר געוואָלט געבן די פולע מעג־לאַכקייט צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד, נאָר זי האָט ניט געוואָלט פאַרלאָזן אין אַזאַ הייסן מאָמענט פּעטערבורג און באַזונדערס דעם אַרעסטירטן זשעליאַבאָוו.

סוף כל סוף האָט מען איר דאָך געפּאַקט, און זי איז צו־זאַמען מיט זשעליאַבאָוון און אַנדערע געגאַנגען אויף דער תליה.

קעלטער האָב איך זיך באַצויגן צו דעם שטאַרקסטן מענטשן פון דער גאַנצער גרופּע, צו דעם אָנפירער פון אַטענטאַט, צו זשעליאַבאָוון: צו וועניק ראָמאַנטישע שטריכן האָט ער אין זיך געטראָגן.

די דריי פּערזאָנען האָבן, פאַרשטייט זיך, פאַרטונקלט די

איבעריקע, און זייערע פיגורן זיינען ביי מיר אין זכרון ווייניק געבליבן.

דאָס בוך האָב איך ניט נאָר דורכגעלעזן, נאָר דורכגעשטודירט, און דאָס וואָרט „רעוואָלוציאָנער" האָט ביי מיר אויפגעהערט צו זיין אַ פאַנטאַסטישער באַגריף. מיין מאָרך האָט שוין אויפגעהערט צו אָפּערירן מיט קלאַנגען און מיט מעשיות. איך האָב שוין געגנוי געוואוסט, אַז ס'האַנדלט זיך וועגן אַ קאַמף צווישן דער מאַכט און די, וואָס האַלטן פאַר זייער חוב צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די געדריקטע, אָרימע, נידערגעשלאָגענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, און ס'האַנדלט זיך וועגן אומוואַרפן דעם דעספּאָטישן רעזשים, וועגן אומוואַרפן די שלעכטע קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג און שאַפן אַ נייע, אַ מער יושר'דיקע, אַ סאָציאַליסטישע. מיט דער צייט האָב איך אָנגעהויבן צו באַקומען דורך פאַרשיידענע וועגן אומלעגאַלע ביכלאַך, און די ביכלאַך האָבן נאָך קלערער געמאַכט מיין באַוואוסטזיין, און ביי מיר האָט זיך אָנגעהויבן צו שאַפן אַ רעוואָלוציאָנערער ווילן. איך האָב ניט נאָר געוואָלט בלייבן ביים לייענען נאָר אויך זיך אריינוואַרפן אין דעם קאַמף... דער געדאַנק האָט מיך ניט געלאָזן צורו, און איך האָב אים פאָרמולירט מיין חבר בוך.

און איך געדענק אַזאַ סצענע: איך בין ארומגעלאָפן הין און צוריק אין מיין חברס לאַנגן צימער און אַ צעהיצטער געטענה'ט, גע'טענה'ט און גע'טענה'ט... דער סך הכל פון מיינע ווערטער זיינען געווען די פאָלגנדע געדאַנקען: „וואָס טוען מיר אין גימנאַזיע? וואָס איז דער צוועק פון זיצן אין קלאַס?"

„טאָ וואָס זשע ווילסטו אייגנטלאַך?" האָט מיר ענדלאַך איבערגעריסן מיין חבר.

איך האָב אים געענטפערט מיט פראַזע פון הויכן סטיל:

— איך וויל אריינטרעטן אין די רייען פון די רעוואָלוציאָנערן!

מיין חבר, דער סקעפּטיקער, האָט באַלד געשטעלט אַ גאַנץ פראַקטישע פראַגע:

— ווי אַזוי?

דאָ בין איך געבליבן אָן לשון, און טאַקע: ווי אַזוי?

דאָך האָט זיך מיר דאָס אין עטלאַבע מאָנאַטן ארום ענד־לאַך איינגעגעבן — מיר האָבן געגרינדעט אַ רעוואָלוציאָנערן קרייז און דורך אים זיך איינגעהעפט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די סצענקע מיט מיין חבר באַווייזט, מיט וואָס פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע באַגייסטערונג איך האָב דאַמאָלסט געברענט.

ווען איך האָב דאַמאָלסט לעבן זיך אַן עלטערן, אַ דערפאַ־רענעם מענטשן, אַ גוטן פריינט, אַ רעוואָלוציאָנער, אָדער נאָענטע צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און ניט מיין יונגער חבר, וואָס איז געוועזן באַאיינפלוסט דורך מיר, און ווען דער מענטש וואָלט זיך וועלן אריינטראַכטן אין מיר, וואָלט ער געמוזט מיר זאָגן: „ניין, דו טויגסט ניט פאַר אַ רעוואָלוציאָנער"...

אין מיר זיינען געוועזן צוויי נשמות: איינע אַ ראָמאַנטישע, וואָס באַגייסטערט זיך מיט הויכע, שיינע פאַנטאַסטישע גע־דאַנקען, און אַ צווייטע, אַ פּאָרשערישע, וואָס זוכט דעם אָב־יעקטיוון אמת.

פאַרשטייט זיך, אַז די צווייטע נשמה איז אַ קנאַפּע מעלה פאַר אַ רעוואָלוציאָנער.

און וואָס איז טאַקע דער אמת אין סאָציאַלן זין? ער איז אַן אמת פון סאָציאַלן חוש, ער איז אַ פּראָדוקט פון קלאַסן־געפיל און ווערט דערגרייכט דורך קלאַסן־קאַמף.

יע, ביים קלאַסן־קאַמף דאַרף מען האָבן אַ באַשטימטע טעאָריע, וואָס זאָל באַלייכטן דעם וועג און די ענד־צילן פון קאַמף. דאָס איז אָבער אַן ארבעט פאַר יחידי־סגולה, וואָס שאַפן די לאָזונגען פון קאַמף און וועלכע ס'גייען די מאַסן.

פאַר די אָבער, וואָס באַזיצן צו ווייניק גייסטיקע כחות, וואָס זאָלן אימשטאַנד זיין אָנווייזן נייע וועגן פון קלאַסן־קאַמף און שאַפן די נויטיקע לאָזונגען, איז אַ ריין־פּאָרשערישע נאַטור אַ קנאַפּע מעלה, אויף וויפיל זיי ווילן זיך באַשעפטיקן מיט דירעקטער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט.

דאַמאָלסט האָב איך עס ניט פאַרשטאַנען און געמוזט דורכ־מאַכן אַ לאַנגן שווערן קאַמף מיט זיך אַליין.

די ראָמאַנטישע חסידישע נאַטור, גע'ירשנ'ט פון זיידן, דעם חסיד משה, האָט מיך געצויגן צו העלדנטאַטן.

אין מיין זיידן דעם חסיד און אין מיר, דעם מאָדערנעם אידן, דעם אָנגעהעריקן צו דער רוסישער רעוואָלוציע, איז געווען איינע און די זעלבע נשמה: אַ שטרעבונג צו עטוואָס ניט וואָכעדיקס, ניט ערדישעס...

די נאַטור דיזעלבע, אָבער די אָביעקטן פון אונזערע התלהבותן זיינען געווען פאַרשיידענע.

און די ראָמאַנטישע נאַטור מיינע האָט מיך געצויגן צו דער רעוואָלוציאָנערער וועלט, וואָס איז געווען פול מיט געהיימנישן, פול מיט אויסערגעוויינלאַכעס, פול מיט העלדישקייט...

איידער אונזער קרייז האָט זיך געגרינדעט, האָב איך נאָך אַלץ געלעבט אין דער וועלט פון קלאַנגען פון דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, געאָטעמט מיט דער באַגייסטערטער אַטמאָספערע, וואָס ס'האָבן געטראָגן די אומלעגאַלע ביכלאַך, וועלכע איך האָב געלעזן. פּסיכאָלאָגיש בין איך געווען פיקס און פאַרטיק צו ווערן אַ רעוואָלוציאָנער, נאָר קיין פאַרבינדונגען מיט דער רעוואָלוציאָנערער וועלט האָב איך נאָך ניט געהאַט, קיין מיטגליד פון אַ וועלכן ס'איז רעוואָלוציאָנערן קרייז בין איך נאָך ניט געווען.

נאָר אַ זאַך, וואָס מען וויל שטאַרק, דערגרייכט מען זי, און סוף כל סוף בין איך אַריין אין די „רייען פון די רעוואָלוציאָנערן".

איך האָב געזוכט און שטאַרק געזוכט צווישן די פילע מיינע באַקאַנטע פון די אָנגעקומענע ליטוואַקעס פאַסיקע פּערזאָנען, און לסוף האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף איינע אַזאַ פּערזאָן.

איך האָב זיך געטראָפן מיט איינעם, אויף וועלכן מ'האָט מיר אָנגעוויזן, אַז ער געהערט צו אַ רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. געהייסן האָט ער ליבין.

ליבין האָט שוין געהאַט אַ רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט. ער האָט גע'שמ'ט פאַר אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט שוין אַ פּלאַץ אין דער רעוואָלוציאָנערער וועלט. און איך האָב ביי זיך באַשלאָסן, אַז דאָס איז דער שליסל, וואָס וועט מיר עפענען די טיר צו דער סודות'דיקער וועלט.

איך האָב זיך אָבער מיט אים געטראָפן ביי פרעמדע מענטשן

און אונז האָט זיך איינגעגעבן כאַפּן נאָר אַ פּאָר ווערטער צווישן זיך. ער האָט באַלד דערפילט, מיט וועמען ער האָט צו טאָן און האָט מיר איינגעלאַדן צו זיך.

אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך אַוועקגעגאַנגען, לויטן אָנגעוויזענעם אַדרעס. איך קום, פרעג דער בעל־הבית׳טע, צי איך האָב געטראָפן ליבינען, ענטפערט זי מיר אַז ער איז ניטאָ.

— ווען וועט ער זיין?

— איך ווייס ניט, — שטאַמלט זי מיר צו.

איך האָב זיך מיט דעם ניט באַנוגנט. די בעל־הבית׳טע האָט באַרעכנט, אַז זי האָט ניט וואָס מורא צו האָבן פאַר מיר און האָט געזאָגט:

— מען האָט אים די טעג אַרעסטירט.

די ידיעה האָט מיך, ווי אַ דונער דערשלאָגן, און איך בין אַוועק פון דאָרטן מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ: מיט ליבינס אַרעסט האָב איך אָנגעוואוירן דעם שליסל צו דער רעוואָלוציאָנערער וועלט, און וואו געפינט מען אַן אַנדערן...

ס׳איז אַוועק אַ פּאָר מאָנאַטן אין גאַנץ אָנגעשטרענגטע אַרבעט פון זעלבסט־בילדונג. פּלוצלונג באַקום איך אַ ידיעה, אַז ליבין איז באַפרייט געוואָרן. אין אָוונט בין איך שוין ביי אים געוועזן.

איך האָב זיך מיט אים דורכגעשמועסט און איך האָב אים פאָרגעלעגט צוזאַמענטרעפן זיך ביי מיר אין צימער מיט מיר און מיט מיינע נענטערע חברים.

ניט געהערנדיק צו אַ וועלכער ס׳איז רעוואָלוציאָנערער אָר־גאַניזאַציע, האָב איך שוין סטיכיש געפירט אַ גאַנץ ברייטע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. מיר האָבן געהאַט אַ ביבליאָטעק פון לעגאַלע ביכער מיט באַשטימטע טענדענצן, וואָס האָבן פאַר־שפּרייט אידייען פון דער ליטעראַטור צווישן אַ סך יונגוואַרג. איך בין שוין אַליין געווען באַקאַנט מיט סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע אידייען, און איך פלעג זיי פּרעדיקן. צו מיר פלעגט שוין פון צייט צו צייט אַריינפאַלן אַ העקטאָגראַפירט ביכל, ווי די ביאָגראַפיעס פון באַרימטע רעוואָלוציאָנערן א. א. וו.

די ביכלאַך פלעגן צו מיר אַריינפאַלן פון אַ ווייטע האַנט,

און אדורכגיין צוויי, דריי און אפשר גאָר פינף הענט, ביז עס פלעגט דערגיין צו מיר. האָב איך מיט זיי זיך ניט געקאָנט באַנוצן אויפן גרויסן שטייגער צו פאַרשפּרייטן זיי, כדי צו שאַפן ביי אַנדערע די זעלבע באַגייסטערונג, וואָס זיי פלעגן ביי מיר אַרויסרופן. האָב איך באַשלאָסן זיך איינצושאַפן אַ העקטאָגראַף, און אַזוי אַרום האָבן די מעגלאַכקייט צו שאַפן נייע עקזעמפּליאַרן.

איך האָב ערגעץ געקראָגן אַ פאָרשריפט, ווי צו מאַכן אַ העקטאָגראַפישע מאַסע פון זשעליאַטין און גליצערין. כ'האָב באַשטעלט אַ בלעך אין אַ פאָרם פון אַ בעקן, אין וועלכן מען באַקט קוכן. איך האָב קאַליע געמאַכט מאַטעריאַל און גאָרניט געקראָגן דערפון.

ענדלאַך בין איך געוואויר געוואָרן, אַז איך דאַרף גאָר די אַלע קונצן ניט, אַז איך קאָן די בלעך אַריינטראָגן צום אַפּטיקער פּיק אויף מיאַדאָווע גאַס, וועט ער איר שוין אָנפילן מיט אַ העקטאָגראַפישע מאַסע.

דער אַפּטיקער פּיק פלעגט צושטעלן העקטאָגראַפן פאַר די האַנדלס־פירמעס, וואָס פלעגן דאַרפן צעשיקן אַ סך צירקוליאַרע בריוו. דאַמאָלסט פלעגט מען אַזעלכע זאַכן אין דער צאַרישער רוסלאַנד מאַכן אָן שום פאָרמאַליטעטן.

איך בין אַוועק צו פּיקן. דעם גאַנצן וועג האָב איך געקלערט, וואָס פאַר אַ תירוץ דאַרף איך זאָגן פּיקן אויף מיין באַשטעלונג. נאָר ס'האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז קיין שום תירוץ איז ניט געווען נויטיק. פּיקס אָנגעשטעלטער האָט ביי מיר צוגענומען געלט פאַר דער העקטאָגראַפישער מאַסע און האָט געהייסן קומען אויף מאָרגן. דאָס איז אַזוי פּשוט אָנגענומען געוואָרן, אַז איך בין אויף מאָרגן, אָן שום קלערעניש, געקומען נאָכן העקטאָגראַף און האָב שוין געפונען אַ פאַרטיק פּעקל.

איך האָב דאָס פּעקל צוגענומען און אַוועקגעלאָפן אַהיים צו באַקוקן דעם אַפּאַראַט. מיט שמחה האָב איך געקוקט אויף דער גלאַנציקער מאַסע, וואָס האָט מיר געגעבן די מעגלאַכקייט צו שאַפן ליטעראַטור. איך האָב געפּרובירט אָנשרייבן עטלאַכע שורות מיטן טינט, וואָס איך האָב באַקומען צוזאַמען מיטן

העקטאָגראַף, געמאַכט ווי מען האָט מיר דערקלערט און איך האָב באַלד באַקומען עטלאַכע קאָפּיעס.

אַ פרייד, אַ שמחה!... אזא געווער אין האנט!...

אין עטלאַכע טעג אַרום האָב איך שוין געהאַט אַביסל שרעק פון דעם העקטאָגראַף. ביי מיר אין צימער האָט זיך ציטווייליק אויפגעהאַלטן ניט געמאָלדענערהייט אַ יונגערמאַן, וועלכער איז אַנטלאָפן פון אָדעס, פון גיפּאַר צו זיין אַרעסטירט.

אין אונזערע קרייזן איז דאַמאָלסט אַ דערציילונג וועגן אַ וועלכער ס'איז פּאָליטישער פאַרגאַנגענהייט געווען אַ גאַנץ גוטע מטבע, מיט וועלכער מ'האָט געקאָנט מאַכן אַ גאַנץ שיינעם אומ־זאַץ. מיר האָבן אָבער שוין געוואוסט, אַז עס גייען אַרום אַ סך פאַלשע מטבעות, און מיר זיינען געווען פאָרזיכטיק.

דער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך ביי מיר באַזעצט, האָט געהאַט אַ שטיקל רעקאָמענדאַציע צו אונז. אגב האָט ער גע־מאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק, און איך האָב ביי זיין ערשטן וויזיט באַלד אים פאָרגעלעגט מיין צימער, ער זאָל קאָנען איבער־וואַרטן ביז דער צייט, ווען ער וועט באַקומען ידיעות פון אָדעס, אַז ער קאָן זיין רואיק.

זיצן מיר ביידע אינדערפרי ביים טיי און פירן אַ שמועס אויף די טעמען, וועלכע האָבן אונז דאַמאָלסט אינטערעסירט. דער יונגערמאַן איז געזעסן מיטן פּנים צום פענסטער, און איך מיטן פּנים צו אים. איך זע, אַז מיין גאַסט ווערט בלייך.

— וואָס איז מיט אייך?

— אהער גייט דער רעווירנאָווי (אַ פּאָליציי־באַאַמטער) און איר האָט נאָך ביי זיך דעם העקטאָגראַף.

דער רעווירנאָווי איז טאַקע געקומען אין דער דירה, וואו איך האָב געהאַט מיין צימער, נאָר גראָד ניט צו מיר.

נאָכדעם האָב איך, פאַרשטייט זיך, זיך אַנטוישט אין מיין נייעם באַקאַנטן.

אַ צווייטע קרענקונג האָב איך געהאַט פון העקטאָגראַף, ווען מיין פאָטער האָט אים אַנטדעקט ביי מיר.

אויסגענוצט האָב איך דעם העקטאָגראַף ניט מיט אַמאָל.

ס׳זיינען אַוועק אַ פּאָר מאָנאַטן, איידער מ׳האָט געקריגן אַ פּאַ־
סיקע דירה אויף צו קאָנען דרוקן אויף אים.

דאָס ערשטע, וואָס איך האָב געדרוקט אויפן העקטאָגראַף,
איז געווען דער קאַטאַלאָג צום סיסטעמאַטישן לעזן.

אָט די ערשטע ארויסגעבערישע טעטיקייט מיינע איז זייער
כאַראַקטעריסטיש פאַר מיר. ווען איך האָב קאָלט אָנגעהויבן צו
באַטראַכטן, אויף וואָס זאָל איך אָנווענדן דעם העקטאָגראַף, איז
ביי מיר געבליבן, אַז אויפן קאַטאַלאָג, אויף אַ גרינדלאַכע זאַך,
פון וועלכער מענטשן זאָלן זיך קענען ערנסט גרייטן צו זייער
צוקינפטיקער טעטיקייט. אין דעם איז שוין קענטיק מיינע
ביבליאָגראַפישע און וויסנשאַפטלאַכע נייגונגען, וועלכע האָבן
זיך שפּעטער ארויסגעוויזן אין מיין עפנטלאַכער ארויסגעבערי־
שער טעטיקייט.

די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט מיינע איז געווען
געפירט אויף אייגענער אחריות. זי איז ניט געווען געבונדן מיט
קיין וועלכער ס׳איז רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע.

פאַר מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז אַזוי קאָן ווייטער ניט גיין,
און אַז מ׳דאַרף שאַפן אַ וועלכע ס׳איז אָרגאַניזאַציע.

און די פאַרזאַמלונג, וואָס איך האָב פאַרגעלעגט ליבינען
איינצוואָרדנען ביי מיר אין צימער, האָט געדאַרפט דינען פאַר
אַזאַ מין גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, און אין אַזעלכער האָט זי זיך
טאַקע פאַרוואַנדלט.

חברים, וואָס זיינען אריינגעצויגן געוואָרן אין די זעלבע
אינטערעסן וואָס איך, זיינען געווען עטלאַכע, און זיי האָב איך
איינגעלאַדן.

צוזאַמענגעקומען זיינען זיך ביי מיר אין אַ באַשטימטן טאָג
„פאָרשטייער" פון דריי גימנאַזיעס, אינגאַנצן 8 פּערזאָנען.
ס׳איז געקומען אויך ליבין. מיר האָבן באַהאַנדלט די פראַגע,
וואָס מיר האָבן צו טאָן. מיר האָבן לאַנג וועגן דעם ניט גע־
דאַרפט טראַכטן: פאַרשטייט זיך, אַז מיר דאַרפן אָרגאַניזירן
און רעוואָלוציאָנירן די שטודירנדע יוגנט, און מיר, די אָנוועזנדע.
דאַרפן זיך קאָנסטרואירן אַלס אָנפירנדער אָרגאַן.

ס׳איז געווען באַהאַנדלט נאָך אַ פראַגע: וואָס וועט יעדע־

רער פון אונז טאָן אין קרייז. איך פּערזענלאך האָב געענטפערט, אַז איך וועל זיך פאַרנעמען מיט אַגיטאַציע. מיין נעענטערע דערקלערונג איז געווען די, אַז איך פיל אַ פעאיקייט צו איבער־געבן דעם צווייטן אין אַ פאַרשטענדלאַכער פאָרם די אידייען, וואָס איך האָב אַליין דערוואָרבן. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַן אַרבעט פון אַ פּאָפּולאַריזיטאָר, אין בעסטן פאַל פון אַ פּראָפּאַ־גאַנדיסט, אָבער ניט פון אַן אַגיטאַטאָר. מיין ענטפער איז געווען אַן ענטפער פון אַ געזונטן אינסטינקט, נאָר ניט פון קיין באַוואוסטזיניקן רעוואָלוציאָנער.

ס'איז געבליבן צו דער צווייטער זיצונג צוזאַמענשטעלן אַ פּראָגראַם פון אונזער קרייז. מיר האָבן זיך צעטיילט אויף גרופּן: איך און דער חבר בוך — איין גרופּע, ליבין און סאַמו־איל ראַבינאָוויטש (שאול פּנחס ראַבינאָוויטשעס־שפּ"רם אַ זון)— אַ צווייטע, און די איבעריקע — אַ דריטע.

צו דער צווייטער זיצונג זיינען צוגעשטעלט געוואָרן צוויי פּראָגראַמען: איינע—מיינע מיט'ן חבר בוך, די צווייטע—ליבינס מיט ראַבינאָוויטשעס.

אונזערע איז געווען אַ קורצע — ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אויפקלערנדער אַרבעט צווישן דער שטודירנדער יוגנט. דאָס אייגנטלאַך האָט שוין געזאָלט זיין אַ פאַרברייטערטע אַר־בעט פון דעם, וואָס מיר האָבן שוין געטאָן. זי איז געווען אַן אויסדרוק פון אונזער רעאַלער אַרבעט. דאָס צווייטע פּראָ־גראַם — ליבינס מיט ראַבינאָוויטשעס, האָט פאָרגעשטעלט אַ גאַנצער העפט. זי איז אייגנטלאַך געווען אַ באַאַרבעטונג פון פּראָגראַם פון דער דאַמאָלסט ווירקנדער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

דאָס צווייטע פּראָגראַם האָט מנצח געווען. אייגנטלאַך האָט זי גאָרניט געהאַט וועמען און וואָס מנצח צו זיין, ווייל קיינער האָט געגען איר ניט אָפּאָנירט. פּסיכאָלאָגיש זיינען מיר אַלע געווען גרייט אָנצונעמען אַזאַ פּראָגראַם.

דער אונטערשייד צווישן דער ערשטער און צווייטער פּראָ־גראַם איז געווען דער, וואָס די ערשטע פּראָגראַם איז געווען אַן אויסדרוק פון אונזער רעאַלער אַרבעט, וואָס האָט באַדאַרפט

אויפֿן נאָרמאַלן וועג זיך ווייטער אַנטוויקלען; און די צווייטע פּראָגראַם איז געווען אַ בגד אויף אויסצואוואַקסן.

דעם גאַנצן העפט האָט מען אויף דער זיצונג דורכגעלעזן און מ׳האָט אים אָן וכוחים אָנגענומען.

די אָרגאַניזאַציע אונזערע האָט באַקומען דעם נאָמען: „דער צענטראַלער קרייז פֿון דער שטודירנדער יוגנט אין וואַרשא".

נאָך דער זיצונג, אויף וועלכער ס׳איז אָנגענומען געוואָרן דער סטאַטוט פֿון דעם קרייז, זיינען צוויי חברים אָפּגעפֿאַלן. איינער האָט זיך דערשראָקן פֿאַרן לעצטען אויסדרוק פֿון פּראָגראַם: „אַ טויט פֿאַררעטער". נאָך ניט צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, און מ׳סטראַשעט שוין מיט טויט... דאָס איז געווען אַ געלאַסענער, רואיקער מענטש, איז עס פֿאַר אים געווען אַ צו רייצנדע אַטמאָספֿערע.

דער צווייטער, דער פֿאַרשטאָרבענער טומפּאָווסקי, איז גלאַט מער ניט געקומען: ער האָט הפּנים געפֿונען, אַז ס׳איז פֿאַר אים נאָך פּריצייטיק.

דער טומפּאָווסקי איז נאָכדעם, אין די סטודענטישע יאָרן, געווען באַקאַנט צווישן די סטודענטן אַלס איינער פֿון די בעסטע קענערס פֿון מאַרקסיזם. געשטאָרבן איז ער אין די יונגע יאָרן אַלס דאָקטאָר.

די איבעריקע זיינען געבליבן אין קרייז און זיינען גלייך צוגעטראָטן צו אַ גרויסער, ברייטער טעטיקייט.

די טעטיקייט פֿון קרייז איז געווען אַזאַ ראַשיקע, אַזאַ פֿאַרברייטערטע, דאָס לודוויק קולטשיצקי האָט געפֿונען פֿאַר וויכטיק צו דערמאָנען דעם קרייז אין זיין „געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פּוילן".

און די טעטיקייט פֿון קרייז האָט זיך אָנגעהויבן.

איך בין געווען אויפֿן זיבעטן הימל — איך האָב דערגרייכט מיינס. איך בין אַריין און בין געוואָרן אָפֿיציעל אַ רעוואָלוציאָנער. דאָס איז געווען אין 1885 יאָר, און אַלט בין איך דאַמאָלסט געווען 17 יאָר.

# איך בין אַ רעוואָלוציאָנער

„דער צענטראַלער קרייז פון דער שטודירנדער יוגנט אין וואַרשע", די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך אונז, האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין אַ רעוואָלוציאָנערן בין־השמשות, ווען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. די „נאַראָדאָוואָלטשעסקע" רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך אַזאַ גלענצענדע געשיכטע פול מיט העלדענטאַטן, האָט, ווי עס האָט זיך אויסגעדוכט, מיט די לעצטע אַרעסטן פון די נאַראָדאָוואָלצעס מיט הערמאַן לאָפּאַטין בראָש, זיך אינגאַנצן אויסגעשעפּט.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז נאָך אין רוסלאַנד נישט געווען. זי האָט זיך איצט באַוויזן אין שווייץ צווישן די רוסישע עמיגראַנטן. אין 1883 יאָר האָט פּלעכאַנאָוו געגרינדעט אין זשענעווע די „גרופּע פון אַרבעטס־באַפרייאונג" (גרופּאַ אָסוואָבאָזשדעניאַ טרודאַ). אין רוסלאַנד האָט מען ווען איר פון אָנהויב זייער ווייניק געוואוסט.

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין פּוילען, וואו אונזער אַרבעט האָט זיך איצט אָנגעהויבן, האָט אין 1884 יאָר באַקומען אַ טויט־קלאַפּ, אַ דאַנק די אַרעסטן פון כמעט אַלע הויפּט־טוער פון דער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט", וואָס איז איצט געגרינדעט געוואָרן אין 1882 יאָר. בשעת מיר האָבן אָנגעהויבן אונזער טעטיקייט, זיינען די אָנפירער פון דער פּאַרטיי געזעסן אין צענטן פּאַוויליאָן פון וואַרשעווער ציטאַדעל און האָבן געוואַרט אויף זייער משפּט.

מיט די אַרעסטן און מיט דעם פּראָצעס, וואָס האָט געזאָלט אינגיכן פּאָרקומען, האָט די רוסישע רעגירונג געמיינט מיט איין קלאַפּ אָראָפּצונעמען דעם קאָפּ דער רעוואָלוציאָנערער הידרע.

די רוסישע רעגירונג האָט אויסגעראָמט עטלאַכע צענדליק רעוואָלוציאָנערן פון פּוילן; 4 פון זיי האָט זי אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט, און די רעשט אויף קאַטאָרגע אין די ווייטע מדבריות פון סיביר, און, אַ מאָדנע זאַך, צווישן דעם יונגן דור זיינען אויסגעוואַקסן נייע רעוואָלוציאָנערן, און אין אַ סך אַ גרעסערער צאָל.

צווישן די נייע אויפגעשטאַנענע רעוואָלוציאָנערן זיינען געווען די מיטגלידער פון אונזער צענטראַל קרייז, וועלכע זיינען אַלע געווען אידען און שטאַמען, אויסער איינעם, פון ליטע.

די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אַריבער־געטראָגן געוואָרן צו אידן צוזאַמען מיט דער רוסישער שפּראַך; צוזאַמען מיט קירפּיטשניקאָווס גראַמאַטיק זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן צו אידן די סאָציאַליסטישע אידייען.

וואָס מער ס'האָט זיך באַטייליקט די אידישע יוגנט אין רעגירונג־שולן, אַלץ מער סאָציאַליסטן זיינען אויסגעוואַקסן ביי אידן; וואָס מער ס'איז אַריינגעדרונגען געוואָרן צווישן אידן די רוסישע שפּראַך, אַלץ מער האָט זיך „רעוואָלוציאָניזירט" די אידישע אינטעליגענץ, אַלץ מער האָט זי אויסגעטיילט פון זיך רעוואָלוציאָנערן.

דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די 60ער יאָרן איז גאָרנישט באַקאַנט קיין אידן. אין די פּאָליטישע פּראָ־צעסן פון די 60ער יאָרן אין רוסלאַנד געפינען מיר נאָר 2 אידישע נעמען: איינער, אויב איך האָב נישט קיין טעות, האָט געהייסן גאָלדענבערג; ער איז, אַלס עמיגראַנט, אין גרויען עלטער גע־שטאָרבן אין דער צייט פון דער מלחמה אין לאָנדאָן; דעם נאָמען פון צווייטן געדענק איך נישט.

אין די פּאָליטישע פּראָצעסן פון די 70ער יאָרן טרעפן זיך שוין אידישע פאַמיליעס, נאָר דאָך נישט קיין גרויסער פּראָצענט. אין דעם באַרימטן גרויסן פּראָצעס, וואָס איז באַוואוסט אונטער'ן נאָמען: „דער פּראָצעס פון 193", צו וועלכן ס'זיינען צוגעצויגן געוואָרן ביז טויזנט פּערזאָן באַשולדיקטע, וואָס זיינען אַרויסגע־טיילט געוואָרן פון עטלאַכע טויזנט אַרעסטירטע אין 1874—1875 יאָרן, ווייס איך נישט, צו מען קען געפינען אַ פּאָר מנינים אידן.

אין ענדע פון די 70ער יאָרן איז דער אַנטייל פון אידן אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג שוין געווען קענטיקער. ס'האָט זיך שוין באַוויזן אַ ספּעציעלע אידישע סאָציאַליסטישע גרופּע מיט ליבערמאַנען בראש. די גרופּע האָט געזאָלט פאַרשפּרייטן סאָציאַליסטישע אידייען ביי אידן אין דער העברעאישער שפּראַך, און האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין קעניגסבערג אין 1877 יאָר אַ העבריאישן סאָציאַליסטישן זשורנאַל: „האמת". איר פּראָפּאַגאַנדע איז געווען אויסגערעכנט אויף ישיבה־בחורים און זי האָט קיין גרויסן ערפאָלג נישט געהאַט.

איצט, אין די 80ער יאָרן, האָט זיך ביי אידן באַוויזן אַ גרעסערע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, נאָר אַלץ צווישן דער אינטעליגענץ. די רעוואָלוציאָנערן ביי אידן זיינען געווען רוסישע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע שטאַמען פון אידן. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין לימע איז געווען אַ צווייג פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; קיין אידישע סאָציאַליסטישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז דאַמאָלסט נאָך נישט געווען.

מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס?

נישט נאָר ביי אידן, נאָר אויך ביי אַנדערע פעלקער פון רוסלאַנד איז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון די רוסן. די אידישע אָנהענגער פון דער רוסישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג זיינען געבליבן איר טריי דאַן, ווען, למשל, די פּאָליאַקן, וואָס האָבן באַקומען זייערע סאָציאַליסטישע אידייען פון דעמזעלבן מקור, וואָס די אידן, האָבן זיך געשאַפן אַן אייגענע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

דער באַרימטער פּוילישער סאָציאַליסט ליודוויק וואַרינסקי און זיינע חברים זיינען אין 1877 יאָר געקומען פון פּעטערבורג און אַנדערע רוסישע שטעדט קיין וואַרשע צו פאַרשפּרייטן סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע אידייען. זיי זיינען געקומען קיין וואַרשע אין דעמזעלבן יאָר, ווען ליבערמאַן מיט זיינע חברים האָבן אָנגעהויבן זייער טעטיקייט. ליבערמאַנס קרייז האָט געמוזט זייער גיך אויפגעבן זיין טעטיקייט, און ער האָט נישט געלאָזן נאָך זיך אין רוסלאַנד קיינע שפּורן; וואַרינסקיס קרייז, פאַר־

קערט, האָט זיך באַלד איינגעוואָרצלט אויפֿן פּוילישן באָדן, און וואַרינסקי האָט געהאַט דאָס גליק אויסצוהערן פֿון רוסישן ריכ־טער סטרעלניקאָוו די ווערטער: „איר האָט פֿאַרזייט אַזעלכע זוימען, וואָס מען קען מיט די ציין נישט אַרויסרייסן".

אין אַ פּאָר יאָר אַרום נאָך וואַרינסקיס קומען קיין וואַרשע איז שוין געווען אַן אַרבעטער־קאָמיטעט, וואָס האָט שוין גע־שפּילט אַ גרויסע ראָלע; אין 1882 יאָר איז שוין געגרינדעט געוואָרן אַ פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אונטערן נאָמען „פּראָלעטאַריאַט", וואָס האָט זיך פּראָקלאַמירט אַלס אַ זעלב־שטענדיקע פּוילישע פּאַרטיי אויפֿן פּוילישן באָדן, נאָר ענג פֿאַר־בונדן מיט דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אין איר אַלגעמיינער טע־טיקייט.

אין דערזעלבער צייט זיינען אידן־רעוואָלוציאָנערן אין רוס־לאַנד, ווי, למשל, זונדעלעוויטש, וואָס האָט געהערט צו ליבער־מאַנס קרייז, געבליבן אין די רייען פֿון די רוסישע רעוואָלוציאָ־נערע אָרגאַניזאַציעס, און האָבן גאָרנישט גע'חלומ'ט וועגן שאַפֿן אַ ספּעציעלע אידישע אָרגאַניזאַציע.

די שעפּערס פֿון אידישן סאָציאַליזם אין זיין העברעאישן בגד — ליבערמאַן און זיינע חברים — האָבן נישט געהערט צום אַרבעטער־קלאַס, און אויך האָבן צום אַרבעטער־קלאַס נישט גע־הערט די פּיאָנערן פֿון דעם פּוילישן סאָציאַליזם. דאָס רוב פֿון זיי זיינען געווען סטודענטן, קינדער פֿון דער פּוילישער שליאַכטע.

און דאָך . . . דער חלוק צווישן די ביידע סאָציאַליסטישע גרופּן איז אָבער געווען אין דעם, וואָס דער פּוילישער סאָציאַ־ליסט האָט שוין געהאַט פֿאַר זיך אַ באַדייטנדן אַרבעטער־קלאַס, און דער אידישער האָט נאָך אַזאַ קלאַס נישט געהאַט.

די פּאָליאַקן זיינען אין דער הינזיכט געווען גליקלאַכער פֿאַר אונז.

דער אידישער אַרבעטער־קלאַס האָט זיך איצט באַוויזן אויף דער אַרענע אַלס אַ באַדייטנדע גרופּע אין די 90ער יאָרן; אין די 70ער און 80ער יאָרן האָט ער איצט געהאַלטן ביים פֿאַר־מירן זיך. האָט דעריבער ביז די 90צר יאָרן נישט געקענט זיין קיין רייד וועגן שאַפֿן אַ אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי; מיט

דעם מאָמענט, וואָס עס איז אויסגעוואַקסן אַ אידישער אַרבע־טער־קלאַס, איז געוואָרן מעגלאַך די גרינדונג פון אַ אידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און זי איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן אין די 90ער יאָרן.

אין די 80ער יאָרן זיינען די טרעגער פון סאָציאַליזם ביי אידן געווען די שטודירנדע יונגט און די אינטעליגענץ. נישט האָבנדיק קיין גרויסן פּלאַץ און קיין רעאַלן באָדן פאַר דער פּראָ־פּאַגאַנדע פון זייערע אידייען ביי זיך, האָבן זיי זייער טעטיקייט געמוזט אַריבערטראָגן צו פרעמדע; אַגב זיינען זיי מיט די פרעמדע געווען מער פאַרבונדן קולטורעל, ווי מיט די אייגענע.

נאָך מער: נישט האָבנדיק פאַר זיך, ביי אידן, נישט קיין פּויערטום און נישט קיין קענטיקן אַרבעטער־קלאַס, האָבן זיי אויף דער אידישער סביבה געקוקט, ווי אויף אַ פּאַראַזיטישע, אויף אַ פיינטלאַכע צו דער אַנטוויקלונג פון סאָציאַליזם, און זיי האָבן געהאַלטן, אַז אין דער אידישער סביבה איז נישטאָ, וואָס צו טאָן אין דער הינזיכט.

די 80ער יאָרן האָבן אָבער געהאַט זייער אַ גרויסע באַדיי־טונג פאַרן אויפשטיין און אַנטוויקלען זיך פון דער אידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג; אין די יאָרן איז פון דער שטודירנדער יוגנט אויסגעוואַקסן אַ גרויסע סאָציאַליסטישע אינ־טעליגענץ, און זי האָט שוין נאָכדעם, אין די 90ער יאָרן, גע־טראָגן דעם סאָציאַליזם צווישן די אידישע מאַסן.

און דאָס, וואָס די ערשטע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז געווען אויסשליסלאַך אַן אינטעליגענטע, האָט געלעגט אַ באַזונ־דערן שטעמפּל אויף דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך אַ לאַנגע צייט נישט גע־קענט אָפּזאָגן פון די אַסימילאַטאָרישע, בעסער געזאָגט, רוסיפי־קאַטאָרישע טענדענצן, וואָס ס'האָט געטראָגן מיט זיך די אינטע־ליגענץ; זי האָט אַ לאַנגע צייט זיך נישט געקענט אָפּזאָגן פון דער ליבע צו רוסיש, און נישט מיטאַמאָל זיך געקענט באַשליסן צו אָנערקענען אידיש פאַר דער נאַטירלאַכער שפּראַך פון די אידישע מאַסן, און נאָך עד היום קען די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג זיך נישט אינגאַנצן אָפּזאָגן פון דער ירושה פון דעם

פריאָד, ווען די רוסישע רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן צו אידן אין איר רוסישער פאָרם.

אונזער צענטראַלער קרייז איז געווען אַ טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געשאַפן ביי אידן אין די 80ער יאָרן. מיר האָבן אונזער טעטיקייט אָנגעהויבן אין וואַרשע; אין פוילן זיינען מיר געווען די ערשטע אידישע סאָציאַליסטן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער אידישער סביבה.

צווישן די פוילישע אידן זיינען בכלל דאַמאָלסט קיין סאָציאַליסטן כמעט ווי נישט געווען. אין דעם גרויסן פּראָצעס פון דער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט“, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1885 יאָר, זעען מיר נאָר 3 אידן. אין דעם קראָקאָווער פּראָצעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1882 יאָר, זעען מיר בסך־הכל 1 איד, מענדלסאָן, אַ זון פון אַ וואַרשעווער באַנקיר.

די אידישע עמיגראַנטן פון ליטע האָבן געבראַכט מיט זיך נישט נאָר דעם מאָגן־אַפּעטיט, נאָר אויך די נשמה־דורשט; דער ליטווישער איד האָט מיט זיך געבראַכט נישט נאָר הענט צו אַרבעטן, נאָר אויך אידייען, וואָס ער האָט זיי באַקומען ביי זיך אין דער היים.

צווישן די אידייען זיינען געווען אויך די אידייען פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אונזער אָרגאַניזאַציע האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך דעם טייל פון דער ליטווישער עמיגראַציע, וואָס איז געווען דער טרעגער פון די רעוואָלוציאָנערע אידייען.

דאָס זיינען געווען „נאַראָדניטשעסקע“ אידייען. די „נאַראָדניטשעסקע“ באַוועגונג איז אַ ספּעציפיש־רוסישע.

„נאַראָדניטשעסטוואָ“ וואָלט אין אידיש באַדאַרפט הייסן „פאָלקיזם“. נאָר ביי אידן האָט דער טערמין „פאָלקיזם“ אַן אַנדער באַדייטונג, ווי ביי די רוסן דער טערמין „נאַראָדניטשעסטוואָ“, כאָטש לעקסיקאַלאָגיש דאַרפן זיי באַדייטן איין און דאָסזעלבע.

די „נאַראָדניטשעסקע“ באַוועגונג האָט זיך געשטיצט אויפ'ן

פויער און איז געווען סאָציאַליסטיש. די פאָלקיסטישע באַוועגונג שטיצט זיך אויפ'ן אידישן בעל־מלאכה און האָט נישט קיין שום שייכות צום סאָציאַליזם.

אין די 70ער יאָרן האָט די „נאַראָדניטשעסטוואָ" אָנגעהויבן צו טראָגן די פאָרם פון אַ מאסן־באַוועגונג ביי דער רוסישער אינטעליגענץ. אָנהויבנדיק פון 1873 יאָר האָט די שטודירנדע יוגנט אַוועקגעוואָרפן די אוניווערסיטעטן און אַנדערע שולן, און איז אַוועק אין דאָרף צו פּראָפּאַגאַנדירן די סאָציאַליסטישע אידייען. דאָס האָט דאַמאָלסט באַקומען אַ ספּעציעלן טערמין „גיין אין פאָלק".

פון אָנהויב איז דאָס געווען אַ מין סטיכישע באַוועגונג. ס'האָבן זיך באַשאַפן אין פאַרשיידענע שטעט אַ מאַסע זעלב־שטענדיקע קרייזן, די מיטגלידער פון וועלכע ס'האָבן אָנגעהויבן צו „גיין אין פאָלק".

די פּראָפּאַגאַנדיסטן האָבן געפירט אַ ריין־פרידלאַכע פּראָ־פּאַגאַנדע — זיי האָבן נישט באַרירט די הערשנדע אין רוסלאַנד מלוכה־פאָרם; לויט זייער מיינונג, דאַרפן זיך סאָציאַליסטן נישט אינטערעסירן מיט דער מלוכה־פאָרם; דאָס רוב פון זיי זיינען געווען אַנאַרכיסטן פון באַקונינס חדר.

די רעגירונג אָבער האָט אָנגענומען שטרענגע מיטלען קעגן דאָס „גיין אין פאָלק". די פרידלאַכע סאָציאַליסטן זיינען גע־צוואונגען געוואָרן, צוליב די פאַרשיידענע רעפּרעסיעס פון דער רעגירונג, אריבערגיין צו אַ דירעקטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף מיט איר.

אין 1879 יאָר, אויף אַ צוזאַמענפאָר, וועלכער איז פאָרגע־קומען אין וואָראָנעזש, איז געשאַפן געוואָרן די פּאַרטיי „נאַראָד־נאַיאַ וואָליאַ", וועלכע האָט אַוועקגעשטעלט טעראָר פאַר דעם וויכטיקסטן קאַמפּס־מיטל.

„נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט זיך אָרגאַניזירט אַלס אַ שטרענג קאָנספּיראַטיווע פּאַרטיי מיט אַן אָנפירונג פון דער גאַנצער טע־טיקייט פון דער פּאַרטיי פון אויבן אַראָפּ.

נישט אָבער אַלע „נאַראָדניקעס" זיינען געווען מסכים אי

מיטן טעראָר, אי מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרם פון דער פּאַר־טיי. אויף דעמזעלבן וואָראָניעזשער צוזאַמענפאָר האָט זיך ארויסגעטיילט א גרופּע, וועלכע האָט געגרינדעט אַן אַנדער פּאַר־טיי אונטערן נאָמען „טשאָרני פּערעדיעל"; זי איז געווען קעגן טעראָר און פאַר א דעצענטראַליזירטער אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרם.

איינער פון די גרינדער פון דער פּאַרטיי „טשאָרני פּערע־דיעל", פּליעכאַנאָוו, האָט געגרינדעט מיט א פּאָר יאָר שפּעטער די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

די „נאַראָדניטשעסקע" באַוועגונג איז געווען די הערשנדע אין דער רוסישער ליטעראַטור, און מיר, וועלכע זיינען געווען אונטער דער השפּעה פון דער רוסישער ליטעראַטור, זיינען אַלע געווען נאַראָדניקעס.

קיין איינהייטלאַכן פּראָגראַם פון טעטיקייט האָט אונזער קרייז פאַקטיש נישט געהאַט, ווייל אין תוך איז ער געווען נישט איינהייטלאַך, כאָטש מיר האָבן געהאַט א געשריבענע קאָנסטי־טוציע, וועלכע מיר האָבן איין איינציק מאָל אויסגעהערט, בשעת זי איז געלעזן געוואָרן ביי דער גרינדונג. אין דער הינזיכט איז די לאַגע פון קרייז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון דער אַלגע־מיינער לאַגע אין דער דאַמאָלסטיקער רוסישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אין דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", למשל, האָבן געאַרבעט פון איין זייט מענשן, וועלכע האָבן געשטרעבט אויס־שליסלאַך צו פאַרווירקלאַכן אין רוסלאַנד א וועלכע ס'איז קאָנ־סטיטוציאָנעלע פאָרם, כדי נאָכדעם צו האָבן די מעגלאַכקייט איבערצעגיין צו דער סאָציאַליסטישער שאַפונג. לויט זייער טעטיקייט און זייערע נאָנטסטע צילן, האָבן זיי געקענט זיין פאַררעכנט פאַר ריינע ליבעראַלן, נאָר מיט א רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט; אין דערזעלבער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" זיינען געווען מיטגלידער, וואָס זיינען געווען אַנאַרכיסטיש גע־שטימט.

ווען אונזער צענטראַלער קרייז זאָל זיין א גרויסער, א מענשנרייכער, וואָלט ער סוף כל סוף אויף א נאַטירלאַכן וועג צעפאַלן אויף פאַרשיידענע גרופּירונגען. ער איז אָבער געווען נישט רייך אין מענשן. און ער האָט געהאַט צופיל פּראַקטישע

אַרבעט, וואָס האָט פאַרשלונגען זיין גאַנצע צייט. אָט די פּראַק־טישע אַרבעט האָט געשאַפן די איינהייטלאַכקייט פונם קרייז.

ערשטנס האָבן מיר געהאַט אַן אַרבעט ארום זיך אַליין. מיר זיינען געווען אַ קרייז פון שטודירנדע יוגנט; האָבן מיר גערעכנט, אַז מיר דאַרפן געמיינזאַם פאַרזעצן אונזער סאָציאַ־ליסטישע זעלבסט־בילדונג, כדי צו קענען אָנפירן מיט ברייטער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער, ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט, האָט באַדאַרפט אונזער קרייז פאַרוואַנדלט ווערן.

ביי אונז איז באַשלאָסן געוואָרן אַלע זונטיק, אין דער פרי, צוזאַמענקלייבן זיך, און לעזן מילס „פּאָליטישע עקאָנאָמיע“ מיט טשערנישעווסקים באַרימטע באַמערקונגען.

נאָכדעם האָבן מיר געזאָלט צוטרעטן צו שטודירן מאַרקס „קאַפּיטאַל“.

אונזערע לייענונגען האָבן געהאַט אַ קנאַפּן ערפאָלג; מיר האָבן אויעקגעוואָרפן דאָס לעזן מילס ווערק אינמיטן. מיר זיינען אַלץ מער אריין אין דער פּראַקטישער אַרבעט, און מיר זיינען אריבער צום לעזן וועגן אַקטועלע טעמען.

אין דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ איז געווען אַ באַ־שטימטע צייט זייער פּאָפּולער דער געדאַנק וועגן „פאַרכאַפּן די מאַכט“. מיר האָבן געהאַט אַ בראָשור, וואָס האָט באַהאַנדלט די פראַגע; ווי ס'איז שפּעטער געוואָרן באַוואוסט, איז די בראָ־שור געווען אָנגעשריבן דורכ'ן „נאַראָדאָוואָליעץ“ און נאָכדעם באַרימטן רוסישן שרייבער טאַן.

די בראָשור שטעלט זיך אָפּ אויף דער באַדייטונג און ראָל פון פאַרשיידענע קלאַסן פון רוסישן פאָלק, און ווייזט אָן, אַז קיין איין־איינציקער קלאַס אין רוסלאַנד האָט נישט קיין רעאַלע ממשות'דיקע מאַכט, כדי צו מאַכן אין רוסלאַנד אַ רעוואָלוציע. אגב ליגט נישט די רעוואָלוציע אין די אינטערעסן פון אַלע קלאַסן.

נישט דאָס רוסישע אדל — די „דוואָריאַנסטוואָ“, נישט דאָס רוסישע סוחר'טום, נישט דער רוסישער קלער האָבן אין רוסלאַנד קיינמאָל קיין ראָליע נישט געשפּילט. דאָס רוסישע פּויערטום

איז אַ פינסטערע, נידערגעשלאָגענע מאַסע, וועלכע קען נאָך דער־ווייל אין געזעלשאַפטלאַכן לעבן קיין ראָל ניט שפּילן.

איז די איינציקע רעאַלע מאַכט אין רוסלאַנד די רעגירונג. דאַרפן די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אַרייננכאַפּן אין די הענט דעם רעגירונגס־אַפּאַראַט, און האָבנדיק אין די הענט דעם אַפּאַראַט, וועט זי קענען פירן רוסלאַנד אויף די וועגן, וועלכע זי וועט געפינען פאַר נויטיק, ד. ה. פירן איר צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

צו דער בראָשור האָט מען זיך ביי אונז גאַנץ ערנסט באַצויגן. אין דער דיסקוסיע, געדענק איך, האָט מען אַזוי ווייט שוין באַהאַנדלט די פראַגע, אַז מען האָט גערעדט וועגן דעם זיץ־אָרט, וואו ס׳וועט זיך געפינען די צייטווייליקע רעוואָלוציאָנער׳ע רעגירונג, ביז עס וועט זיך איר איינגעבן דעם גאַנצן אַפּאַראַט אַריינכעמען אין אירע הענט.

מיט דער צייט האָבן די לעזונגען אינגאַנצן אויפגעהערט, און מיר זיינען פאַרבליבן ביי די ספּעציעלע זיצונגען, אויף וועלכע ס׳פלעגט באַטראַכט ווערן אונזער פּראַקטישע אַרבייט. די געשעפטליכע זיצונגען פלעגן פאָרקומען יעדן זונטיק אָדער אַ זונטיק איבער אַ זונטיק אין די נאָכמיטאָקדיקע שעה׳ען.

אויף די זיצונגען פון קרייז פלעגט מען באַטראַכטן די צו־קונפטיקע קאַנדידאַטן פאַר די קרייזן, וואָס דאַרפן זיך אָרגאַניזירן, אָנמערקן פרייע דיסקוסיאָנס־פאַרזאַמלונגען; מען פלעגט אויסהערן די באַריכטן וועגן דער אַרבעט, וואָס איז דורכגעמאַכט געוואָרען, מען פלעגט באַטראַכטן די נאָענטסטע אַרבעט, וואָס יעדער דאַרף טאָן, מען פלעגט אָננעמען באַשלוסן וועגן ריין־טעכנישע פראַגן, ווי, למשל, שאַפן דירות אויף פאַרזאַמלונגען, געלט קלייבן, ליטעראַטור פאַרשפּרייטן א. א. וו.

דער „צענטראַלער קרייז“, באַלד ווי ער האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט, האָט זיך געלאָזט שפּירן. די אנטיילנעמער פון קרייז האָבן געהאַט פאַרבינדונגען, אַנדערע גאַנץ ברייטע פאַרבינדונגען, צווישן דער אידישער שטודירנדער יוגנט און צווישן דער ליט־ווישער עמיגראַציע. יעדער פון אונז האָט פאַרגעשטעלט ניט

זיך אַליין, נאָר אויך די, צווישן וועלכע ער פלעגט פירן זיין אגיטאַציע.

אַזוי אַרום האָט דער „צענטראַלער קרייז" פאָרגעשטעלט מיט זיך נישט קיין הייפעלע מענשן, וועלכע זיינען זיך צוזאַמענגעקומען ביי דער גרינדונג פון קרייז, נאָר אַ גאַנץ גרויסע גרופּירונג פון לויזע, נישט צוזאַמענגעבונדענע צווישן זיך יונגוואַרג. מיט דעם גרינדען פון קרייז האָט אָט די לויזע גרופּירונג אָנגענומען אַ באַשטימטן אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם; ס'איז געוואָרן פון איר אַ רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, בראש פון וועלכער ס'האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער „צענטראַלער קרייז".

מיט דעם גרינדן דעם „צענטראַלן קרייז" האָט אונזער טעטיקייט באַקומען אַן אַנדער זין; מיר האָבן אויפגעהערט צו זיין פרייוויליקע מענשן, פרייוויליקע אַגיטאַטאָרן פון אונזערע אידייען — מיר זיינען געוואָרען אַנטיילנעמער פון אַן אָרגאַניזאַציע, מיט וועלכער מיר האָבן זיך גענויזט רעכענען אין אונזער אַרבעט.

מיטן גרינדן דעם קרייז איז אונזער אַרבעט געוואָרן שטאַרקער, פעסטער, אינטענסיווער.

יעדער מיטגליד פון קרייז האָט געהאַט זיין ספּעציעלע אַרבעט. די אַרבעט פון קרייז וועט ווערן קלערער, ווען איך וועל געבן אַ כאַראַקטעריסטיק פון אַלע אַנטיילנעמער אין דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע.

ביי דער ערשטער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון קרייז זיינען געווען 8 פּערזאָן. 2 פון זיי זיינען באַלד אָפּגעפאַלן, און צו דער צווייטער פאַרזאַמלונג זיינען שוין געווען פאָלגנדע זעקס: ליבין, שמואל ראַבינאָוויטש, וויינבערגער, בוך, יאַאַכים און איך.

* * *

ל י ב י ן. — ליבין שטאַמט פון סלוצק. זיין אידישער נאָמען איז וואָלף, נאָר רופן פלעגט מען אים, ווי אַלע אידישע אינטעליגענטן, אויפ'ן רוסישן שטייגער — וואָלאָדימיר. ער איז אַ זון פון אַ פאַרמעגלאַכן אידן; זיין פאָטער האָט געהאַט אַן אייגן הויז אין סלוצק. אויף וויפיל איך האָב געהערט פון וואָלאָדימיר'ן, איז ער געווען אַ מלוה.

וואָלאָדימיר האָט זיך געלערנט אין סלוצקער גימנאַזיע, אין

װעלכער ס׳האָט זיך שוין אַריינגעכאַפּט די זאַראַזע פון יענער צייט. די סלוצקער גימנאַזיע האָט שוין געהאַט אַ באַשטימטע טראַדיציע אין דער הינזיכט. די גימנאַזיסטן פון דער גימנאַזיע געדענקען דעם באַזוך פון העסיע העלפמאַן, די באַרימטע רעוואָ־לוציאָנערע טוערן פון די 70ער יאָרן. זי איז געװען איינע פון די באַשולדיקטע אין דעם פּראָצעס װעגן דער הריגה פון אַלעק־סאַנדער דעם צווייטן, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 1טן מערץ 1881 יאָר.

מיט׳ן פאָטער האָט װלאַדימיר ניט געלעבט בשלום; ער איז געװען שטאַרק ניט צופרידן מיט׳ן פאָטערס בורזשואַזע געשעפטן און דעריבער אָנגעשטויסן אויף אים. ער האָט פאַרלאָזן סלוצק, ניט געזעגנענדיק זיך מיט זיין פאָטער, און איז געקומען קיין וואַרשע.

איך האָב בייגעוואוינט אַ סצענע, ווען עס איז געקומען אַ שליח פון׳ם אַלטן ליבין צו אונטערהאַנדלען מיט װלאַדימיר׳ן, דעם בן־יחיד, װעגן אַ שלום, נאָר דער זון האָט ניט געוואָלט הערן װעגן שלום: ער וויל זיך ניט באַנוצן מיט קיין שטיצע פון פאָטער און וויל פון אים ניט וויסן.

ליבין איז געקומען קיין װאַרשע מיט רעקאָמענדאַציעס: די דאַמאָלסטיקע רעוואָלוציאָנערע פוילישע קרייזן זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט די רוסישע. ליבין האָט געהאַט אַ שיין פּוטערל, און די פּאָליאַקן פלעגן אים רופן „פּאַן אָביוואַטעל".

דער „פּאַן אָביוואַטעל" האָט זיך גיך „פאַרשאַטן" און האָט שוין פאַרזוכט דעם װאַרשעווער ציטאַדעל, כאָטש ניט אויף לאַנג. ווען ער איז אַרויס פון ציטאַדעל, האָבן מיר געגרינדעט דעם „צענטראַלן קרייז פון שטודירנדער יוגנט".

ליבין איז געווען עלטער פון די אַנדערע מיטגלידער פון קרייז אין יאָרן און אויך אין רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק. ער האָט שוין געהאַט דעם נאָמען פון אַ רעוואָלוציאָנערן טוער, וואָס איז שוין געזעסן.

ליבין איז געווען דער ראש המדברים פון קרייז. קיין ספּעציעלע וואַלן זיינען ניט געווען, ס׳איז אפילו קיין רייד וועגן דעם ניט געווען, נאָר ליבין איז געוואָרן דער פאָרזיצער און דער

פאָרשטייער פון קרייז פאַר דער אויסערלאַכער וועלט „פון זיך אַליין", ווי אַ זאַך, וואָס איז זעלבסטפאַרשטענדלאַך.

אַ קליינער, אַ מאָגערער, אַ באַוועגלאַכער, מיט שאַרפע, קלוגע אויגן, מיט אַ זיכערע שטימע פון אַ מענשן, וואָס קאָן און דאַרף באַפעלן, איז ליבין געווען די אויטאָריטעט פון קרייז. איך קאָן ניט זאָגן, וואָס זאָל מער ווירקן אויף די מיטגלידער פון קרייז: צי זיין מאָראַלע קראַפט, צי זיין גייסטיקער כח, צי זיין ווילן: ער איז געווען מיט זיין גאַנצן וועזן צוגעפּאַסט צו דער פּסיכיק פון די דאַמאָלסטיקע רעוואָלוציאָנערע קרייזן, וועלכע האָט זייער גאַנצע אַרבייט געפירט אונטער די דירעקטיוון פון אויבן.

ליבין איז געווען אַ פייערדיקער רעדנער, אַ גלענצנדיקער דיאַלעקטיקער, כאָטש אַ קנאַפּער טעאָרעטיקער. איך געדענק ניט, למשל, אַז ער זאָל נעמען אַ לעבהאַפטן אָנטייל אין די ספּעציעלע זיצונגען וועגן ריין טעאָרעטישע פראַגן. ער איז געווען מער פּראַקטיקער ווי טעאָרעטיקער, כאָטש אַ גאַנץ אינ־טעליגענטער און אַנטוויקלטער בחור.

ער פלעגט בייקומען זיינע קעגנער אָפט מיט זיין היץ און ברען, אָדער מיט אַ שאַרפער אַטאַקע, פון וועלכער דער קעגנער פלעגט ניט איינמאָל צעטומלט ווערן. צווישן אונז האָט ער קיין שטאַרקע קעגנער ניט געהאַט, און ער האָט געקאָנט וועגן אונזער קרייז זאָגן אין דער אַרט, וואָס לודוויק דער פערצנטער האָט געזאָגט וועגן זיין מלוכה: „דער קרייז איז — ער", און ניט אומזיסט רופט אָן קולטשיצקי אין דער „געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פוילן" אונזער קרייז אונטער'ן נאָמען: „דער קרייז פון ל."

מיט אידן האָט ער קנאַפּ מגע ומשא געהאַט; אים פלעגט ציען צו די אומות־העולם. אגב איז זיין ראָל געווען אַזאַ: דורך אים זיינען געגאַנגען די פאַרבינדונגען פון קרייז מיט דער רעוואָ־לוציאָנערער וועלט. ער איז געווען דער שטאַרקסטער אָפּאָנענט קעגן מיין פּראָיעקט צו גרינדן אָוונט־קורסן פאַר אידישע אַרבע־טער. ער איז אויך געווען קעגן מיין פּראָיעקט צו גרינדן אַ ספּעציעלן קרייז פון אידישע בחורים און מיידלאַך, וואָס זיינען

געווען פאַרנומען אין פאַרשיידענע געשעפטן. דער ערשטער פּראָיעקט איז אַ דאַנק זיין שטאַרקער אָפּאָזיציע דורכגעפאַלן, און דעם צווייטן פּראָיעקט האָט זיך מיר איינגעגעבן אַדורכצופירן מיט גרויס מי.

ליבין איז געווען אַן איבערגעבענער „נאַראָדאָוואָליעץ", און ער איז אַזאַ געבליבן אויף זיין גאַנצן לעבן. ווען ס'האָט זיך געגרינדעט די ס. ר. (סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע) פּאַרטיי, וואָס האָט איבערגענומען דאָס פּראָגראַם פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", איז ער געוואָרן אַ געטרייער מיטגליד פון דער פּאַרטיי.

זיין כלה, רחל, האָט געהאַט אַ צימער מיט אַן ארייננגאַנג גלייך פון קאָרידאָר, אויף מוראַנאָווסקע גאַס, און דאָס צימער איז געווען די שטאַב־קוואַרטיר פון אונזער קרייז.

די אָפיציעלע פאַרזאַמלונגען פון אונזער קרייז, וואו ס'פלעגן אָנגענומען ווערן פאַרשיידענע באַשלוסן וועגן אונזער פּראַקטישער טעטיקייט, פלעגן פאָרקומען ניט אין דעם צימער, נאָר יעדעס מאָל אין אַן אַנדער וואוינונג.

קוריאָזע פאַלן פלעגן מיר האָבן מיט די וואוינונגען אויף די זיצונגען. איך געדענק אַזאַ מין קוריאָזן פאַל. איינער, אונזערער אַ סימפּאַטיקער, וואָס איז געווען אונטער מיין אָנפירונג, האָט מיר פאַרגעלעגט באַנוצן זיך מיט זיין צימער, וואָס איז געווען זייער אַ באַקוועמער אין קאָנספּיראַטיוון זין: ער האָט זיך געפונען אויף אַ הויכן שטאָק, און ער האָט געהאַט אַן ארייננגאַנג גלייך פון די טרעפּ.

אינמיטן זיצונג קלאַפּט עמיצער אָן אין טיר, וועלכע איז געווען פאַרקייטלט פון אינווייניק. פרעג איך: „ווער איז דאָס?" — „וואָס הייסט: ווער איז? ס'איז דאָך מיין צימער! איך וואוין אין אים אין שכנות מיט . . ." און רופט מיר דערביי אָן די פאַמיליע פון אונזער סימפּאַטיקער. איך זאָג אים דורך דער טיר, אַז מען קאָן יעצט ניט ארייננגיין, און די סבה דערפון וועט ער געוואָר ווערן פון זיין שכן. דער סימפּאַטיקער האָט שוין געמוזט אויסקלערן פאַר זיין שכן אויף מיר אַ בלבול, אַז איך האָב זיך אין צימער פאַרקליבן מיט אַ מיידל, און ער האָט מיר

דערלויבט פאַרנעמען דעם צימער אין דער צייט, אין וועלכער יענער קומט קיינמאָל ניט אהיים.

די ניט־אָפיציעלע זיצונגען, אויף וועלכע מיר פלעגן באַהאַנדלען פאַרשיידענע פראגן, פלעגן פאָרקומען אין צימער פון ליבין׳ס כלה. דאָס צימער, און נאָכדעם ליבין׳ס און זיין כלה׳ס וואוינונג אויף די עלעקטאראַלנע גאַס, איז געווען שטענדיק באַזוכט דורך מער פארטרוילאכע פון אונז מענשן.

די אוונטן פלעגן אָפט זיין טומלדיקע, מיר פלעגן זיך פאַרזיצן ביז שפּעט אין דער נאכט און בלייבן ניט איינמאָל דאָרט נעכטיקן. די מיידלאך פלעגן זיך ווי עס איז איינאָרדנען אויף׳ן בעט, און די בחורים אויף דער פּאָדלאָגע, אונטערגעבעט מיט וואָס עס איז.

ליבין איז געווען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג. קיין אַנדערע אינטערעסן האָט ער ניט געהאט, און ער האָט געלעבט נאָר מיט די אינטערעסן פון דער באוועגונג.

אין 1887 יאָר איז דער קרייז אַרעסטירט געוואָרן, און ליבין האָט זיך ווידער באַזעצט אין צענטן פּאַוויליאָן פון וואַרשעווער ציטאַדעל שוין אויף אַ לענגערע צייט. די אויספאָרשונג האָט געדויערט העכער אַ יאָר. די זשאַנדאַרמעריע האָט אָנגענומען ליבינען פאַר דעם הויפּט־פירער פון קרייז, און מען האָט אים פאַר׳משפּט אויף 10 יאָר סיביר.

ליבין מיט זיין ווייב, מיט וועלכער ער האָט געשטעלט אַ חופּה שוין אין געפענגניש, איז, אויף וויפל איך געדענק, אַ גאַנץ יאָר געגאַנגען מיט׳ן עטאַפּ צום אָרט, וואו מען האָט אים פאַרשיקט — אין וויטן מזרח פון סיביר, אין יאַקוטער געגנט.

פון וועג האָט ער געשריבן בריוו צו די פאַרבליבענע מיטגלידער פון אונזער אָרגאַניזאַציע, און מיט גרויס פאַרוואונדערונג האָב איך אין איינעם פון זיינע בריוו געלעזן, אַז ער האָט אין וועג געלעזן אַ בוך פונ׳ם רוסיש־אידישן באוואוסטן פּובליציסט מרגלית: „די פראַגן פון אידישן לעבן״, און האָט דאָס בוך רעקאָמענדירט אונז אדורכצולעזן.

זיין ווייטערדיקער לעבן איז מיר ווייניק געווען באַקאַנט.

איך האָב נאָר געוואוסט, אַז ער איז אַנשטאָט 10 געווען אין סיביר 12 יאָר, פאַר העזה׳דיקער באַנעמונג מיט נאַטשאַלסטוואָ; אַז ער איז נאָכדעם אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד, וואו ער האָט געענדיקט דאָקטאָר־מעדיצין.

נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, ווען עס איז גע־וואָרן אַ ביסל פרייער אין רוסלאַנד, האָט ער באַקומען אַן ער־לויבעניש צו האַלטן אין רוסלאַנד דעם מלוכה־עקזאַמען אויף דאָקטאָר־מעדיצין און ער האָט זיך באַזעצט ערגעץ אין צענ־טראַל־רוסלאַנד אַלס פּראַקטיצירנדער דאָקטאָר.

אין 1915 יאָר בין איך אַרומגעפאָרן פון דער אַזוי גערו־פענער „פּראָפעסאָרישער צייטונג״ אין מאָסקווע: „רוסקיע וויע־דאָמאָסטי״ צו אָרגאַניזירן דעם איינצל־פאַרקויף. אין איינער פון מיינע רייזעס האָב איך באַזוכט ניזשני נאָווגאָראָד. פרייע צייט האָב איך געהאַט גענוג, בין איך אַריין מיט אַ וויזיט צום דר. יעווניַן, וועלכער האָט אַמאָל, פּראַקטיצירנדיק נאָך אין גראָדנע, אָנגעשריבן צוויי אידישע ביכלאַך וועגן היגיענע: „ריינ־לאַכקייט און געזונט״ און „די היגיענע פון חדר״. וועגן אָט די צוויי ביכלאַך האָט דר. יעווניַן מיט מיר קאָרעספּאָנדירט, און ער איז מיט מיר געווען באַקאַנט פון יענער צייט. אַ וואַרימער איד, אַ וואוילער מענש, בין איך אַריין צו אים כאַפּן אַ שמועס.

נאָכ׳ן שמועס האָט ער מיר דורכאויס געבעטן קומען צו אָוונט־ברויט אויף אַ לענגערן געשפּרעך.

ווען איך בין געקומען אין אָוונט, האָב איך ביים דאָקטאָר געטראָפן אַ סך איינגעלאַדענע געסט, אַפּנים ספּעציעל פאַרבע־טענע צוליב דעם געקומענעם גאַסט. ס׳איז באַלד אַוועק אַ לעב־האַפטער געשפּרעך, וועלכער איז גיך אַריבער פון דער מלחמה אויף אידיש, און דער אָוונט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ דיס־קוסיאָנס־אָוונט וועגן אידיש און אידישיזם.

נאָכדעם, אַז מיר האָבן שוין געהאַלטן ביים פאַנאַנדערגיין זיך, זאָגט צו מיר איינער פון די געסט, וואָס האָט דעם גאַנצן אָוונט געשוויגן: „איך האָב אייך גאַנץ אויפמערקזאַם געהערט, און האָב די גאַנצע צייט געקלערט: ווי טשעפּעט מען דאָ אייך צוזאַמען דאָ מיט איינעם אַ דאָקטאָר! איר האָט, זעט אויס,

אויף דער פראַגע די ציין אויפגעגעסן, איז ניט קיין וואונדער, אַז איר האָט אונזער עולם בייגעקומען. איך וואָלט וועלן זען, ווי איר וועט זיך אַן עצה געבן אָט מיט איינעם אַ היגן דאָקטאָר, וועלכער איז אַ קעגנער פון אידיש".

— ווי הייסט דער דאָקטאָר?

— ליבין.

— ליבין? — האָב איך פאַרוואונדערט אויסגערופען. — הייסט ער אפשר ניט וולאַדימיר באָריסאָוויטש? (ליבין'ס טאַטע האָט געהייסן בערל).

— יאַ. איר קאָנט אים?

— איך האָב אים אַמאָל געקאָנט.

— איר וואָלט אים וועלן זען?

— זייער אַגן זייער.

מיר האָבן אָפּגערעדט אויף מאָרגן צו אים גיין. מיר זיינען געקומען נאָכמיטאָג, ווען ביי ליבינען איז געווען אַן אויפנאַמע פון פּאַציענטן. מיין באַגלייטער, אַלס אַ היימישער מענש, איז אריין מיט מיר אין עס־צימער, און ער האָט דער דינסט געהייסן ארויסרופן דעם דאָקטאָר פון קאַבינעט.

דער זעלבער ליבין: אַ קליינינטשקער, מאָגערינטשקער, אַ געגאָלטער. איך האָב אים באַלד דערקענט. אגב, האָב איך דאָך געוואוסט, צו וועמען איך בין גיקעומען.

איך בין אָבער געווען מיט אַ באָרד (ווען מיר האָבן זיך צעשיידט, בין איך געגאַנגען געגאָלט) און אַ גרויל־אַבער, — האָט ער מיך ניט דערקאָנט.

מיין באַגלייטער פרעגט ביי אים:

— איר קאָנט דעם אידן?

— ניין, — ענטפערט ער.

— וולאַדימיר, שוין־זשע דערקענט איר מיך ניט?

— קאַטיק! — האָט ער אויסגערופן. — מיין שטימע האָט ער דערקאָנט.

ס'איז אָנגעקומען זיין פרוי. ער האָט איר געזאָגט:

— גיב נאָר אַ גוטן קוק אויף אים. דו דערקאָנסט אים?

זי האָט אַ שטאַרקן קוק געטאָן אויף מיר, און זי האָט אויסגעשריען:

— דאָס איז דאָך קאַטיק!...

28 יאָר ניט געזען זיך. פון וואָס אָנהויבן? און דאָ ווארטן אויפ'ן דאָקטאָר פּאַציענטקעס (ליבין איז געווען אַ פּרויען־אַרצט). האָבן מיר אַ ביסל אַ שמועס געגעבן, און ס'איז געבליבן, אַז איך קום אויף מאָרגן צו מיטאָג; ער וועט זיך מאַכן פריי פון זיינע פּאַציענטקעס, און מיר וועלן קאָנען ווי געהעריק רעדן.

אויף מאָרגן פרי בין איך אריין אין אַ בלומען־געשעפט און האָב באַשטעלט אַ בוקעט רויזן. צו דער באַשטימטער שעה בין איך מיט'ן בוקעט געקומען צו ליבינען. ווען איך בין אריין מיט מיין בוקעט און אים דערלאַנגט רחל'ען, האָט זי אָנגעהויבן צו שרייען:

— וולאַדימיר, וולאַדימיר! זע, זע, וואָס פון קאַטיק'ן איז געוואָרן... וואָס פאַר אַ בוקעט רויזן ער האָט געבראַכט!"...

ניט קוקנדיק אויף דער, ווי עס האָט אויסגעצוויזן, נעגאַטיווער באַציאונג צו מיין „בורזשואַזן" מנהג, האָט איר דער בוקעט שטאַרק הנאה געטאָן...

מיר האָבן אָפּגעגעסן מיטאָג און אריין אין זאַל, און איך בין נשתומם געוואָרן פון די פיל בליענדע און וואַזאַנעס בלומען, וואָס זיינען דאָרט געווען. מיר האָבען זיך צעזעצט אין גאַנץ באַקוועמע און שיינע מעבל, און ביי אונז איז אַוועק אַ שמועס; מיר האָבן פאַרגעסן וועגן זאַל און וועגן דעם, וואָס אַרום אונז טוט זיך, מיר האָבן זיך דערמאָנט אָן יענע צייטן, ווען מען פלעגט דאָס צעבראָכענע בעטל דאַרפן אונטערשפּאַרן מיט עפּעס, מען זאָל קענען אויף איר שלאָפן.

איך בין דאָרט אָפּגעזעסן ביז'ן סאַמע אָוונט־צוג, וועלכער האָט מיך באַדאַרפט אָפּפירן צוריק קיין מאָסקווע. ווען איך בין אַוועק, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס איז ניט דערזעלבער ליבין, און זיצנדיק אין קוריער־צוג האָב איך געקלערט, אַז די רוימער האָבן געזאָגט אַ ריכטיקן גלייכוואָרט, וועלכער דאַרף אויף אידיש הייסן: „די צייטן בייטן זיך, און מיר מיט זיי".

אין עטלאכע מאָנאטן ארום בין איך ווידער געקומען קיין ניזשני נאָווגאָראָד מיט א ספּעציעלער מיסיע איינצואָרדנען דאָס פאַרקויף פון „רוסקיע וויעדאָמאָסטי“ אויפ'ן וועלט־בארימטן ניזשני נאָוואָגראָדער יריד. דאָס מאָל בין איך אָפּגעזעסן אין ניזשני אַ גאַנצע וואָך, און איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט נעג־טער צוקוקן זיך צו ליבינען אין זיין איצטיקער געשטאַלט.

ער איז אַ פּרויען־דאָקטאָר, און האָט אַ גרויסע פּראַקטיק. זיין גאַנצע פרייע צייט, וואָס בלייבט אים פון דער פּראַקטיק, ווידמעט ער געזעלשאַפטלאכע אַרבעט אין קולטורעליע רוסישע אינסטיטוציעס. ניזשני האָט אַ גרויסע ראַדיקאַלע און סאָציאַ־ליסטישע אינטעליגענץ מיט באַשטימטע טראַדיציעס. די אינ־טעליגענץ האָט געשאַפן פאַרשיידענע קולטורעלע אַנשטאַלטן און צווישן זיי אַ געגוג באַוואוסטע אין רוסלאַנד „בילדונגס געזעל־שאַפט“, וועלכע האָט געפירט אַ גאַנץ לעבעדיקע טעטיקייט אין דער גאַנצער גובערניע. זי האָט געהאַט אייגענע שולן, ביבליאָ־טעקן, קורסן א. א. וו. איינער פון די איבערגעבנסטע טוער פון דער געזעלשאַפט איז געווען ליבין. נאָמינעל איז ער געווען וויצע־פּאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט, פאַקטיש אָבער איז ער געווען דער גאַנצער פירער פון דער אַרבעט.

די געזעלשאַפט האָט באַקומען אַ דערלויבניש פון דער מאַכט אויפצועפענען אויף דעם אַזוי גערופענעם „יריד־פּלאַץ“ זיבן קיאָסקן. אָט די זיבן קיאָסקן האָב איך געוואָלט אויסנוצן פאַר „רוסקיע וויעדאָמאָסטי“. „רוסקיע וויעדאָמאָסטי“ איז געווען אַ צייטונג, צו וועלכער די גאַנצע רוסישע אינטעליגענץ האָט זיך באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ, און ביי מיר איז קיין צווייפל ניט געווען, אַז די געזעלשאַפט וועט זייער גערן אָננעמען מיין פאָר־שלאַג צו פאַרשפּרייטן דאָ די „רוסקיע וויעדאָמאָסטי“. איך האָב זיך דעריבער געווענדעט צו ליבינען, ער זאָל אויפרופן אַ ספּעציעלע זיצונג פון דער קאָמיסיע, וואָס פאַרוואַלטעט מיט די ביבליאָטעקן, קיאָסקן א. א. וו., צו אויסהערן מיין פאָרשלאַג און צו אָננעמען אַ באַשטימטן באַשלוס.

די זיצונג איז פאָרגעקומען. און דאָ האָב איך דערזען דעם זעלבן ליבינען, וואָס איך געדענק פון אַמאָל: דער זעלבער אַרט

ריידן, דער זעלבער אַרט אָפּאָנירן, און דער זעלבער אַרט באַ־האַנדלען זיינע קעגנער. איך האָב זיך נאָר געוואונדערט, ווי אַזוי דערלויבן אינטעליגענטע דערוואַקסענע מענשן אַזאַ מין האַלטונג, נאָר ווען איך האָב זיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט, האָב איך געזען, אַז ליבין איז די נשמה פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, און די אידייאישע באַשיידענע רוסישע אינטעליגענץ איז אים מוחל געווען זיין האַלטונג. ליבין איז געווען פאַר מיין פאָרשלאַג, און ער איז אָנגענומען געוואָרן. מען האָט אָבער באַדאַרפט דעם פאָרשלאַג אַדורכפירן אין לעבן, און ס'זיינען פאָרגעקומען מיט מיר אַ פּאָר זיצונגען.

און דאָ האָב איך געזען, וואָס פאַר אַ פּראַקטישער טוער ער איז. זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען זיינען געבליבן די זעלבע, וואָס אַמאָל: ער איז געבליבן אַ „נאַראָדאָוואָליעץ", לויט איצ־טיקער טערמינאָלאָגיע — אַ ס. ר.'אָוויץ (עס־עראָוועץ). דער רוסישער מוזשיק איז ביי אים געבליבן דער אָפּגאָט, צו וועלכן ער דינט. איך האָב זיך שוין לאַנג, זייער לאַנג אָפּגעזאָגט פון מיין פּלאַטאָנישער ליבע צום רוסישן מוזשיק, און איצט, נאָך מיינע רייזעס איבער רוסלאַנד, האָב איך אָנגעוואָרן דאָס לעצטע ביסל ליבע צום רוסישן מוזשיק, וואָס האָט זיך געטליעט ביי מיר נאָך נאָר פון אַמאָל, ווען איך בין געווען אונטער דעם איינ־פלוס פון דער רוסישער „נאַראָדניטשעסקער" ליטעראַטור. פאַר מיר איז דער רוסישער מוזשיק געוואָרן אַ מוזשיק גלייך מיט אַנדערע — קיין באַזונדערע ליבע האָב איך נישט געפילט צו אים. ליבין אָבער האָט נאָך אַלץ זיין גאַנצע אַרבעט געווידמעט דעם רוסישן מוזשיק.

איך האָב דאַמאָלסט געפּלאַנט וועגן אַ גרויסן רוסישן פּאָפּו־לער־וויסנשאַפטלאַכן פאַרלאַג. אַ דאַנק מיין אַרבעט אין „רוסקיע וויעדאָמאָסטי" האָב איך געהאַפּט מיין גאַנצן פּלאַן צו פאַרווירק־לאַכן, נאָר די, מיט וועלכע איך האָב אונטערהאַנדלט, האָב איך געשטעלט אַ תנאי, אַז מען זאָל מיר געבן די מעגלאַכקייט אַרויס־געבן אין אידישן די זעלבע ביכער, וואָס דער פאַרלאַג וועט אַרויס־געבן אין רוסישן.

איך האָב געוואָלט צו דעם פּלאַן צוציען ליבינ'ען, און דורך

אים די ניזשני נאָווגאָראַדער אינטעליגענץ. ליבין האָט מאָדנע געקוקט אויף מיין ליבע צו „זשאַרגאָן".

— צו וואָס דאַרף איך דאָס?

— סטייטש, ס'איז דאָך דאָ אידישע אַרבעטער, און מען דאַרף אַ קלער טאָן אויך וועגן זיי!

איז ער געבליבן דערזעלבער אפּיקורס אין אידישן אַרבעטער, ווי ער איז געווען אין די 80־ער יאָרן.

— סטייטש, ס'איז דאָך דאָ אַ אידישע אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס שפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד!

— דאָס איז אַלץ איבערגייענדע זאַכן. דער עיקר, דער עיקר איז אָבער דער רוסישער מוזשיק... ווייל דער אידישער אַרבעטער־קלאַס עפּעס שאַפן פאַר זיך, דאַרף ער העלפן פאַרווירקלאַכן די אידעאַלן פון רוסישן מוזשיק...

איך האָב געזען, אַז איך'ל גאָרניט מאַכן מיט אַן איינגעוואָרצלט געפיל, האָב איך גע'פּועל'ט, אַז ער זאָל מיר צוזאָגן זיינעם אַ פּאַי אויף 1,000 רובל; ער האָט מיר צוגעזאָגט, נאָר מיט איין תנאי, אַז איך זאָל אים באַהילפיק זיין דורך דעם אַפּאַראַט פון „רוסקיע וויעדאָמאָסטי", ביים פאַרשפּרייטן זיין ציימונג, וואָס ער וויל איצט גרינדן ספּעציעל פאַר'ן רוסישן פּויער. די טעמעס, די שפּראַך דאַרף זיין צוגעפּאַסט צום רוסישן מוזשיק.

וואָס ס'וואָלט געוואָרן פון אונזערע פּלענער, ווייס איך ניט, ווייל די רוסישע רעוואָלוציע פון 1917 יאָר האָט איבערגעדרייט אַלץ מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף.

פון דער אידישער געזעלשאַפט איז ליבין געווען לחלוטין פרעמד; ער האָט זיך מיט איר פּשוט ניט אינטערעסירט. אין דער ערשטער רעוואָלוציע, אין 1905 יאָר, איז ליבין אַ סך אַרויסגעטראָטן אויף פאַרשיידענע מיטינגען מיט שאַרפע רעדעס. אין שטאָט האָט מען גערעדט וועגן אַ פּאָגראָם; די אידישע כלל־טוערס האָבן מורא געהאַט, אַז ליבין'ס אָפענע אַרויסטרעטונגען זאָלן ניט פאַרערגערן די שטימונג, האָבן זיי זיך געווענדעט צו אים מיט אַ בקשה אָפּצוהאַלטן זיך פון זיינע אַרויסטרעטונגען, ווייל ס'קאָן פאַרגאָסן ווערן אַ סך אידיש בלוט. ער האָט זיי געענטפערט,

אַז אים איז אַלץ איינס, דורך וועלכן בלוט ער וועט גיין צו דער רעוואָלוציע.

אין 1917 יאָר, נאָך דער רוסישער מערץ־רעוואָלוציע, האָט זיך אין ניזשני־נאָוואָגאָראָד, ווי אין אַלע שטעט, געגרינדעט אַן אַרבעטער־ראַט, וועלכער איז געווען געשטימט גאַנץ עקסטרעם, און דער פאָרזיצער פון דעם ראַט, ווי איך האָב געהערט, איז געווען ליבין.

נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ווען די באָלשעוויקעס האָבן פאַרכאַפּט אין רוסלאַנד די מאַכט, האָט ליבין, אַלס רעכטער ס. ר.־אָוועץ געמוזט, לויט פאַרשיידענע קלאַנגען, אַנטלויפן פון ניזשני; אויף ווי ווייט די קלאַנגען זיינען ריכטיק, ווייס איך ניט.

שמואל ראַבינאָוויטש. ביי אונז האָט מען אים גערופן סאַמואיל. ער איז אַ זון פון שאול פנחס ראַבינאָוויטש (שפ"ר). דער פאָטער, דער העברייאישער שרייבער, איז געווען אַ באַוואוסטער חובב־ציוניק, און דער זון—אַ „נאַראָדאָוואָליעץ".

סאַמואיל האָט געלערנט אין דער צווייטער גימנאַזיע מיט 2 קלאַסן העכער פון מיר. ער איז געווען פייאיקער, טיפער פון ליבינ'ען, מיט אַ גרויסער נטיה צו טעאָרעטישע פראַגן. אַ געלאַסענער, אַ רואיקער, האָט ער געהערט צו די, וואָס האָבן זייער אייגענע מיינונג אויסגעאַרבעט דורך זעלבסטשטענדיקן דענקען.

נאָך פאַר'ן גרינדן דעם רעוואָלוציאָנערן קרייז האָט שוין ראַבינאָוויטש געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און ער איז גוט געווען באַקאַנט מיט דעם פּראָגראַם פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". דאָס פּראָגראַם, וואָס מיר האָבן אָנגענומען אין אונזער קרייז, האָט ער אויסגעאַרבעט צוזאַמען מיט ליבינ'ען. וועמענס הויפּט־אַרבעט איז עס געווען, ליבינ'ס צו ראַבינאָוויטש'עס, ווייס איך ניט, נאָר איך בין משער, אַז ראַבינאָוויטש האָט געמוזט אָנוואַרפן, און נאָכדעם מיט ליבינ'ען עס דורכקוקן.

איך געדענק, אַז ער האָט איינמאָל אויף אונזערער אַ זיצונג געבראַכט מיט זיך אַ גאַנצן בינטל נאָטיצן פונ'ם בוך פון באַוואוסטן רוסישן עקאָנאָמיסט, וועלכער פלעגט זיך אונטערשרייבן:

וו. וו. (וועליאַמינאָוו וואָראָנצאָוו). דאָס בוך האָט געהייסן „דער גורל פון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד".

דאָס בוך פון וו. וו. איז געווען אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג פון דער „נאַראָדניטשעסקע" באַוועגונג. ראַבינאָוויטש האָט דאָס בוך אַדורכגעשטודירט, כדי פאַרפעסטיקן זיינע אייגענע מיינונגען, און נאָכדעם האָט ער געפונען פאַר נויטיק אונז צו באַקאַנען מיט די אינטערעסאַנטסטע פאַקטן און ציפערן.

ער האָט אויך אַרויסגערוקט די נויטיקייט צו באַקענען זיך נענטער מיט דעם באַרימטן בוך פון לאַווראָוו'ן: „היסטאָרישע בריוו". לאַווראָוו איז אַמאָל געווען פּראָפעסאָר אין פּעטערבורגער אַרטילעריע־אַקאַדעמיע און נאָכדעם פּאָליטישער עמיגראַנט. ער האָט געוואוינט אין פּאַריז, און ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון די „נאַראָדאָוואָלטשעסקע" אויסגאַבן.

לאַווראָוו האָט געשאַפן אַ סאָציאָלאָגישע טעאָריע, לויט וועלכער די געשיכטע איז אָפּהענגיק פון מענטשן, פון קריטיש־דענקענדע פּערזאָנען.

איך געדענק, אַז איך האָב איינמאָל מיט ראַבינאָוויטש'ן לאַנג וועגן דעם גערעדט, און מיר זיינען געקומען דערצו, אַז די פראַגע מוז אין קרייז אַוועקגעשטעלט ווערן גאַנץ ברייט. נאָר באַהאַנדלען די פראַגע האָט דער קרייז דאַמאָלסט קיין צייט ניט געהאַט, און לאַווראָוו מיט זיין טעאָריע איז גאָר צום טאָג־אָרדנונג ניט געקומען. אַנשטאָט דעם האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט דעם שטודירן אַן אומלעגאַלע, דאַמאָלסט אַ גאַנץ באַוואוסטע בראָשור, וועלכע האָט אָנגעשריבן דער שפּעטער באַוואוּסטער רוסישער שרייבער טאַן־באָגאָראַז.

טאַנ'ס בראָשור האָט באַהאַנדלט די פראַגע, וועלכער קלאַס פון רוסישן פאָלק איז מסוגל אַרויסצורופן אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און די ראָל פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי ביים פאַרכאַפּן די מאַכט.

איך בין זיך מודה ומתודה, אַז די בראָשור האָט פאַר מיר פאַרגעשטעלט אַ קנאַפּן אינטערעס, אין דער זעלבער צייט, ווען די פראַגן, וואָס זיינען אַרויסגערופן געוואָרן דורך לאַווראָוו'ס ביכל, זיינען געווען פאַר מיר זייער אַנציענד.

איך בין שפּעטער געקומען צו נענטערן באַקאַנען זיך מיט לאַווראָוו'ס טעאָריע. איך האָב זיך באַקאַנט מיט דער מאַרקסיס־טישער טעאָריע, וואָס גיט אַן אַנדער סאָציאָלאָגישע אויפפאַסונג פון דער געשיכטע.

צוויי סאָציאָלאָגישע טעאָריעס: איינע, דער אַזוי גערופענער סוביעקטיווער מעטאָד פון סאָציאָלאָגיע, די שאַפערס פון וועלכע ס'זיינען געווען לאַווראָוו און נ. מיכיילאָווסקי; און די צווייטע, דער אָביעקטיווער מעטאָד, דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם, וואָס האָט געשאַפן קאַרל מאַרקס.

איך בין געוואָרן אַן אָנהענגער פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע, וועלכע זאָגט, אַז די געשיכטע שאַפן ניט באַזונדערע מענטשן, העלדן, ווי ס'רופט זיי אָן מיכיילאָווסקי, נאָר זי איז אַ רעזולטאַט פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. באַקענענדיק זיך מיט דער טעאָריע, האָב איך זיך שוין געמוזט באַקאַנען מיט דער קענג־זעצלאַכער טעאָריע.

נאָר דאָס האָב איך שוין געמאַכט אויף אייגענע אחריות אויסערן קרייז, אין וועלכן, נאָך ראַבינאָוויטש'עס אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד, איז שוין ניט געווען קיינער, וואָס זאָל די פראַגן פעסט אַרויסשטעלן.

ווען ראַבינאָוויטש איז אַריינגעטראָטן אין קרייז, האָט ער זיך געקליבן אַרויסצוטרעטן פון גימנאַזיע (ער איז דאַן געווען אין 7טן קלאַס), און אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד שטודירן אין אַן אוניווערסיטעט. אין גימנאַזיע איז ער געווען קאָמפּראָמיטירט און דער דירעקטאָר האָט געקוקט אויף אים מיט אַ חשד.

אין עטלאַכע מאָנאַטן אַרום נאָכן גרינדן דעם קרייז, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד. פון אָנהויב פלעגט מען קריגן פון אים בריוו. און נאָכהער איז ער פאַרשווינגן געוואָרן. אומגעפער אין 6 חדשים אַרום קריגן מיר פון אים מיט אַמאָל אַ בריוו, אין וועלכן ער דערציילט, אַז צווישן די אידישע סטודענטן פון דער שווייץ האָט זיך געגרינדעט אַ קרייז צו שאַפן ליטעראַטור אין אידישן וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג, און דאָס ערשטע ביכל זאָל זיין: „די לאַגע פון אַרבעטער אין דער אַמאָליקער פאָלקס־

טינע". ער פרעגט ביי אונז אָן, וויפיל עקזעמפּליאַרן קאָנען מיר זיך אונטערנעמען צו פאַרשפּרייטן.

אונז האָט מאָדנע אויסגעקוקט די טעמע, וואָס עס האָבן אויס־געקליבן די אידישע סטודענטן אין שווייץ פאַר'ן ערשטן ביכל. אגב זיינען מיר געווען זייער ווייט פון אידיש; איז די גאַנצע פראַגע ניט באַטראַכט געוואָרן אין קרייז.

דער בריוו איז אָנגעקומען אויף ליבינ'ס אדרעס; ער האָט דורכגעלעזן פאַר די מיטגלידער פון קרייז, וואָס זיינען דאַ־מאָלסט גראַד ביי אים געווען. ס'איז געבליבן, אַז ס'איז ניטאָ וועגן וואָס צו ריידן. אין דעם זין האָט מען געוויס געמוזט ענט־פערן אויף ראַבינאָוויטש'עס בריוו.

ראַבינאָוויטש איז ווידער פאַרשווינדן געוואָרן. אין אַ צייט שפּעטער, ווען דאָס רוב מיטגלידער פון קרייז זיינען שוין געווען אַרעסטירט, ווער איך געוואָר, אַז ראַבינאָוויטשן האָט מען אַרעס־טירט אויפ'ן קאָוונער וואָקזאַל; מען האָט אים געכאַפּט נאָכדעם, ווי ער האָט געבראַכט אַ טראַנספּאָרט אומלעגאַלע ביכלאַך. קיין גענויערע ידיעות וועגן דעם האָב איך נישט געהאַט. ערשט, מיט יאָרן שפּעטער, בין איך געוואָר געוואָרן, וואָס פאַר אַ ביכער זיינען דאָס געווען, און ווי קומט ראַבינאָוויטש צו דעם טראַנס־פּאָרט.

אין 1903טן יאָר האָב איך אָנגעהויבן צו קלייבן מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג ביי אידן. איך האָב זיך בריוולאַך געווענדעט צו די אַלע, וואָס האָבן מיר גע־קאָנט געבן וועלכן ס'איז מאַטעריאַל. איך האָב זיך אויך גע־ווענדעט צו ראַבינאָוויטשן. מיך האָט איבערהויפּט אינטערע־סירט, ווי איז אויפגעשוואומען שוין אין די 80ער יאָרן דער געדאַנק צו שאַפן אומלעגאַלע ביכלאַך פאַר אידישע אַרבעטער, דאָס פאַרווירקלאַכן פון דעם פּלאַן און ראַבינאָוויטשס אָנטייל אין דעם.

אויף מיין ווענדונג האָב איך גיך באַקומען אַ תשובה.

אין זיין בריוו שרייבט נישט ראַבינאָוויטש, ווי איז ער גע־קומען צו דעם געדאַנק אַרויסצוגעבן אידישע ביכלאַך. ער שרייבט נאָר וועגן די פּראָבן, וואָס ער האָט געמאַכט, כדי צו פאַר־

ווירקלאַכן דעם פּלאַן ארויסצוגעבן ביכלאַך אין אידיש פאַר אידי־שע ארבעטער.

קודם כל האָט זיך ראבינאָוויטש געווענדעט צו מענדעל־סאָנען, דעם זון פון ווארשעווער אידישן באנקיר, איינעם פון די שאפערם פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין פּוילן און שפּעטערדיגער (אין יאָר 1913) חוזר־בתשובה׳ניק און רעדאַק־טאָר פון אַ אידיש־פּוילישער צייטונג אין ווארשע „פּזשעגלאָנד צאָדזיעננע". ער האָט זיך אויך געווענדעט צום נאָנטן חבר פון מענדעלסאָנען, דאשינסקי, דער אָנפירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּארטיי. די פּוילישע סאָציאַליסטישע אָרגאַ־ניזאציע האָט שוין דאמאָלס געהאַט אין זשענעווע אַן אייגענע דרוקעריי; און ראבינאָוויטש האָט זיך געווענדעט צו מענדעל־סאָנען און דאשינסקין, אז זיי זאָלן אים איינשאפן אידישע שריפט.

מענדעלסאָן און דאשינסקי האָבן נישט אָפּאָנירט קעגן ראַ־בינאָוויטשם פּאָרשלאַג; אָפּזאָגן האָבן זיי נישט געקאָנט, נאָר אָנגענומען אזא „משונה׳דיקן" פּלאַן, ווי דרוקן ביכלאַך אין „זשארגאָן", איז פּסיכאָלאָגיש פאַר זיי געווען נאָך ווייניקער מעגליך.

ראבינאָוויטש איז אָנגעקומען צו לאַווראָוון אַלס זיין פּער־זענלאַכער סעקרעטאר. ער האָט זיך געווענדעט צו לאַווראָוון מיט דעם זעלבן פּאָרשלאַג: שאפן אידישע שריפט ביי דער דרוקעריי, וואָס עס האָט געהאַט אין פּאריז די פּארטיי „נאַראָד־נאיא וואָליא". און דאָ האָט ער אויך נישט באַקומען נישט קיין צוזאָג און נישט קיין אָפּזאָג.

לאַנג האָט זיך ראבינאָוויטש ארומגעטראָגן מיט זיין פּלאַן, אונטערהאנדלט מיט פאַרשידענע פּערזאָנען און ער האָט סוף כל סוף דערזען, אז זיין טרחה איז גאַנץ אומזיסט.

אין לאָנדאָן איז שוין דאמאָלס ארויסגעגאנגען אַ אידישע צייטונג, „דער ארבייטער פריינד"; און ראבינאָוויטש פאָרט אַוועק קיין לאָנדאָן און אונטערהאנדלט מיט דער דרוקעריי פון „דער ארבייטער פריינד". דאָ האָבן זיינע אונטערהאַנדלונגען זיך געענדיקט בשלום, און ער האָט אָפּגעדרוקט זיין איבערזעצונג

פון דיקשטיינס ביכל, „ווער פון וואָס לעבט?" אין ביכל פון דעם פרי־פאַרשטאָרבענעם פוילישן סאָציאַליסט, דיקשטיין (אַ איד), וועלכער פלעגט שרייבן אונטער דעם פּסעוודאָנים „מלאָט", איז אין אַ זייער פּאָפּולערער פאָרם אַרויסגעגעבן געוואָרן דער אַלעף בייס פון סאָציאַליסטישן געדאַנק. דאָס ביכל האָט געהאַט אַ גרויסן ערפאָלג אין אָריגינאַל (אין פוילישן); עס איז אויך איבערזעצט געוואָרן אויף רוסיש; און ראַבינאָוויטש האָט גע־פונען פאַר נויטיק דאָס דאָזיקע פּאָפּולערע ביכל אַרויסצוגעבן פאַר די אידישע אַרבעטער אין אידיש.

דאָס אָפּגעדרוקטע ביכל האָט ער אַליין טראַנספּאָרטירט קיין רוסלאַנד.

פאַר זיין אויפטו האָט ער באַצאָלט מיט צען יאָר סיביר.

געקומען צוריק פון סיביר אַן אויסגעמאַטערטער, אַ האַלב קראַנקער (ער איז אין די יונגע יאָרן אויך נישט געווען קיין גבור), באַזעצט זיך אין פּינסק, אָנגעקומען אויף אַ שטעלע אין אַזאָוו־דאָנער באַנק און האָט רואיק געלעבט דאָרט מיט זיין פאַמיליע.

מיין בריוו האָט אים זייער דערפרייט אַלס אַן אָפּקלאַנג פון די גוטע, יונגע יאָרן; און דאָס איז געווען קענטיק פון גאַנצן טאָן פון זיין בריוו.

זומער, אין יאָר 1905, האָט מען מיך אין מינסק אַרעס־טירט. דער זשאַנדאַרמסקי פּאָלקאָווניק, כריפּאָוו, האָט געוואָלט מאַכן אַ גרויסן פּראָצעס פון מיין אַרעסט.

ביי מיר האָט מען געפונען אַ סך מאַנוסקריפּטן און גע־דרוקטע מאַטעריאַלן וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג.

ווען איך בין געקומען צו דער אויספאָרשונג, האָט מיר כריפּאָוו געמאָלדן, אַז ער האָט אַ סך מאַטעריאַל, וואָס באַשול־דיקט מיך — דאָס זיינען מיינע מאַנוסקריפּטן.

די מאַנוסקריפּטן מיינע זיינען אָבער געווען פאַר אַ צייַ־טונג, וואָס איז ערשינען אין פּעטערבורג לעגאַל, און פאַר דעם פּע־טערבורגער פאַרלאַג „לוטש", וואָס האָט עקזיסטירט אין פּעטער־בורג, אויך לעגאַל. קאָן איך, האָב איך גע'טענה'ט, נישט זיין באַשולדיקט פאַר אַזעלכע זאַכן, וואָס גייען צו דער קאָנטראָל פון

דער רעגירונג, און וואָס ווערן געדרוקט נאָר דאַמאָלס, ווען די רעגירונג דערלויבט.

— יאָ, האָט דארויף געענטפערט דער זשאַנדאַרמסקי פּאָל־קאָווניק, — איך האָב אָבער אין מיינע הענט אַזאַ דאָקומענט, וואָס באַשולדיקט אייך זייער שטאַרק.

איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס איז ראַבינאָוויטש׳ס בריף, און האָב געזאָגט: דער דאָקומענט קאָן שוין זיין באַלד געדרוקט אין „רוסקאַיאַ סטאַרינאַ“.

לויט די דאַמאָלסדיקע רוסישע געזעצן, קאָנען פאַקטן, וואָס זיינען נישט דערלויבט צו פאַרעפּנטלאַכן, פאַרעפּנטלאַכט ווערן אין זשורנאַל„ רוסקאַיאַ סטאַרינאַ“ (רוסישע אַלטערטימ־לאַכקייט) אין 25 יאָר נאָך זייער געשעען.

—אָבער דער דאָקומענט ווייזט בולט אייער פּאָליטישע פיזיאָנאָמיע: אַזאַ גוטער פריינט פון לאַווראָווס געוועזענעם סעקרעטאַר, פון אַ מענטשן, וואָס האָט געהאַט אַזעלכע נאָנטע באַציאונגען מיט באַרימטע רעוואָלוציאָנערן...

מער האָב איך שוין וועגן דעם ענין מורא געהאַט צו רעדן. איך האָב נישט געוואָלט, אַז ראַבינאָוויטש זאָל צופיל ווערן אריינגעצויגן אין דעם פּראָצעס.

קומענדיק אין קאַמער, האָב איך זיך נישט געקאָנט באַ־רואיקן פון דער מעשה מיט ראַבינאָוויטשס בריוו: עס פעלט נאָך מער נישט, מען זאָל ראַבינאָוויטשן אַרעסטירן, און ער זאָל דערוויייל, ביז וואָס־ווען, אָפּזיצן אפשר אביסל צייט, און צוליב דעם, וואָס מיר האָט זיך פאַרגלוסט צו קלייבן מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

איך האָב באַלד דורכ׳׳ן שומר, דורך וועלכן מיר פלעגן שיקן צעטעלאַך אין דרויסן, מודיע געווען וועגן דער מעשה איי־נעם אַן אָנגעשטעלטן פון דער מינסקער אָפּטיילונג פון אַזאָוו־דאָנער באַנק, אויך אַ געוועזענעם „נאַראָדאָוואָלעץ“, וואָס איז זיין צייט אָפּגעזעסן אין סיביר און איז איצט געוואָרן אַ רואי־קער בירגער; ער איז געווען ראַבינאָוויטשס אַ גוטער באַקאַנ־טער, און איך האָב אים געבעטן תיכף ומיד געבן צו וויסן ראַבי־נאָוויטשן.

מיין שרעק איז אָבער געווען אַן איבריקע. די צייט איז שוין געווען פאַר די אָקטאָבער־טעג, פאַר דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, און די רעגירונג איז געווען פאַרנומען מיט וויכטי־קערע ענינים, ווי אויפזוכן אַלטע חטאים.

אזוי האָב איך זיך ווידער צוזאַמענגעטראָפן, דערווייל בריוו־לאַך, מיט ראַבינאָוויטשן. נאָר מיר איז באַשערט געווען צו טרעפן זיך מיט אים פערזענלאַך.

אין יאָר 1914, איידער ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קריג, בין איך געווען אין פינסק, אַלס אַגענט פון דער אידישער געשעפטע, וואָס דער רוסישער פאַרלאַג „מיר" האָט אַרויסגעגעבן אין מאָסקווע. איך קום אין שטאָט, פאַרפאָר אין האָטעל און גיי באַלד זוכן ראַבינאָוויטשן.

צוזאַמען זיך געטראָפן אין די יונגע יאָרן, ווי חלומ'ער פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ; צוזאַמענגעלעבט אין דעם פעריאָד פון אונזער לעבן, ווען מיר האָבן קיין אַנדערע אינטערעסן נישט געהאַט, ווי נאָר אונזערע אידייען... 27 יאָר איז שוין פון יענער צייט פאַריבער!... 27 יאָר נישט געזען זיך!... די אידייען, מיט וועלכע מיר זיינען דאַמאָלס באַגייסטערט געווען, האָבן שוין אָנגעוואָרן דעם חן און דעם גלאַנץ, וואָס זיי האָבן געהאַט ; די אידייען־ריכטונגען, וואָס זיינען דאַמאָלס געווען אַזוי מעכטיק אין לעבן, זיינען שוין יעצט נישטאָ. אויף זייער אָרט זיינען אויפגעשטאַנען נייע אידייען, נייע ריכטונגען, וועלכע רופן זיך און זיינען אויך רעוואָלוציאָנער... נייע פּראָגראַמען, אַ נייע טאַקטיק... ס'זיינען אויסגעוואַקסן נייע דורות מיט אַן אַנדער פסיכיק, ווי אונזער דור, מיט אַן אַנדערער וועלט־אויפפאַסונג... נייע פויגל — נייע לידער... און דאָך זיינען די נייע דורות די יורשים, די נאָכפאָלגער פון אונזער דור...

און וואָס פאַר אַן אָרט און שטעלע פאַרנעמען מיר, איינצעלנע מענטשן פון יענעם דור, אין די רייען פון די נייע דורות ? איך האָב שוין מיין אָרט קלאָר און פעסט זיך געשטעלט, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די אַלטע פסיכיק פונ'ם אַמאָליקן אי־

דישן רוסיפיצירטן אינטעליגענט, האָט נאָך פון צייט צו צייט זיך געלאָזט פילן.

און ראַבינאָוויטש, דער צווייטער מענטש פון זעלבן דור?... וואָס איז מיט אים? ווי איז זיין נייע שטעלונג? האָט ער געפונען זיין אָרט צווישן די נייע דורות?

און פּערזענלאַך — איך האָב שוין אַ ווייב מיט פינף קינדערלאַך, און ער האָט אויך אַ ווייב, אַן אַלטע גוטע באַקאַנטע פון אונזער אַמאָליקן קרייז, און קינדערלאַך האָט ער, ווייס איך אויך. נאָר ווי לעבט זיך אים, ווי האָט ער דורכגעמאַכט אָט די לאַנגע יאָרן?...

אָט די אַלע רעיונות האָבן זיך געדרייט ביי מיר אין קאָפּ, ווען איך בין געגאַנגען זוכן ראַבינאָוויטשן. אין באַנק האָב איך נישט געוואָלט גיין, די פרעמדע סביבה זאָל נישט פאַרשטערן אונזער ערשטע באַגעגעניש; איך בין געוואר געוואָרן זיין פּריוואַטן אַדרעס, און איך בין געקומען צו אים אַזייגער דריי, ווען ער דאַרף קומען פון באַנק אַהיים מיטאָגן. די טיר האָט מיר געעפנט שוין אַ היבש גימנאַזיסטל — זעט אויס, מיין חבר'ס אַ זון.

— דער פאָטער איז נאָך ניטאָ, — זאָגט ער צו מיר, נאָר ער דאַרף באַלד אָנקומען.

— איך וועל וואַרטן.

דאָס גימנאַזיסטל בעט מיך אַריין אין אַ צימער, גאַנץ באַשיידן מעבלירט. ס'רוקט זיך אַרויס אין טיר אַ קאָפּ פון אַ פרויען־צימער, דערקענט מיך נישט און זאָגט, אַז דער מאַן וועט באַלד קומען.

איך האָב ביז ראַבינאָוויטש'עס קומען ניט געוואָלט מיין אינקאָגניטאָ אַנטדעקן, כאָטש מיר האָט זיך זייער געוואָלט מיט פרייד באַגריסן סאַמואיל'ס ווייב, וואָס איז געווען אַזאַ וואויל מיידל, ווען זי איז זיין כלה געווען, נאָר איך האָב באַשלאָסן „אַנטדעקן זיך" ווען סאַמואיל וועט קומען.

גיך האָב איך דורכ'ן פענסטער באַמערקט אים גייענדיק: דער זעלבער סאַמואיל, מיט זיין לענגלאַך געזיכט, מיט'ן בלאָנד

בערדל, מיט'ן האַרבל אויף דער רעכטער באַקע, מיט זיין גע־לאַסענעם רואיקן גאַנג.

דאָס האַרץ האָט אין מיר אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן, און איך האָב זיך געמוזט אָנשטרענגען, אַז איך זאָל קאָנען אויסערלאַך רואיק אים באַגעגענען, און מיט אַ רואיקן טאָן זאָגן: „איך בין אַן אַלטער באַקאַנטער"... ער האָט מיר באַלד דערקענט... די באַ־געגעניש איז געווען אַזאַ ראַשיקע, אַז די פרוי איז געקומען צו לויפן פון קיך... און ווידער אַ טומל...

איך בין אַוועק פון ראַבינאָוויטש'ן אין האָטעל שלאָפן אַזייגער איינס ביינאַכט. אַכט, ניין שעה בין איך אָפּגעזעסן אין זייער באַשיידענער דירה'לע, און ניט געפילט, ווי די צייט איז אַוועק... מיר זאַלבעדריט זייען געווען אַריינגעטיפט אין אונזערע איבער־לעבונגען פון דער גאַנצער צייט, און מיר האָבן פאַרגעסן אָן דער גאַנצער וועלט...

איינס האָט אונז געשטערט. סאַמואיל'ס ווייב, פאַניע, האָט פּרינציפּיעל ניט געהאַלטן פון קיין דינסט. דער מאַן און די קינ־דער (איין זון איז שוין געווען אַ חתן־בחור און איז געווען אויף אַ שטעלע אינ'ם זעלבען באַנק, וואָס דער פאָטער) האָבן איר גע־האָלפן אין איר אַרבעט: זיי פלעגן האַקן האָלץ, שטעלן דעם סאַמאָוואַר, גיין אין מאַרק מיט איר העלפן איר שלעפּן די פּעק־לאַך, נאָר ניט אַלע אַרבעטן האָבן זיי געקאָנט טאָן. ווען ס'פלעגן זיין געסט, פלעגט פאַניע זיך מוזן אָפּט אָפּרייסן פון טיש, און דאָס איז געווען פאַר די געסט איבערהויפּט זייער ניט אָנגענעם.

דאָס מאָל האָט זי געבעטן איר זון, אַ שילער פון 6טן קלאַס, ער זאָל איר אין גאַנצן פאַרטרעטן לכבוד דעם גאַסט; דאָך האָט ער ניט געקאָנט אין אַלעמען איר פאַרטרעטן, און ווען זי פלעגט זיך דאַרפן אָפּרייסן פון טיש, פלעגט זי יעדן מאָל זאָגן, ווענדענ־דיק זיך צו אונז ביידע: „וואַרט, וואַרט, ביז איך וועל קומען!" הייסט דאָס, אַז מיר זאָלן גאָרניט דערציילן, ביז זי וועט זיך צור־ריקקערן.

איך האָב אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג, אַז עס איז אַ קנאַפּער תכלית פאַר איר, דער ווייב פון דעם פּראָקורענט פון אַזאָוו־דאָנער באַנק, אַזוי צו לעבן, און מיינע ווערטער האָט שטאַרק אונטער־

שטיצט איר מאַן, נאָר זי האָט געענטפערט: „איך ווייס, אז עס איז זייער ניט באקוועם, נאָר כ'קאָן אנדערש ניט מאַכן; איך קאָן זיך ניט באנוצן מיט קיין פרעמדע ארבעט, ווען כ'קאָן אליין אר־בעטן — אזוי בין איך געזאָגנען פון די יונגע יאָרן אָן, און אזוי וועל איך שוין בלייבן ביז'ן טויט."

און דער מאַן. ער איז געבליבן ביי זיין ברייטן קוק אויפ'ן לעבן, מיט א קוק גיכער פון א געלערנטן, ווי פון א פּאָליטישן טוער.

געקומען איז ער פון סיביר אַן אויסגעמאַטערטער, און ער האָט זיך געוואָלט אויסרוען. ער האָט אָבער געהאַט א שם פון א מענטשן מיט א גרויסער פארגאַנגענהייט, און דאָס יונגוואַרג האָט אים ניט געלאָזן רוען. מען פלעגט קומען צו אים גיכער ווי צו א רבי'ן, צו וועלכן מען קומט הערן תורה, ווי צו אַן אָנפירער, צו וועלכן מען קומט נאָך דירעקטיוון.

שווער איז געווען סאַמואיל'ן די פארשטענדיקונג מיט דעם נייעם דור. אָט איז געקומען די רוסישע רעוואָלוציע, און עס האָבן זיך געעפנט אזעלכע מעגלאַכקייטן פון עפענטלאַכער ארבעט; ער האָט דערלעבט צו דעם, וועגן וואָס ער האָט גע'חלומ'ט, נאָך זייענ־דיק יונג: אַן אָפענע טריבונע, פון וועלכער מען קאָן פראַנק און פריי ריידן.

נאָר אָט האָבן „די לינקע" באשלאָסן צו באָיקאָטירן די דומע. ער האָט ניט געקאָנט פארשטיין, ווי זאָגט מען זיך אָפּ פון אזא גלענצענדע געלעגנהייט אויסצונוצן די וואַלן; ס'האָט אבער גאָר־ניט געהאָלפן. ניט פון אים איז עס געווען אָפּהענגיק, און ניט פון זיינע נאָענטע אין פינסק: דאָס איז געווען אַן אַלגעמיינער באשלוס.

אין אים האָט זיך אויפגעוועקט די פארשטיקטע דורך דער צייט און טיף־פארבאָרגענע געפילן פון א גרויסן כלל־טוער. ער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן, און איז אוועק מיט זיין גאַנצן ברען אגיטירן פאר'ן קאַדעטישן צעטל.

דאָס האָט קאַליע געמאַכט די באציאונגען צווישן אים און די לינקע. דאָך האָט מען ניט אויפגעהערט פערזענלאַך אים צו באַזוכן.

אין איינעם פון מיינע באַזוכן ביי אים האָב איך זיך גע־

טראַפן מיט דעם טאָן־געבער פון דער ס. ר.׳ישער פּאַרטיי אין פינסק, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער שטאָט בשעת דער ערשטער רעוואָלוציע.

מיר זיינען זאַלבעגאַנד אוועק פון סאַמואיל׳ן. מיר איז גע־ווען אינטערעסאַנט אויסצוהערן זיין מיינונג וועגן מיין חבר פון די יונגע יאָרן. מיט וואָס פאַר אַ רעספּעקט האָט ער גערעדט וועגן אים! און דאָך צוריקשטעלן די אַמאָליקע באַציאונגען איז אוממעגלאַך געווען. אגב, איז שוין סאַמואיל קראַנק געווען. ער האָט שוין געליטן אויף אַרטערעטיזם און ביי אים זיינען שוין געווען סמנים פון סקלעראָז. ער האָט זיך פאַר מיר געקלאָגט, אַז ער דערהערט שוין ניט אַזוי גוט, אַז דאָס האַרץ איז אים שוין ניט אינגאַנצן אין אָרדנונג.

און ס׳איז ניט קיין וואונדער. ווען מ׳האָט אים פאַרשיקט, זיינען מיר געווען זיכער, אַז ער וועט שוין צוריק אַ לעבעדיקער זיך ניט אומקערן; ער איז פון שטענדיק אָן געווען אַ שברי־כלי, ער האָט אויסגעהאַלטן דאָס לאַנגע זיין אין סיביר און געקומען צוריק. און דאָ די אָנגעשטרענגטע אַרבעט אין באַנק, וואָס האָט אים לחלוטין ניט אינטערעסירט, און וואָס ער האָט געטאָן, ווייל ער האָט געמוזט נערן זיין פאַמיליע. פאַרשטייט זיך, אַז זיין געזונט האָט געמוזט שטאַרק הינקען...

זיין שטוב האָט זיך געפירט אויף דעם שטייגער פון׳ם אידיש־רוסישן אינטעליגענט; און דאָס האָט אַנדערש ניט געקאָנט זיין. ער איז אין די יונגע יאָרן מיט געוואַלד געווען אָפּגעריסן פון דער אידישער סביבה, און פאַרוואָרפן געוואָרן זייער ווייט פון איר. ער האָט ניט ביינעוואוינט די איבערקערעניש, וואָס האָט זיך גע־שאַפן ביי דער אידישער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ אין די 90טע יאָרן.

מיט מיין אידישיסטישער שטימונג האָט ער זיך שטאַרק אינטערעסירט. די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געווען אין פינסק, און געווען בין איך דאָרטן אַ טאָג 6, פלעג איך מיינע פרייע שעה׳ן פאַרברענגען מיט אים. ער פלעגט אָפט זיך אומקערן צו איינער און דערזעלבער פראַגע: צו אידיש און צו אידישיזם. ער איז אויסערלאַך געווען ווייט פון אידיש, און דאָך זיינען מיר ביידע

געווען נאָנט אין דער הינזיכט; און דאָס איז מערקווירדיק, וואָס גראַדע מיר ביידע, די איינציקע פון אונזער קרייז, און די איינ־ציקע אפשר פונ׳ם דור פון די 80ער יאָרן, זיינען געווען די שעפער פון די ערשטע אידישע ביכלאַך פאַר ארבעטער: ער פון די אומ־לעגאַלע, און איך פון לעגאַלע ביכלאַך. ער האָט ארויסגעלאָזן דאָס אומלעגאַלע ביכל פון דיקשטיינ׳ען, און איך — דאָס ביכל „אר־בעט און קאַפּיטאַל״, וואָס איז געשריבן געוואָרן דורך אַן אַנדערן אידן, וועלכער האָט זיך פאַרשטעלט אונטער די איניציאַלן ב. ש., און וואָס האָט דעמזעלבן אינהאַלט, וואָס דיקשטיינ׳ס ביכל, נאָר אַנדערש געשריבן.

אויסער דיקשטיינ׳ס ביכל, האָט ראַבינאָוויטש געדרוקט אין „ארבעטער־פריינט״ ארטיקלען, און דאַכט מיר, צוגעגרייט אַנדערע ביכלאַך צום דרוק. נאָר גענויעס וועגן דעם געדענק איך שוין ניט.

פאַר מיין אוועקפאָרן פון פינסק, האָבן מיר אָפּגערעדט צו קאָרעספּאָנדירן צווישן זיך, און די קאָרעספּאָנדענץ האָט באַדאַרפט טראָגן אַ כאַראַקטער ניט נאָר פון בריוו, וועלכע עס טויגן צווישן זיך גוטע פריינט.

די מלחמה האָט אָבער אַלץ צושטערט. די פּינסקער אָפּ־טיילונג פון אזאָוו־דאָנער באַנק איז אריבערגעטראָגן געוואָרן אין יעקאַטערינאָסלאַוו, און דאָרט, צום באַדויערן, האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן צו זיין, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך האָב אין דער צייט פון דער מלחמה כמעט גאַנץ רוסלאַנד דורכגערייזט. אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָט ראַבינאָוויטש דורכגעמאַכט אַלע צרות, וואָס זיינען געפאַלן אויף אוקראַינע. איצט איז ער אין פּינסק, אַ קראַנקער, אַ צעבראָכענער. די קינדער זיינען געבליבן אין רוסלאַנד. און אָט אַן איראָניע פון מזל: דער פּייאַיקסטער פון אונז אַלע — און מער פון אַלע געליטן אין לעבן...

ווייַנבערגער. ער איז געווען דער איינציקער פּוילישער איד אין אונזער קרייז. זיין פאָטער איז געווען אַ קאַסיר ביי די פּאָוואָנזקער ראָגאַטקעס: דורך אַ פענסטערל פלעגט ער באַקומען דאָס געלט־אָפּצאָל פאַר די אַדורכגעפאָרענע פערד — „ראָגאַט־קאָווע״. די ווייַנבערגערס זיינען געווען אַ טיפּישע פּויליש־אידישע אַסימילירטע פאַמיליע. דער זון, דער בן־יחיד, איז געווען אַ

שילער פון פינפטער גימנאזיע, און איז געוואָרן אַ מיטגליד פון אונזער קרייז.

מ'האָט אים ביי אונז גערופן „רודי", ווייל ער איז טאַקע געווען אַ געלער, און דער צונאָמען האָט זיך אַזוי צוגעקלעפּט צו אים, אַז נאָר געציילטע חברים האָבן געקאָנט זיין פאַמיליע. און דאָס האָט אים טאַקע געראַטעוועט פון אַרעסט, ווען דער קרייז איז דורך אַ דירה דורכגעפאלן; די דינסט פון דער דירה האָט זיין פאַמיליע ניט געוואוסט, און אַנדערע האָבן ניט געוואָלט אויס־זאָגן.

„רודי" איז געווען אַ גרויסער אָריגינאַל. ווען ס'פלעגט גיין אַמאָל אַ שלאַקס־רעגן, פלעגט ער זיך דאַמאָלסט אויסקלייבן שפּאַ־צירן איבער די גאַסן, און פלעגט קומען צוריק פון שפּאַציר אַהיים אַ נאַסער, ווי אַ האָן. מיר האָבן איינמאָל געמאַכט אַ „מאַיאָווקע" קיין ביעלאַני, וואָס ליגט עטלאַכע וויאָרסט פון וואַרשע, ביים ברעג ווייסל. דער טאָג איז געווען אַ הייסער און פון באַגינען אָן האָט שוין געברענט די זון. מיר זיינען געקומען קיין ביעלאַני, דערזען דעם ווייסל, האָט אונז געכאַפּט אַ שטאַרקער חשק אויס־באָדן זיך; ס'זיינען אָבער מיט אונז געווען חבר'טעס. וואָס טוט מען מיט זיי? משלח זיין זיי אויף דער צייט פון באָדן זיך, ווילן זיי ניט: פאַרוואָס קומט דאָס אונז באָדן זיך, און זיי ניט? זאָגט „רודי": „איר ווילט ניט גיין, גייט ניט, אָבער איך וועל זיך באָדן." און ער האָט אָנגעהויבן זיך אויסצוטאָן. דער עולם האָט געמיינט, אַז ער פּראָוועט קאַטאָוועס. ווען „רודי" האָט אויס־געטאָן די בלוזע, האָט דער עולם, איבערהויפּט, די חבר'טעס, געלאַכט. נאָר ווען ער האָט אָנגעהויבן אַראָפּציען פון זיך די ווייטערדיקע בגדים, זיינען די חבר'טעס מיט קולות אַנטלאָפן, און „רודי" האָט זיך אויסגעבאָדן.

אָן אַנדערן וואָלטן אונזערע מיידלאַך פאַר אַזאַ אויפטו קיינ־מאָל ניט מוחל געווען, נאָר פון „רודי", דעם אָריגינאַל'ס אויפטו, האָט מען גוטמוטיק געלאַכט.

ער איז געווען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג; ס'האָט פאַר אים גאָרניט עקזיסטירט, אויסער דער באַוועגונג. ער האָט אפילו זיינע ביכער, וואָס

ער האָט שטאַרק ליב געהאַט, פאַרוואָרפן צוליב זיין טעטיקייט. ער פלעגט מיט זיך שטענדיק ארומטראָגן אומלעגאַלע אַגיטאַציאָנס־ביכלאַך צו פאַרשפּרייטן, פלעגט לויפן צוליב פאַרשיידענע קאָנספּיראַטיווע צוועקן, פאַנאַנדערגעבן לעגאַלע ביכלאַך, קומען אויף פאַרזאַמלונגען. ער איז געפאָרן צו דער גרענעץ טראַנספּאָרטירן ביכלאַך פאַר'ן קרייז, און ער האָט זיי געבראַכט. ער האָט אָבער קיין ווירקונג אויפ'ן קרייז ניט געהאַט; ער האָט ניט געהאַט ליבינ'ס פייערדיקע ענערגיע און אויסגעהאַלטענקייט, וואָס אימפּאָנירט מענטשן, און ניט דעם טיפן שכל פון ראַבינאָוויטש'ן. דאָס איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער, אַ מאַרטירער, וואָס איז גרייט אָן שום באַדאַכט זיך מקריב זיין פאַר זיינע אידייען, גיין אויף דער תליה.

„רודי" איז געווען אַ פּילזייטיק־פּייאיקער בחור. ער האָט לייכט באַנומען שפּראַכן: ער האָט שוין דאַמאָלסט געלעזן אויף אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכן, און ער איז געווען אַ גוטער מאַטעמאַטיקער. אים האָט אָבער געפעלט אַ קאָנצענטראַציאָנס־פעאיקייט, וועלכע זאָל אַלע זיינע פעאיקייטן צוזאַמענגעמען און פירן צו איין ציל. ער איז אפילו ניט בכח געווען צו קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט פון דער אוידיטאָריע: צופיל איז ער געווען פאַרטיפט אין זיינע אייגענע רעיונות, און פלעגט ניט מערקן, וואָס אַרום אים טוט זיך; דערצו נאָך האָט ער ניט באַזעסן קיין שום רעדנער־קראַפט.

איך געדענק אַ פאַרזאַמלונג פון געציילטע, בעסערע מענטשן אויף די דזיעלנא גאַס. איך און ער זיינען געקומען פירן די פאַרזאַמלונג. מיר האָבן פעסטגעשטעלט די פראַגן, וואָס דאַרפן ווערן באַהאַנדלט, און די דיסקוסיע האָט זיך אָנגעהויבן; עס דערגייט צו „רודי'ן". ער הויבט אָן מיט אַ ברען, מיט אַ פייער, און אין יעדן וואָרט זיינעם פילט זיך טיפע איבערצייגונג, נאָר וואָס מער ער האָט גערעדט, אַלץ מער אָפּגעקילט איז געוואָרן די אוידיטאָריע: זי האָט ניט געקאָנט נאָכגיין דעם אנטוויקלונגס־גאַנג פון זיינע אידייען. ביסלאַכווייס האָבן זיך אַלע צעשפּרייט איבער'ן צימער און קופּקעס־ווייס אין דער שטיל אַדורכגעוואָרפן זיך מיט אייניקע ווערטער. איך האָב געבעטן צוגיין צום טיש, וואו מען איז גע־

זעסן צום אָנהויב פון דער פאַרזאַמלונג. דאַמאָלסט ערשט האָט רודי באַמערקט, אַז ער האָט אַרום זיך ניט קיין צוהערער.

אַרויסטרעטן פעלגט אים אָבער אויסקומען אָפט, ווייל ער איז געווען דער איינציקער מיטגליד פון קרייז, וואָס האָט געקאָנט פויליש רעדן, און וועגן זיינע אַרויסטרעטונגען פלעגט מען דער־ציילן קוריאָזן אין זיין געגנוואַרט און ער אַליין פלעגט אויך לאַכן. דאָך האָט „רודי" געהאַט אַ ווירקונג מיט זיין אויפריכ־טיקער, קריסטאַל־ריינער נשמה.

ווען דאָס רוב מיטגלידער פון קרייז זיינען אַרעסטירט געוואָרן, איז די גאַנצע לאַסט פון קרייז געפאַלן אויף אים, און ער האָט געטראָגן ווייטער זיין אַרבעט, ניט קוקנדיק אויף זיין געזונט, ניט קוקנדיק אויף גאָרניט. ער האָט אינגאַנצן רואינירט זיין געזונט, וואָס איז שוין געווען געגוג שטאַרק רואינירט מיט זיין פריערדיקער אַרבעט, מיט זיין אומנאָרמאַלן לעבן: ניט עסן צו דער צייט צוליב דער אַרבעט, ניט שלאָפן צו דער צייט, ניט דערלויבן זיך קיין שום פאַרגניגן, קיין אָפרו. סוף כל סוף, אומ־געפער אין אַ יאָר אַרום נאָכ'ן ערשטן דורכפאַל פון קרייז, איז ער דאָך אַרעסטירט געוואָרן און ער איז גיך געשטאָרבן, גאָר אין די יונגע יאָרן, אין פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, אין פעטער־בורג.

וועגן צוויי אַנדערע מיטגלידער פון קרייז, בוך און יאָאַכים, האָב איך שוין גערעדט אין אַן אַנדער קאַפּיטל, און דאָ האָב איך נישט וואָס צוצוגעבן וועגן זיי.

מיר קומט נאָר אוים צו רעדן וועגן מיין שטעלונג אין קרייז און וועגן מיין אַרבעט.

איך האָב צוזאַמען מיט בוכן אַריבערגעטראָגן אין דער רעוואָ־לוציאָנערער אָרגאַניזאַציע דעם גאַנצן ביכער־אינווענטאַר פון אונ־זער שילער־קרייז, און איך בין געבליבן, ווי איך בין געווען אין שילער־קרייז, ביבליאָטעקאַר אין אונזער ביבליאָטעק. די ביבליאָ־טעק איז פאַרגרעסערט געוואָרן מיט דעם ביסל ביכער, וואָס עס האָט נאָך אַריינגעטראָגן ראַבינאָוויטש פון אַ שילער־קרייז פון דער צווייטער גימנאַזיע, וועלכע איז דאַמאָלס שוין צעפאַלן געווען, און אויך די ביכער, וואָס מיר האָבן צוגעקויפט.

איך האָב מיין צימער געביטן אויף אַן אַנדערן, וואָס האָט געהאַט אַן אַריינגאַנג גלייך פון די טרעפּ, און האָב אַהין איבער־געטראָגן דעם שאַנק מיט די ביכער.

צוליב קאָנספּיראַטיוויש טעמים, האָבן מיר איינגעפירט, אַז ביכער דירעקט פון דער ביבליאָטעק זאָלן באַקומען נאָר די מיט־גלידער פון קרייז.

יעדער פון אונז האָט געהאַט לעזער, וועלכע ער פלעגט שפּייזן מיט ביכער. פלעגן די לעזער באַקומען זייערע ביכער נאָר ביי די, וועלכע זיינען געווען זייערע אָנפירער אין לעזן. צוליב דעם פלעגט דער לעזער דאַרפן אפילו אַן איבעריק מאָל גיין: דער לעזער פלעגט ברענגען דאָס בוך און מוזן קומען אַ צווייטן מאָל צום אָנפירער, כדי צו נעמען דאָס געביטענע בוך דורכ'ן אָנפירער. נאָר די אָרדנונג איז געווען שטרענג אָפּגעהיט. אפילו מיינע לעזער, ווען איך פלעג שוין געבן מיין אייגענעם אַדרעס, פלעג איך זאָגן: „איך וועל היינט בייטן דאָס בוך אין ביבליאָטעק, און מאָרגן וועט איר באַקומען אַן אַנדערן."

אַזאַ פּאַרהדעכטיקייט איז געווען דאַמאָלס גאַנץ באַגרינדעט: אַ דאַנק דעם איז אונזער ביבליאָטעק, וואָס האָט געהאַט מיט דער צייט אַ קאָלאָסאַלן אוצר פון ביכער, גאַנץ געבליבן, אפילו נאָך דעם דורכפאַל פון קרייז, און זי האָט עקזיסטירט נאָך אין די ניינציקער יאָרן ביי אונזערע נאָכפאָלגער. זי איז אַריבער בירושה פון איין אָרגאַניזאַציע צו אַ צווייטער.

אַזוי אַרום האָב איך געטראָפן די ביבליאָטעק אין די 90ער יאָרן ביי אַ ברודער פון מיינעם אַ גוטן פריינט און לעזער פון אונזער ביבליאָטעק, באַרים שנעערזאָן. דער אינגערער שנעער־זאָן, זיין נאָמען געדענק איך נישט, איז שוין געווען אַ מיטגליד פון אַ ריין סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קרייז, וואָס האָט זיך אין די 90ער יאָרן געגרינדעט אין וואַרשע.

איך געדענק, מיט וואָס פאַר אַ שמחה איך בין פון יונגן שנעערזאָן געוואָר געוואָרן, אַז די ביבליאָטעק איז גאַנץ און זי געפינט זיך אין זיין רשות.

די ביבליאָטעק האָט ביי מיר אָפּגענומען אַ סך צייט. ערשטנס, פלעג איך יעדן טאָג דיזשורירן פון 4 ביז 6, כדי

צו געבן די חברים די מעגלאַכקייט צו באַקומען ביכער יעדן טאָג. אַזוי ווי אַ פרומער איד לאָזט נישט דורך קיין איין טאָג תפילין לייגן, אַזוי פלעג איך נישט דורכלאָזן קיין איין טאָג פון מיין דיזשור אין ביבליאָטעק.

נאָר נישט אין דעם אַליין איז באַשטאַנען מיין אַרבעט. אַ ביבליאָטעק פאָדערט בכלל אַ סך אַרבעט. ביכער דאַרף מען איינבינדן, די אַלטע איינבונדן פון ביכער פאַרריכטן, פירן אַ קאַטאַלאָג, געדענקען, אַז ביכער זאָלן זיך נישט צופיל פאַרלייגן ביי די לעזער, — דאָס אַלץ איז טעכנישע אַרבעט. אַ סך מער אַרבעט איז ביים אויפקויפן ביכער.

דאָס אויפקויפן ביכער, לויט דער טראַדיציע פון שילער־קרייז, איז געלעגן אויסשליסלאַך אויף מיר. דער צוטרוי פון קרייז צו מיין אויסוואַל, צו מיין פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ ביכער מען דאַרף קויפן, האָב איך נישט אָנגעוואָרן די גאַנצע צייט, וואָס די ביבליאָטעק איז געווען אין מיינע הענט., ד. ה. ביז איך בין אַוועקגעפאָרן פון וואַרשע.

מיר זיינען אַלע געווען אונטער איינע און די זעלבע ווירקונגען, איז פאַר יעדן פון אונז קלאָר געווען, וואָס פאַר אַ ביכער מיר דאַרפן האָבן. די פראַגע האָט נאָר געקאָנט זיין, וואָס פריער צו קויפן און וואָס שפּעטער, און וועלכע ביכער קאָן מען קויפן, וואָס מאַכן זיך צופעליק, — און דאָס פלעג איך שוין אַליין באַשליסן. ביים איינקויפן די ביכער פלעג איך זיך ריכטן מיט אַ מוסטער־קאַטאַלאָג פון אויסגעוויילטע ביכער, וועלכער האָט געהאַט די נייטיקע פאַר אונז באַאַרבונג, און מיט אַ צעטל, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דורכ'ן בילדונגס־מיניסטעריום.

דאָס איז אפילו אַ קוריאָזער פאַקט, אַז דאָס בילדונגס־מיניסטעריום איז אונז געווען בייהילפיק אין אונזער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט ;דאָס איז אָבער דאָך אַזוי.

דער דאַמאָלסדיקער בילדונגס־מיניסטער, דעליאַנאָוו, האָט געפונען, אַז די צענזור היט נית אָפּ גענוג די יונגוואַרג און די מאַסן פון „שעדלאַכע“ ווירקונגען, וואָס דאָס געדרוקטע וואָרט קאָן ברענגען ; ער האָט געפונען, אַז עס איז ווייניק צו האָבן אַ קאָנטראָל אויף די ביכער, וואָס האַלטן זיך ביים דרוקן, מ'דאַרף

נאָך האָבן אַ קאָנטראָל אויף דעם, וואָס מען לעזט. עס זיינען פאַראַן ביכער, וואָס די צענזור איז ניט בכח פאַרבאָטן זיי אַרויס־געבן, דאָך קאָנען זיי זיין שעדלאָך מיט דעם, וואָס זיי שאַפן ביים לעזער אַ שטימונג, מיט וועלכער די רעגירונג קאָן נישט זיין צופרידן.

אַ פשוט מיטל איז דערצו: פאַרבאָטן אַרויסצוגעבן פון דער ביבליאָטעק די ביכער, וואָס דאָס מיניסטעריום געפינט פאַר נישט פּאַסיקע. דרוקן זיי, הייסט עס, מעג מען; פאַרקויפן — אויך; נאָר האַלטן זיי אין ביבליאָטעקן און אַרויסגעבן צו לעזן — טאָר מען נישט. דערמיט, פאַרשטייט זיך, ווערט באַגרענעצט זייער פאַרשפּרייטונג, ווייל נישט אַלע זיינען ביכולת צו קויפן ביכער, און די, וואָס זיינען שוין יאָ ביכולת, וועלן זיך נישט אָנשטעקן מיט'ן שעדלאַכן גייסט פון די ביכער.

צום ביישפּיל, דאָבראָליובאָווס געזאַמעלטע ווערק האָט מען, לויט דעליאַנאָווס צירקולאַר, געקאָנט פראַנק און פריי קויפן פאַר 15 רובל, אָבער לעזן זיי אין ביבליאָטעק פאַר עטלאַכע צענדליק קאָפּיקעס אַבאָנעמענטס־אָפּצאָל אַ חודש, איז שוין געווען אומ־מעגלאָך. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס בייט די גאַנצע פיזיאָנאָמיע פון לעזער פון דאָבראָליובאָווס ווערק: אַ ניט־פאַרמעגלאַכער האָט שוין צו זיי נישט געקאָנט האָבן קיין צוטריט.

נאָר דער רוסישער מיניסטער האָט זיך פאַררעכנט: דער צירקולאַר מיט'ן צעטל פון די פאַרבאָטענע אין ביבליאָטעק ביכער האָט געהאַט די היפּוכ'דיקע ווירקונג.

אין דעם צעטל זיינען געווען נעמען פון שרייבער און בי־כער, וואָס מיר האָבן שוין גוט געקענט, ווי למשל, פּיסאַרעוו, מאַרקס, לאַסאַל, הערצען, מירטאָוו (לאַווראָוו) און אַזוי כסדר. מיר זיינען אָבער פון דעם זעלבן צעטל געוואָר געוואָרן וועגן אַזעלכע נעמען פון שרייבער און ווערק, וועגן וועלכע מיר האָבן ביז אַהער נישט געהערט.

דעם נומער פון דער צייטונג, אין וועלכן עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דער צירקולאַר, האָב איך באַהאַלטן און פלעג אים אָפט שטודירן.

אָט דיביידע צעטלען: דער קאַטאַלאָג פון אויסגעוויילטע

ביכער און דעליאַנאָווס צעטל, האָבן מיר געגעבן גענוג מאַטעריאַל אויף צו אָריענטירן זיך אין דעם רוסישן ביכער־מאַרק און וויסן, וואָס איך האָב איינצוקויפן.

אַזוי אַרום האָט דעליאַנאָווס צירקולאַר קנאַפּ דערגרייכט זיין ציל בנוגע צו אונז. נאָכמער, אונז האָט זיך אפילו איינגעגעבן אויסצומיידן נישט נאָר די פּאַפּירענע ראַגאַטקע, וואָס דעליאַנאָוו האָט אונז געשטעלט, נאָר אפילו די רוסישע „טאַמאָזשנע", וואָס איז געווען געהיט מיט אַ סך אויגן. אויסער דעם „שוואַרצן" אומלעגאַלע ביכער, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס געפאַר, פלעגן מיר זיי באַקומען אויף אַ מער זיכערן וועג.

די גרויסע פּוילישע בוכהאַנדלונגען אין וואַרשע האָבן גע־האַט אָפטע באַציאונגען מיט די בוכהענדלער אין קראַקע; זיי פלעגן אויסשרייבן פון דאָרט די ביכער, וועלכע פלעגן זיך דרוקן אין גאַליציען. די באַוואוסטע פירמע געבעטנער און וואָלף האָבן געהאַט אפילו אין קראָקע זייערע אָפּטיילונג.

די ביכער, וואָס עס פלעגן אויסשרייבן פון קראַקע די וואַר־שעווער בוכהענדלער, פלעגן אָנקומען אין „טאַמאָזשנע" — אין צאָל־אַמט, און פון דאָרטן פלעגט מען אַלע קאַסטנס מיט ביכער אָפּשיקן אין צענזור, פון וואַנען עס פלעגן שוין די בוכהענדלער אָפּנעמען די קאַסטנס מיט די דערלויבטע ביכער. די וואַרשע־ווער בוכהענדלער האָבן גוט געוואוסט, וואָס איז דערלויבט אריינ־צופירן און וואָס ניט; האָט זיך דאָס אָפּנעמען פון ביכער פאַר־וואַנדלט אין אַ פשוט'ער פאָרמאַליטעט, וואָס פלעגט זיין אויבער־פלעכלאַך דורכגעפירט. די קאַסטנס פלעגט מען עפענען, און דער צענזאָר פלעגט נעמען אַ פּאָר ביכער, אַ קוק טאָן, צי עס זיינען ווירקלאַך דאָ די ביכער, וואָס זיינען אָנגעוויזן אין די ביי־געלעגטע צעטלען. די קאַסטנס פלעגט מען צוריק פאַרקלאַפּן און אָפּפירן אין די בוכהאַנדלונגען.

אָט דאָס האָבן אויסגענוצט די בוכהענדלער. זיי פלעגן אויסשרייבן פאַר זייערע שטענדיקע פאַרטרויאונגס־קליענטן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט אַזעלכע ביכער, וואָס די רוסישע צענ־זור האָט ניט דערלויבט אריינצופירן. די ניט־דערלויבטע ביכער פלעגט מען פּאַקן אונטן, און אויבן אַרויפלעגן די דערלויבטע

ביכער; האָט, צום ביישפּיל, אין אַ קאַסטן זיך געדאַרפט געפינען מאַלעצקע׳ס גראַמאַטיקע, פלעגט מען אין די אויבערשטע רייען לעגן די עקזעמפּליאַרן פון דער גראַמאַטיקע און אין די אונטערשטע — פאַרבאַטענע ביכער. די קאַסטנס פלעגט מען אין צענזור עפענען. דער צענזאָר פלעגט אַ קוק טאָן איינס, צוויי עקזעמפּליאַרן — דאָס זיינען מאַלעצקע׳ס גראַמאַטיקעס, פלעגט ער הייסן צוריק פאַרקלאַפּן דעם קאַסטן און דער אַנגעשטעלטער פון בוכהאַנדלונג פלעגט אים צונעמען.

אַזוי אַרום האָט זיך אין די פּוילישע בוכהאַנדלונגען געפונען אַן אויסוואַהל פון פאַרבאָטענע ביכער. דאָס זיינען אָבער געווען אַלץ פּאַטריאָטישע ביכער.

מיר האָבן אויסגענוצט דעם איינפאַל פון די פּוילישע בוכהענדלער, כדי צו באַקומען ביכער גאָר פון אַן אַנדער אינהאַלט. מיר האָבן אויף דעם וועג באַקומען די אַלע ביכער, וואָס פלעגן זיך דרוקן פריי אין גאַליציען, און וועלכע זיינען גערעכנט געוואָרן פאַר אומלעגאַל אין קרוין־פּוילן. דורך דעם וועג פלעגן מיר אויך באַקומען גרעסערע רוסישע ביכער, וואָס פלעגן זיך דרוקן אין אויסלאַנד; אַזוי אַרום האָבן מיר באַקומען טשערנישעווסקיס ווערק, וואָס האָבן זיך אָפּגעדרוקט אין אויסלאַנד אין 12, איך געדענק ניט גענוי, אָדער 15 בענדער.

צום אויפקויפן די ביכער האָט זיך געפאָדערט געלט. דאָס געלט פלעגן מיר באַקומען טיילווייז דורך אונזערע לעזער און טיילווייז דורך אַנדערע מיטלען. אַזוי, למשל, האָבן מיר געמאַכט אַ לאָטעריי און פאַרשפּרייט 1,000 בילעטן. מיר האָבן באַקומען טשערנישעווסקיס אַ פאָטאָגראַפיע, באַשטעלט ביי אַ וואַרשעווער פאָטאָגראַף קאָפּיעס פון דער פאָטאָגראַפיע אין אַ סך עקזעמפּליאַרן און פאַרקויפט זיי מיט ריוח. מיר האָבן אָפּגעדרוקט אויפן העקטאָגראַף דעם קאַטאַלאָג פון אויסדערוויילטע ביכער, און אויך אים פאַרקויפט מיט ריוח.

די אַלע פאַרנעמונגען פלעגן אָפּנעמען ביי אַלעמען צייט, און באַזונדערס ביי מיר, ווייל זיי פלעגן זיך קאָנצענטרירן ביי דער ביבליאָטעק.

די ביבליאָטעק האָט מיר צוגעשאַפט אַ סך אַרבעט, אַ סך

מי, און זי האָט אַ סך צייט ביי מיר פארשלונגען. נאָר איך האָב געהאַט פון איר אַ סך נחת־רוח און נוצן. שטעלט זיך פאָר אַ שכור, וועלכן מען שטעלט אוועק ביי אַ פאַס בראנפן, פון וועלכן ער קאָן צאַפּן בראנפן וויפיל ער וויל. אזוי האָב איך זיך גע־פילט ביים ביכער־שראנק פון אונזער ביבליאָטעק. אַ קלייניקייט! האָבן פאַר זיך אזא אוצר מיט ביכער, און דער שליסל פון אוצר ליגט ביי מיר אין קעשענע, און איך קאָן צוגיין צו אים, ווען איך וויל, און נעמען, וואָס איך וויל; איך דאַרף צו קיינעם ניט גיין, ביי קיינעם ניט בעטן... און איך האָב די צייט, וואָס די ביבליאָ־טעק איז ביי מיר געווען, זייער און זייער אויסגענוצט: ביז שפּעט אין דער נאַכט פלעג איך לעזן. איך געדענק אָפּט די טויטע שטילקייט פון הויף, דאָס קוקן פון דער שוואַרצער נאַכט אין פענסטער, און איך אויפן בוך, פארטראָגן אין די ווייטע עולמות פון דעם געלעזענעם בוך...

די ביכער, וואָס איך פלעג קויפן פאַר דער ביבליאָטעק, פלעג איך דער ערשטער דורכלעזן, אָדער אין זיי אריינקוקן. איך פלעג ניט אוועקגעבן קיין בוך איינצובינדן, איידער איך האָב אים דורכ־געלעזן, אָדער באַקאַנט זיך אין אַלגעמיין מיט זיין אינהאַלט. האָט מיך אַ בוך אינטערעסירט, פלעג איך אים אַדורכלעזן; האָט מיך אַ בוך ניט אינטערעסירט, פלעג איך אין אים אריינקוקן, כדי צו באַקאָנען זיך מיט אים, איך זאָל וויסן, צי עס לוינט מיר אים לעזן, צו ניט. אזוי ארום, בין איך גוט באהאַוונט געוואָרן מיט די ביכער, וואָס זיינען געווען ביי אונז אין ביבליאָטעק, ד. ה. מיט אַ סך פון די בעסטע רוסישע ווערק.

די ביבליאָטעק פון לעגאַלע ביכער איז געווען מיין ספּע־ציעלע ארבעט, אזוי ווי אַ ספּעציעלע ארבעט איז געווען די אומ־לעגאַלע ביבליאָטעק ביי יאַאַכימען, דאָס באַקומען די אומלעגאַלע פּוילישע ביכלאַך ביי וויינבערגן, די אונלעגאַלע רוסישע ביי ליבינען א. אַ. וו.

אויסער דעם האָבן מיר אַלע געאַרבעט ביים פארשפּרייטן די ביכער, ביים אָנפירן מיטן לעזן פון די לעזער, ביים אָרגאַניזירן קרייזן פון זעלבסטבילדונג, וואָס פלעגן זיך דאַרפן מיט דער צייט פארוואַנדלען אין רעוואָלוציאָנערע קרייזן. מיר פלעגן דאַרפן

קומען אויף פאַרזאַמלונגען, וואָס פלעגן פון צייט צו צייט ווערן איינגעאָרדנט מיט אַ ברייטערן קרייז איינטיילנעמער, מיר פלעגן דאַרפן געפינען דירות אויף די פאַרזאַמלונגען א. א. וו.

דאָס איז געווען אונזער טאָג־טעגלאַכע אַרבעט, וואָס פלעגט איינשלינגען אונזער גאַנצע צייט, און אונזער גאַנצן מאַרך. יעדער פון אונז האָט געהאַט זיין סביבה, צווישן וועלכע ער האָט געאַרבעט, און וועגן וועלכער ער פלעגט געבן דין וחשבון אויף די זיצונגען פון קרייז.

איך האָב, למשל, געהאַט די דריטע גימנאַזיע; יאָאַכים, דאַכט מיר, די פּראַגער; וויינבערג — די פינפטע, א. א. וו.

איך האָב אויך געהאַט די אָנגעקומענע פון ליטע אינטעלי־גענטע יוגנט. פון זיי האָב איך אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלן קרייז פון אָנגעשטעלטע אין פאַרשיידענע קאַנטאָרן. מיין באַריכט אויף דער זיצונג פון אונזער „צענטראַלן קרייז" וועגן דעם קרייז פון די אָנגעשטעלטע האָט ניט אויסגענומען; מען האָט געפונען, אַז די אָנגעשטעלטע זיינען צוקונפטיקע בורזשויען, און אויף זיי פאַר־לירן צייט איז אַ שאָד. אין די שפּעטערדיקע צייטן זיינען האַנדלס־אָנגעשטעלטע פאַררעכנט געוואָרן אַלס אמת'ע פּראָלעטאַ־ריער, נאָר דאַמאָלסט איז זייער כשרות געווען אונטער אַן איסור.

מיט די אַלע אויסגערעכנטע אַרבעטן האָב איך פערזענלאַך ניט געקאָנט און ניט געוואָלט זיך באַנוגענען. ווי אַ פרומער איד פירט אויס אַלץ, וואָס די תורה הייסט, האָב איך געפילט, אַז איך מוז אויספירן דעם הויפּט חק פון די „נאַראָדניקעס" — „גיין אין פאָלק".

אַזוי ווי אין דאָרף האָב איך זיך ניט געקליבן אָוועקצוגיין, האָב איך געמוזט אָננעמען טריט אריינצודרינגען צווישן די פּוי־לישע אַרבעטער־מאַסן. מיר איז גאָרניט איינגעפאַלן, און קיי־נעם פון אונז האָט דאַמאָלסט ניט געקאָנט איינפאַלן, צו זוכן אַר־בעטער צווישן אידן.

די קוועלן, פון וועלכע מיר האָבן גענומען אונזערע ידיעות וועגן פאָלק, האָבן גערעדט וועגן רוסישן פּויער און רוסישן אַר־בעטער, האָבן געקאָנט רעדן וועגן פּוילישן אַרבעטער, אָבער אויף קיין וועג האָבן זיי ניט געקאָנט ריידן וועגן אידישן אַרבעטער;

אַזאַ באַגריף איז ביי אונז ניט געווען אין מאַרק. און אויב איך האָב געקאָנט קלערן וועגן טעטיקייט צווישן אַרבעטער, האָב איך געקאָנט ריידן נאָר וועגן דער טעטיקייט צווישן פּוילישע אַר־בעטער.

נאָר ווי באַקומט מען פאַרבינדונג מיט פּוילישע אַרבעטער? ווי טרעט מען אַריין אין אַ פאַבריק?

צופעליק האָב איך זיך באַקאָנט מיט אַ איד, אַ שלאָסער־אַרבעטער, וואָס איז געקומען פון ליטע. ער האָט גראָד געאַר־בעט אין אַ פּוילישע פאַבריק; אָט דורך דעם שלאָסער האָב איך געוואָלט אָנקומען אין דער באַוואוסטער מאַשין־פאַבריק „לילי־פּאָפּ, ראַו און לעווענשטיין“.

דער באַקאַנטער אידישער שלאָסער איז מיט מיר אַוועק צו דער פאַבריק. ער האָט אַרויסגערופן זיינעם אַ באַקאַנטן מייס־טער און האָט מיך פאָרגעשטעלט.

איך האָב ערקלערט דעם מייסטער, אַז איך זוך אַרבעט און בעט מען זאָל מיר געבן דערווייל כאָטש וועלכע עס איז אַרבעט.

די פראַגע האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן; מען האָט מיך צו דער אַרבעט אין פאַבריק ניט דערלאָזן. האָב איך באַשלאָסן אויסצולערנען זיך שלאָסעריי, און נאָכדעם, שוין אַלס מענש וואָס קאָן עטוואָס אַרבעטן, אַריינטרעטן אין פאַבריק.

אין די ווינטער קאַניקולן פון 1885—1886 יאָר בין איך אָנגעקומען זיך לערנען די אַרבעט צו אַ שלאָסער, אַ פּאָליאַק, אויף טרעמבאַצקע גאַס. כדי ניט איבעררייסן מיטאַמאָל מיט דער גימנאַזיע, האָב איך וועגן דעם אין דער היים ניט געמאָלדן; פאַר מיר אַליין האָט די גימנאַזיע שוין אָנגעוואָרן וועלכן ס'איז ווערט. וועגן אַ קאַריערע האָב איך, ווי אַלע אַנדערע, וואָס זיינען אַריין אין דער באַוועגונג, ניט געקלערט; די תורה פון דער קאַזיאָנער גימנאַזיע האָט מיך ניט צוגעצויגן, האָב איך סיי ווי סיי געהאַלטן ביים אַרויסטרעטן פון דער גימנאַזיע. מיט דער גימנאַזיע אָבער זיינען געווען פאַרבונדן אַזוי פיל פּריווילעגיעס, אַז איך האָב מיט אַמאָל ניט געקאָנט באַשליסן זי אַוועקצוואַרפן. אַ דאַנק דער גימנאַזיע האָט מען מיך אינדערהיים געלאָזט צורו; אַ דאַנק דער גימנאַזיע האָב איך זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ סך שילער, און

צווישן זיי געזוכט אַנהענגער פאַר די אידייען, וועגן וועלכע איך האָב געפּרעדיקט; דערצו האָב איך נאָך ניט געוואוסט, ווי וועט ביי מיר אַוועקגיין די אַרבעט.

איך האָב באַשלאָסן אָפיציעל, פאַר דער וועלט, די גימנאַזיע באַזוכן, און אין דער אמתן גיין צו דער אַרבעט. אינדערפרי פלעג איך, ווי שטענדיק, אָנטאָן זיך, נעמען דעם ראַניעץ און גיין אין וואַרשטאַט אויף טרעמבאַצקע, אָנשטאָט אויף קראַקאָווער פּאַרשטאָט — אין גימנאַזיע. איך פלעג אָפּאַרבעטן ביז אַזייגער 3, ווען שילער גייען פון גימנאַזיע, און גיין אַ היים.

מיין למוד האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט; ס'איז געשען אַזוינס, וואָס איך האָב ניט דערוואַרט: אין וואַרשטאַט האָבן געאַרבעט געזעלן און לער־אינגלאַך — אַלץ פּאָליאַקן; איך, דער איד, דער שילער פון גימנאַזיע, וואָס רעדט נאָך דערצו שלעכט פויליש, בין אין וואַרשטאַט געווען אַ פרעמדע פּערזאָן, וואָס האָט געשטערט זייער סביבה; האָב איך אין וואַרשטאַט געפונען אַ קנאַפּ פריינדלאַכע, בעסער געזאָגט, אַ פיינדלאַכע אַטמאָספערע.

עס איז לייכט צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ ווירקונג די אַט־מאָספערע האָט געקאָנט האָבן אויף מיר, וועלכער איז געווען גרייט אַוועקצוגעבן זיין גאַנצע צייט און כחות די אינטערעסן פון די אַרבעטער. די אידעאַליזאַציע פון רוסישן מוזשיק, מיט וואָס עס איז געווען פול די רוסישע ליטעראַטור, האָט זיך ביי אונז אַריבערגעטראָגן אויך אויף די אַרבעטער, און דאָ — אַזאַ ברוטאַלע סביבה!...

דאָך האָב איך באַשלאָסן צו איבערליידן אַ צייט, ביז מיר וועלן זיך איינלעבן און ביי אונז וועלן זיך איינשטעלן נאָרמאַלע באַציאונגען, און אפשר מיט דער צייט וועט זיך מיר איינגעבן זיי אַריבערציען אויף מיין זייט.

אָפּגעאַרבעט אין אַ פיינדלאַכער סביבה אַ גאַנצן מאָנאַט, באַצאָלט דעם מייסטער שכר־למוד פאַר אַ צווייטן מאָנאַט, און האָב שוין גערעכנט אַז עס מאַכן מיט דער גימנאַזיע, ווייל אַזוי ציען ווייטער וואָלט זיך ניט געלאָזן.

נאָר דאָ איז געשען אַ זאַך, וואָס האָט מיך געצוואונגען אַוועקצוּוואַרפן דעם וואַרשטאַט.

אין װאַרשטאַט איז געװען אַ לערן־אינגל, װאָס האָט באַזונ־דערס קרום געקוקט אויף מיר, נאָר אָפן אַרויסטרעטן קעגן מיר האָט ער ניט געװאַגט. איינמאָל דערלאַנגט ער מיר אַ שטיק אייזן, װאָס ער האָט געהאַלטן אין אַ צװאַנג, און בעט מיר עס אװעקלעגן אויפן טיש, װאָס איז געשטאַנען הינטער מיר. איך נעם דעם אייזן, גיב אַ שרעקלאַכן געשריי און לאָז אים אַרויס: דער אייזן איז געװען אַן אָנגעגליטער.

אויף מיינע קולות האָט דאָס לערן־אינגל זיך פאַרשנטפערט, אַז ער האָט ניט געװאוסט, אַז דער אייזן איז נאָך ניט אינגאַנצן אָפּגעקילט; די גאַנצע האַנט איז מיר געװאָרן אין װאונדן; װאָס פאַר אַן אויסזען די האַנט האָט געהאַט, קאָן מען זען דערפון, װאָס ראַבינאָװיטש האָט איר דערמאָנט מיט 27 יאָר שפּעטער, װען מיר האָבן זיך געטראָפן אין פּינסק.

די אמונה אין אַרבעטער איז ביי מיר געװען אַזוי גרויס, אַז איך האָב דעם פאַקט אָנגענומען פאַר אַן אַרויסטריט פון אַן איינצלנעם פאַרדאָרבענעם יונג; אָבער מאַכן װייטער פּראָבעס ביי פּאָליאַקן, האָב איך שוין מורא געהאַט, און איך האָב אויפ־געזוכט אַ אידן, אַ שלאָסער, אויף קאַרמעליצקע גאַס; דער איד האָט מיר אָבער געמאַכט אַ גאַנצן „דאָפּראָס": װער בין איך, צו װאָס דאַרף איך זיך לערנען אַרבעטן א. א. װ. ענדלאַך האָט ער מיר געהייסן קומען מיטן פאָטער.

איך האָב געזען, אַז איך קאָן דאָ גאָרניט מאַכן, האָב איך זיך צוריק אומגעקערט אין גימנאַזיע. איך האָב צוגעשטעלט אַ צייגניש פון אַ דאָקטאָר, אַז איך בין געװען קראַנק, און דעריבער האָב איך אַ צייט ניט געקאָנט גיין אין גימנאַזיע. דער קלאַסן־אויפזעער פון אונזער קלאַס איז געװען דער דירעקטאָר, אַן אָפּ־געלאָזענער מענש, איז עס בשלום אַריבער, און אפשר האָט דער דירעקטאָר גערעכנט, אַז ער װעט מיר סיי װי סיי לאַנג שוין ניט האַלטן אין קלאַס, װייל װעגן מיינע מעשים האָט מען שוין געגונג גערעדט. לוינט ניט צו מאַכן איבעריקע רייד.

אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום האָט מען מיך טאַקע פון גימנאַזיע אויסגעשלאָסן. מיין קאַריערע אין גימנאַזיע האָט זיך במילא געענדיקט. האָב איך שוין אָפן געקאָנט רעדן װעגן גיין צו דער

אַרבעט. האָט מען מיך אַרויסגעטריבן פון גימנאַזיע, מוז איך זיך נעמען צו עפּעס אַנדערש, און איך וויל זיך נעמען צו אַ פאַך, האָב איך געזאָגט מיינע עלטערן.

ווילנדיק, ניט ווילנדיק, איז מיין פאָטער מיט מיר אַוועק צום שליאָסער אויף קאַרמעליצקע גאַס. איך געדענק ניט פאַר־וואָס, נאָר מיר זיינען מיט אים ניט דורכגעקומען.

ווייטערדיקע פּראָבעס צו לערנען זיך שליאָסעריי האָב איך דערווייל אויפגעהערט צו מאַכן. איך האָב שוין געהאַט אָוונט־קורסן פאַר אידישע אַרבעטער, אויף וועלכע איך האָב געלעגט גרויסע האָפענונגען; די קורסן האָבן מיך שטאַרק אַריינגעצויגן, האָט ביי מיר די פראַגע פון מיין דירעקטע טעטיקייט צווישן אַרבעטער אין פאַבריק אָנגעוואָרן איר שאַרפקייט, און אויף דערווייל האָב איך פאַרלאָזן דעם געדאַנק וועגן אַרבעטן אין פאַבריק.

נאָר דיזעלבע פראַגע, די פראַגע וועגן אַרבעטן אין פאַבריק איז ביי מיר אויפגעשוואומען אַ צווייט מאָל, נאָר אין אַן אַנדער פאָרם, מער אַ באַוואוסטזיניקע. ביז אַהער איז מיין שטרעבונג געוועזן מער אַ פּסיכאָלאָגישע טענדענץ, אַן איינגעזאַפּטע פון דער רוסישער ליטעראַטור, און פון די ביישפּילן, וואָס עס האָט געגעבן די „נאַראָדניטשעסקע" באַוועגונג אין רוסלאַנד. איצט איז עס ביי מיר געוואָרן אַ באַוואוסטזיניקע זאַך, אַ פּראָגראַם־פראַגע.

מיר האָבן באַקומען אַ טראַנספּאָרט אומלעגאַלע ליטעראַטור פון אויסלאַנד; אין טראַנספּאָרט זיינען געווען 4 ביכלאַך פון דער געגרינדעטער דורך פּלעכאַנאָוון „גרופּע פון אַרבעטס־באַפריי־אונג". ווען די ביכלאַך זיינען אָנגעקומען, האָב איך די 4 ביכ־לאַך באַלד גענומען, און ווי אַ הונגעריקער האָב איך זיך צו זיי צוגעכאַפּט: איך האָב זיי דורכגעשטודירט.

אין פּלעכאַנאָווס ביכל „אונזערע חלוקי־דעות" האָב איך באַ־קומען נאָר אַן אַנדער באַלייכטונג פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין רוסלאַנד, און אַן אַנדער פּראָגנאָז פון זיי, ווי איך האָב פריער געהאַט. אין קעגנזאַץ מיט דעם „נאַראָדניק". וו. וו., האָט פּלעכאַנאָוו מיט ציפערן און פאַקטן אויפגעוויזן, אַז רוסלאַנד גייט אויף דעמזעלבן וועג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, ווי

גאַנץ אייראָפּע. אַלע רייד פון אַ באַזונדער אַנטוויקלונגס־וועג פאַר רוסלאַנד זיינען אַן אָפּגרעבסונג פון דער סלאַוויאַנאָפילישער טעאָריע, וועלכע זאָגט, אַז די רוסן זיינען אַן אויסדערוויילט פאָלק און אַז זיי דאַרפן שאַפן נייע וועגן פון אַנטוויקלונג, פון וועלכע אייראָפּע וועט דאַרפן נעמען אַ מוסטער.

וו. וו. אין זיין בוך „דער גורל פון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד" האָט זיך באַמיט צו דערווייזן, אַז אין רוסלאַנד אַנטוויקלט זיך ניט, און קאָן זיך ניט אַנטוויקלען, אַ גרויסער פּראָלעטאַריאַט, ווייל דער רוסישער פּויער איז, אַ דאַנק דער „אָבשטשינע", צופיל פאַרבונדן מיט דער ערד. קאָן דער רוסישער פּויער, הייסט עס, ניט פּראָלעטאַריזירן זיך.

שפּעטער האָבן מיר דיזעלבע טענות געהערט אין אַן אַנדער אָרט, און אין אַן אַנדער פאָרם, ווען מ'האָט אונז געוואָלט איינרעדן, אַז דאָס אידישע פאָלק קאָן זיך ניט פּראָלעטאַריזירן.

פּלעכאַנאָוו האָט אָבער געבראַכט ראיות, באַגרינדעט מיט ציפערן און פאַקטן, אַז די מיינונג איז אין גרונד פאַלש. דאַרף מען, הייסט עס, די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט לעגן ניט אויפן פּויער, נאָר אויפן אַרבעטער־קלאַס, וועלכער דאַרף און מוז אין רוסלאַנד אויסוואַקסן אין אַ גרויסער קראַפט, ווי אין אַנדערע לענדער.

דאָס צווייטע ביכל, וואָס איך האָב דורכגעלעזן, איז געווען „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט", וואָס האָט מיר געגעבן אַ פּאַרטיקן קאָדעקס פון דער אייראָפּעאישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, און מיין אינסטינקטיווע נייגונג צו טעטיקייט צווישן אַרבעטער האָט באַקומען אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג. מיינע אויגן האָבן זיך געעפנט, איך האָב באַקומען אַן אַנדער באַלייכטונג פון די סאָציאַלע פאַקטן אין לעבן.

די טעטיקייט צווישן די אַרבעטער־מאַסן האָט באַקומען ביי מיר אַן אַנדער אָנבליק; דאָס האָט שוין ניט געזאָלט זיין קיין סענטימענטאַלע „גיין אין פאָלק", „צום אינגערן ברודער", עפענען אים די אויגן, ווי ס'איז געווען ביי די פריערדיקע רוסישע סאָציאַליסטן, און אויך ביי מיר. דער אַרבעטער־קלאַס איז אין מיינע אויגן אויסגעוואַקסן אין אַ זייל, אויף וועלכן ס'דאַרף זיך

שטיצן די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג: דער אַרבעטער־קלאַס איז דער טרעגער פון אַ ווייטערדיקן עטאַפּ פון מענשלאַכער אַנטוויקלונג.

מיין ספּעציפיש־שטאָטישע פּסיכיק האָט זיך אינסטינקטיוו געצויגן צו אַזאַ טעאָריע, און איך האָב איר געפונען; און בכלל דאַרף איך זאָגן, אַז ס'איז גאָר ניט קיין צופאַל, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידייען האָבן געהאַט אַזאַ ערפאָלג אויף דער אידישער גאַס. די אידישע באַפעלקערונג, אויף וויפיל זי איז אַ שטאָטישע, דאַרף שאַפן די אינדוסטריע, און שאַפנדיק די אינדוס־טרי, מוז זי האָבן צוויי קעגנזעצלאַכע קלאַסן: די בורזשואַזיע און דעם אַרבעטער־קלאַס.

דעריבער האָט די ספּעציפיש־רוסישע באַוועגונג, וואָס איז געווען ענג פאַרבונדן מיטן רוסישן דאָרף, ניט געקאָנט האָבן אַזאַ ברייטע פאַרשפּרייטונג ביי אידן, ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע.

אונזער דור איז די זאַך נאָך ניט געווען אַזוי קלאָר, ווייל עס זיינען נאָך ניט געווען אינגאַנצן אַנטוויקלט די לעבנס־באַדינ־גונגען, וואָס זאָלן שאַפן אַזאַ קלאָרקייט. איז ביי אונזער קרייז, ווי ביים גאַנצן דור, געווען אַן אַנדער שטימונג: די איבעריקע מיטגלידער, ווער באַוואוסטזיניק, ווער אומבאַוואוסטזיניק, האָט זיך געצויגן צו „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, און די ביכלאַך פון פלעכאַ־נאָווס גרופּע האָבן אויף זיי ניט געמאַכט דעם רושם, וואָס אויף מיר.

אַ טייל חברים, און אפשר אַלע, זיינען אַרומגעגאַנגען, ווי פאַרטשאַדעטע, פון די טעראָריסטישע פלענער. דער וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר גורקאָ האָט זיי ניט געלאָזט רוען.

גורקאָ איז געווען דער אויסגעשפּראָכנסטער פאָרשטייער פון רוסישן רעזשים; אונטער זיין דרוק האָט דאָס געריכט אַרויסגע־געבן אַזאַ שרעקלאַכן אורטייל אויף די ערשטע „פּראָלעטאַריאַט־שיקעס“. דער משפּט איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1885 יאָר, און מיר זיינען געווען אונטער זיין איינדרוק. איז גורקאָ געווען דער איינציקער מענש, וועלכען מ'דאַרף אָפּראַמען פון וועג.

**מען האָט זיך געצויגן צו אַ ספּעציעלער העלדנטאַט, — צו פאַלן אַלס קרבן פאַר די אידייען.**

אויסער דער אידייע האָט דאָ אויך געשפּילט אַ ראָליע אַ ריין פּסיכאָלאָגישער שטריך. ווען טורגעניעווס העלד, רודין, האָט איינער אַ קריטיקער געזאָגט, אַז ער געהערט צו דעם טיפּ מענשן, וואָס איז גרייט צו גיין אויף דער תליה, אויב ער זאָל וויסן, אַז גאַנץ אייראָפּע קוקט אויף זיין טאַט.

ביי דער שטימונג, וואָס האָט געהערשט ביי אונז, האָט אַ קנאַפּע צוציאונגס־קראַפט געקאָנט האָבן דאָס אַוועקגיין טאָן אַ גאַנץ גרויע אַרבעט: פאַרשוואונדן ווערן צווישן דער גרויסער אַרבעטער־מאַסע.

איך האָב עס געוואוסט, און האָב גאָרניט געמאַכט קיין פּראָבע אַוועקצושטעלן די פראַגע אין קרייז.

נאָר מיט צוויי מענשן האָב איך גערעדט וועגן דעם: מיט זאַקן און מיט קאַסיושן. זאַק איז אָקאָרשט געקומען פון אַר־כאַנגעלסק, וואו ער איז געווען אַלס פּאָליטישער פאַרשיקטער. דאָס איז געווען אַ מענש פון אַ יאָר 30, מיט אַ בלאַס פּנים און אַ שוואַרץ בערדל, ניט קיין באַרעדעוודיקער, נאָר אַ טיף־דענקענ־דער מענש; ער איז געווען אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון ביכער, און פלעגט אָפט מיך באַזוכן. צווישן אונז האָט זיך געשאַפן אַ באַשטימטע התקרבות, און פאַר אים האָב איך אָנגעהויבן אַנט־וויקלען מיין נייע שטעלונג.

איך געדענק, אַז איינמאָל האָבן מיר אָפּגעשמועסט די גאַנצע צייט פון מיין דיזשור, און מיר זיינען זאַלבענאַנד אַרויס פון צימער. איך האָב געמאַכט אַ סך־הכל פון מיינע ווערטער און איך האָב געזאָגט: „מיר דאַרפן גיין אין פאַבריק!" דערויף האָט מיר זאַק געענטפערט, אַז ער איז מיט מיר פולשטענדיק מסכים. זאַק איז אָבער געווען אַ קראַנקער, אַן אויסגעמאַטערטער מענש, אין די לעצטע סטאַדיעס פון סוכאָטע.

דער צווייטער מענש, מיט וועלכן איך האָב גערעדט, איז געווען קאַסיוש, אַ מיטגליד פון קרייז, וועלכער איז אריינגעטראָטן אין אים, ווען דער קרייז האָט שוין שטאַרק פאַרשפּרייט זיין טע־טיקייט. קאַסיושס שטימונג איז געווען נענטער צו מיינער, און ער פלעגט אָפט צו מיר אריינקומען.

מיר פלעגן רעדן וועגן די אידייען, וואָס האָט מיט זיך גע־

בראַכט דער פרישער טראַנספּאָרט ביכער. דער פּועל־יוצא פון אַלע אונזערע רייד האָט געקאָנט זיין איינער: אַרויסטרעטן פון קרייז און אָרגאַניזירן אַ נייעם, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישן. נאָר דערצו זיינען מיר נאָך ניט דערגאַנגען. די צייט איז נאָך ניט געווען קיין אויסגעשפּראָכענע, זי איז געווען אַן אומבאַשטימטע: די זון פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט שוין געהאַלטן ביים זעצן זיך, די זון אָבער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אָנגעהויבן צו שיקן איצט אירע ערשטע שטראַלן.

אַזוי איז געווען אין די צענטרן, און אַזוי האָט אויך גע־מוזט זיין אין די פּעריפעריען. מיר זיינען נאָך געווען אַזעלכע ווי די צייט האָט אונז געמאַכט — פּאַר אומבאַשטימט; איז דעריבער געמאָלט געווען אַ צוזאַמענלעבן אין איין קרייז פון מענשן מיט פאַרשיידענע שטרעמונגען. שפּעטער האָט מען זיך דיפערענצירט, נאָר דאַמאָלסט איז אַזאַ דיפערענציאַציע ניט פאָר־געקומען.

קאַסיוש איז לסוף אַריבער צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. איך האָב דורכגעמאַכט אַ לאַנגן עטאַפּ, ביז איך בין געקומען צוריק צו די אידייען, וועלכע איך האָב שוין דאַמאָלסט, אין די יונגע יאָרן, געפילט. איך האָב דורכגעמאַכט אַ וועג פון אָפּטרייסלען זיך פון די רוסיפיקאַטאָרישע טענדענצן, וואָס זיינען אין מיר געווען איינגעפלאַנצט דורך דער רוסישער ליטעראַטור און דורך דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און בין גע־קומען באַוואוסטזיניק שוין צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַ־וועגונג אויפן אידישן באָדן, צו די אידישע אַרבעטער־מאַסן, צו דער פּאַרטיי פון אידישן אַרבעטער — צום „בונד", און דאָס האָט ביי מיר פאַרנומען צייט, אין וועלכער איך בין געווען ווייט צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג בכלל, ניט פיינדלאַך, נאָר ווייט. מיינע גייסטיקע אינטערעסן זיינען דאַמאָלסט געלעגן אין אַן אַנ־דער פלאַכקייט, און סאָציאַלע און פּאָליטישע פראַגן האָבן מיך דאַמאָלסט ניט אינטערעסירט.

דער דור פון די 90ער יאָרן איז געווען גליקלאַכער פון אונ־זערן; ער האָט אויף דער רוסישער גאַס שוין געפונען אויסגע־

שפּראָכענע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידייען; ער האָט שוין ניט באַדאַרפט זוכן, וואו מאַשטשעט מען זיך איין מיט די אידייען.

מיר, מענשן פון דור פון די 80ער יאָרן, האָבן געמוזט אויסמאַטערן אויף אונזערע אייגענע פּלייצעס די נייע ווענדונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, און אָנלעגן אַ סך, זייער אַ סך וועג.

און גראַדע אין דעם מאָמענט, ווען עס האָבן אָנגעהויבן אויף מיר צו ווירקן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידייען, האָבן זיך פאַרמאַכט די אידישע אַרבעטער־קורסן, וועלכע איך האָב אָרגאַניזירט.

דאָס פאַרמאַכן זיך פון די קורסן איז געווען פאַר מיר אַ מאָראַלישער קלאַפּ. די טעטיקייט פון קרייז האָט מיך נאָך פריער אויפגעהערט צו באַפרידיקן, און דאָ זיינען אָנגעקומען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ביכלאַך, וואָס האָבן פאַרפעסטיקט די אינסטינקטיווע אומצופרידנהייט. און דאָ האָבן זיך פאַרמאַכט די קורסן, אויף וועלכע איך האָב אַזוי פיל האָפנונגען געלעגט און וועלכע, האָט זיך געדאַכט, האָבן ניט קיין רעכט אויף עקזיסטענץ. אומקערן זיך צוריק צום אַמאָליקן פּלאַן צו גיין אין פאַבריק אַריין? נאָר ווי מאַכט מען עס? אויף וועלכן וועג?

דאָס מזל האָט געבראַכט פאַר מיר אַן אויסוועג. די אידישע גמינע האָט געעפנט האַנטווערקער־וואַרשטאַטן צוצוגרייטן אידישע בעלי־מלאכות; דאָרט איז געעפנט געוואָרן אויך אַ שלאָסער־אָפּטיילונג.

דער אינספּעקטאָר פון די קורסן איז געווען, דאַכט מיר, מייזל. מייזל האָט מיך מאָדנע אָנגעקוקט, ווען איך בין געקומען צו אים פאַרשרייבן זיך; ער האָט געזען פאַר זיך אַן אינטעליגענטן בחור, און ער האָט מיך אָנגעהויבן אָפּצורעדן פון מיין באַשלוס צו לערנען זיך די אַרבעט; די אַרבעט איז אַ שווערע, ס'איז ניט לייכט איר זיך אויסצולערנען, און וואָס גיט סוף כל סוף מלאָכה? די, וואָס האָבן ניט קיין אַנדער ברירה, איז עפּעס אַנדערש.

איך האָב געענטפערט, אַז איך האָב באַשלאָסן לעבן פון פיזישע אַרבעט, און בין אַריינגעטראָטן אויף די קורסן. אין אַ מאָנאַט אַרום האָט דער מייסטער, אַ פּאָליאַק, וואָס האָט אונז געלערנט די אַרבעט, געזאָגט: „פון דיעם ליטוואַק וועט זיין אַ

גוטער בעל־מלאָכה!" און האָט מיר שוין געגעבן מאַכן טיילן פון א שלאָס.

דעם גאַנצן שלאָס איז מיר שוין אָבער ניט באַשערט געווען צו מאַכן: איך בין אַוועקגעפאָרן פון וואַרשע קיין לאָדז.

די לאַגע אין דער היים איז געוואָרן אומדערטרעגלאַך. פאַר־דינט האָב איך פון פריוואַטע לעקציעס אפילו ניט אויף מיין אייגענער הצטרחות. איך פלעג קוים קאָנען פון די פאַרדינסטן צאָלן דירה־געלט, מאַכן אַ שטיקל מלבוש, איך בין געווען צופיל פאַרנומען מיט דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, איך זאָל קאָנען האָבען גרעסערע פאַרדינסטן.

פאַר אַ בחור פון 18—19 יאָר עסן ביי די עלטערן, און ניט גרייטן זיך צו קיין ריכטיקער קאַריערע, איז אַ קנאַפּער פאַרגע־ניגן. ווען איך בין געווען אין גימנאַזיע, האָב איך געהאַט אַ פאַרענטפערונג אויף אַלץ.

באַקומט זיך פון לאָדז גראָד אַ בריוו פון מיינעם אַ פעטער, וועלכער האָט געוואוסט פון מיינע עלטערנס קינדער־דאגות; ער שרייבט, אַז ער קאָן מיך איינאָרדנען אין לאָדז אין אַן אַפּטייק. דאַמאָלסט איז אין אַן אַפּטייק אָנקומען געווען זייער אַ שווערע זאַך, האָבן זיך די עלטערן מיטן פעטערס פאָרשלאַג זייער דער־פרייט און איך אויך.

אין די וואַרשטאַטן אַרבעט איך שוין 4 מאָנאַטן, און איך זע ניט, אַז איך זאָל אינגיכן דערגרייכן אַזאַ קענטעניש, אַז איך זאָל קענען גיין אין פאַבריק אַלס אמת'ער אַרבעטער; און דאָ מאַכט זיך אַזאַ גלענצנדע געלעגנהייט: אָנקומען אין דעם צענ־טער פון דער פוילישער אינדוסטרי, אין אַ שטאָט, וואו סזיינען דאָ אַזוי פיל פאַבריקן און אַזאַ גרויסע אַרבעטער־מאַסע.

איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם, און בין אַוועקגעפאָרן קיין לאָדז.

דאָס איז געווען אין זומער פון 1887 יאָר.

* * *

איך האָב אויסגערעכנט די פּערזאָנען, וועלכע זיינען געווען ביי דער ערשטער גרינדונג פון קרייז, און וואָס האָבן אָנגעפירט מיטן קרייז די גאַנצע צייט. זיי זיינען געשטאַנען אויף דער

שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס ס'האָט געשאַפן דער קרייז. עס זיינען שפּעטער אריין אין קרייז נאָך מיטגלידער, נאָר די אָנפירנדע ראָל איז פּאָרט געבליבן אין די הענט פון די גרינדער פון קרייז.

פארשטייט זיך, אַז דאָס קליינע הייפל מענטשן האָט ניט גע־קאָנט אנטוויקלען אַזאַ גרויסע טעטיקייט, ווען ארום זיי וואָלט ניט געווען קיין גינסטיקע אַטמאָספערע, קיין פּאַסיקע שטימונג אין דער סביבה, אין וועלכער זיי האָבן זיך ארומגעדרייט.

זייער ארבעט וואָלט ניט געקאָנט האָבן אַזאַ ערפאָלג, ווען זיי וואָלטן ניט געהאַט קיין מענטשן, וועלכע האָבן זיי מיטגעהאָלפן אין זייער אַרבעט. זיי האָבן קאָנצענטרירט ארום זיך מענטשן, וואָס זיינען נוציק געווען פאַר דער טעטיקייט פון קרייז.

מיר זיינען געווען דער צענטער, וועלכער האָט געהאַט ארום זיך אַ גרויסע פּערעפעריע. אָט די געשאַפענע דורך אונז פּערעפעריע האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונ־זערע אידייען.

אסך מענטשן זיינען געווען אין דער פּערעפעריע, נאָר ניט וועגן אַלע וועט מיר אויסקומען צו ריידן. איינִיקע אָבער מוז איך דערמאָנען.

מ ש ה ט אַ ב ע נ ק י ן. מיר האָבן אים פּשוט גערופן „מאָשע". ס'זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס זיינען באַשיינט פון דער נאַטור מיט אַ באַזונדערן אינערלאַכן גלאַנץ. זיי זיינען אָפט ניט באַגאַבט מיט באַזונדערע פייאַיקייטן, מיט באַזונדערע טאַ־לאַנטן, דאָך ציען זיי צו זיך מענטשן מיט זייער אינערלאַכער שיינקייט.

אָט צו דעם טיפּ מענטשן האָט געהערט משה טאַבענקין. טאַבענקין האָט ניט געהאַט קיין דירעקטע שייכות צום קרייז: ער איז ניט געווען קיין אָפיציעלער מיטגליד פון קרייז, און דאָך איז ער געווען איינער פון די וויכטיקסטע.

טאַבענקין האָט זיך באַוויזן אין קרייז מיטאַמאָל. ליבין האָט אונז איינמאָל געמאָלדן, אַז ער האָט איינגעלאַדן צו אונזער גע־מיינזאַמער לעזונג זיינעם אַ באַקאַנטן פון סלוצק.

ער איז געקומען, און ארויסגערופן אונזער אַלגעמיינע אויפ־

מערקזאַמקייט מיט זיין אויסערלאַכן אויסזען. מיר זיינען אַלע געווען בחורים'לאַך אונטער 20 יאָר, און ער איז שוין געווען אַ באַלעבעסל פון אַ יאָר 30, מיט'ן אויסזען פון אַ געוויינטלאַכן איד מיט אַ בערדל פון איין זייט פאַרצופּט פון שטענדיקן, זעט אויס, רייסן איר ביים לערנען. און אָט ביי דעם, האָט זיך אויסגעדוכט, פּשוט'ן אידן, האָבן ארויסגערופן אַן אינטערעס די אידייען, מיט וועלכע מיר זיינען געווען באַגייסטערט.

מיט אַזאַ אויסערלאַכן אויסזען זיינען מיר געווען געוויינט צו זען סוחרים'לאַך, באַלעבאַטימלאַך פון געשעפטן; נאָר אַ סאָציאַליסט מיט אַזאַ אויסזען...

און דער איד האָט טאַקע געהערט צו דער סוחר'ישער בראַנזשע: ער איז געווען אַ בוכהאַלטער פון אַ מאַנופאַקטור־געשעפט. מיר זיינען געוואָר געוואָרן, אַז דער איד האָט אַ ווייב מיט אַ קינד, וועלכע ער האָט שוין אריבערגענומען קיין וואַרשע; אַז ער האָט געדונגען אַ דירה אויף די נאַלעווקעס אין ביאַלער'ס הויז, און אַז זיין ווייב וועט דאָרט עפענען אַ געשעפט: זי וועט געבען היימישע מיטאָגן.

דאָס ווייב זיינס, חיענע, האָט זיך איינגעאָרדנט אין איר וואוינונג, און מיר זיינען צום ערשטן מאָל צוגעגאַנגען אַ קוק טאָן, ווי עס זעט אויס די דירה, וואו די פון אונז, וואָס האָבן ניט קיין עלטערן אין וואַרשע, וועלן זיך שפּייזן, און וואו מיר וועלן קאָנען אומגעשטערט זיך טרעפן.

מיר האָבן זיך ביי דעם פּאָר פאָלק באַלד דערפילט אין אַן היימיש־ליבלאַכער סביבה, און אַזאַ איז זי פאַרבליבן אויף שפּעטער. דאָס איז געווען אַ געבענטשט פּאָר פאָלק.ביידע — מיט אַ זעלטענער ליבשאַפט איינער צום אַנדערן, ביידע — מיט אַ נאַטירלאַכע אינטעליגענץ, וואָס עס פאַרמאָגן גליקלאַכע נאַטורן, ביידע — אמת־גוטע מענטשן. מאָשע האָט נאָך אריינגעטראָגן אין דער סביבה דעם טיפן, באַזאַכטן שכל, די גרויסע אינטעליגענץ, באַקומענע פון ספרים און ביכער.

מאָשע איז אַמאָל געווען אַ ישיבה־בחור אין וואָלאָזשינער ישיבה. געהאַלטן ניט ווייט פון סמיכות; ער האָט אָבער באַצייטנס פאַרקירעוועט אויף אַן אַנדער וועג, ער האָט איבערגעריסן

**מיט דער אידישער תורה, און זיך גענומען צו דער תורה פון די אומות העולם.**

ווי יעדער ישיבה־בחור, וואָס האָט איבערגעריסן זיין לערנען אין ישיבה און האָט זיך גענומען צו וועלטלעכע וויסנשאַפטן, איז ער געווען דאָס, וואָס מען רופט אָן ביי אונז אַן אפיקורס, אַ ניט קיין גלויביקער איד. נאָר ער האָט ניט געהערט צו די געוועזענע ישיבה־בחורים, וואָס „קעמפן מיט גאָט". אים האָט ניט געאַרט אַז אַ צווייטער איד איז פרום: ער האָט ניט געמאַכט קיין פּראָבעס אַראָפּצופירן אימיצן פון וועג. זיינע אויגן זיינען שוין געווען גע־קירעוועט צו די סאָציאַלע פראַגן, און די רעליגיעזע פראַגן האָבן אים ניט אינטערעסירט. ווען אים פלעגט אויסקומען צו רעדן וועגן רעליגיעזע פראַגן, פלעגט ער אַרויסווייזן רעליגיעזע בקיאות, נאָר ער פלעגט זייער זעלטן און זייער ניט גערן דאָס טאָן.

מיט זיין אפיקורסות פלעגט ער זיך ניט באַהאַלטן. ער איז געווען אַ בוכהאַלטער אין אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אויף נאַלעווקעס, און אים פלעגט אויסקומען אַסך האָבן צו טאָן מיט די וואַרשעווער טאַנדעטניקעס — מיט פרומע אידן, אָדער מיט די „זעקל־אידלאַך" פון דער פּוילישער פּראָווינץ. אַזוי ווי ער פלעגט קיין באַזונדער אפיקורסות ניט אַרויסגעוויזן, פלעגן זיי אים האַלטן, אויב ניט פאַר קיין פרומען, איז יעדנפאַלס פאַר ניט קיין אַנטי־רעליגיעזן מענטשן.

איינמאָל זונטיק קומט צו אים אין געשעפט אַ טאַנדעטניק, און זאָגט טאַבענקינ׳ען: „ר׳ משה, איך האָב אייך נעכטן געזען מיט אַ פּאַראַסאָל, ווי פּאַסט איר עס אויס צו טראָגן אַ פּאַראַסאָל אום שבת?"

זאָגט אים טאַבענקין: „מיך נעכטן אין גאַס מיט אַ פּאַראַ־סאָל?... סיידן ווען איך בין געפאָרן אין טראַמוויי אין באַנק, ווייל אויסער דאָס מאָל בין איך דעם גאַנצן טאָג ניט אַרויס פון שטוב."

דער טאַנדעטניק האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן, און טאַ־בענקין האָט אים מיט זיין ליבלאַך־רואיקן שמייכעלע געזאָגט: „איר ווייסט דען ניט, אַז איך בין ניט קיין פרומער איד?"

ווען טאַבענקין האָט אונז דערציילט די מעשה, האָבן מיר אַלע האַרציק געלאַכט.

**מיט דער צייט האָט זיך ביי די קליענטן פון געשעפט אויס־**

געאַרבעט אַזאַ קוק אויף טאַבענקינ׳ען: טאַבענקין איז אייגנטלאַך ניט קיין פרומער איד, נאָר קיין אַפּיקורס איז ער אויך ניט. ער איז ניט גלייך צו די אַפּיקורסים ימח־שמו׳ניקעס, וואָס זיי פלעגן אָפט טרעפן צווישן די געקומענע ליטוואַקעס.

דאָס געשעפט איז אים געווען צו לאַסט. ער וואָלט גערן אוועקגעוואָרפן אַלע מסחרים, ווען ער וואָלט עס געווען אומשטאַנד.

באַלד נאָך דער חתונה איז ער געוואָרן אַ קאָמיסיאָנער. ער אליין שטאַמט פון סלוצק, זיין ווייב פון באָברויסק, האָט ער גע־קאָנט האָבן אַ קליענטור פוןביידע שטעט. ער האָט זיך אַרומ־געקוקט, אַז ער איז צו קאָמיסיאָן ניט מסוגל, און ער איז אָנגעקומען אין אַ געשעפט אַלס בוכהאַלטער. ווייניקסטנס, פלעגט ער זאָגן, דאַרף ער ניט טראָגן אויף זיך די גאַנצע אחריות פון געשעפט.

איז ביי אים דאָס געשעפט געווען אַן אַפּקומעניש, אַ יאָך, וועלכע ער האָט געוויסנהאַפט געטראָגן, און זיך ניט געקלאָגט. ער האָט ניט געהערט צו די מענטשן, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט אייגענע ווייטאָקן... ער האָט בכלל ניט געהערט צו די מענטשן, וואָס האָבן ליב און קאָנען אַסך ריידן, פלעגט ער זיך אַנטפּלעקן נאָר פאַר זיינע נאָנטע, זייער נאָנטע אינטימע גוטע פריינט, און צו זיי האָב איך געהאַט דאָס גליק צו געהערן.

אָט דער שווייגעדיקער, קנאַפּ־רעדעווודיקער מענטש האָט גע־האַט אַ טבע אַסך צו געבן נשמה־וואַרעמקייט זיינע נאָנטע, און כל זמן ער האָט געלעבט, האָב איך ניט געשפּירט דאָס געפיל פון איינזאַמקייט אין די צייטן, וואָס איך פלעג זיך געפינען אין וואַרשע.

פרילינג און זומער, גאַנץ פרי, איידער די געשעפטן פלעגן זיך עפענען, פלעגן מיר זיך ביידע טרעפן אין קראַשינסקי׳ס גאָרטן. זיין נאַטור איז געווען נישט קיין סך צו רעדן און דאָך פלעג איך זיך מיט אים זייער גוט פילן. און ער... טאָמער פלעג איך אַמאָל ניט קומען, פלעגט ער שוין געוואָר ווערן, וואָס מיט מיר איז.

ווינטער, אין די גרויסע לאַנגע אָוונטן, פלעגן מיר אָפּזיצן זאַלבעדריט: איך, מאָשע און זיין ווייב — חיענע, און אַמאָל זאַלבעפערט: עס פלעגט צוקומען נאָך חיענע׳ס שוועסטער,

סטערנע. מיר פלעגן אָפּזיצן אַ גאַנצן אָוונט, און מיר איז ניט געווען לאַנגווייליק, און דאָס געפיל פון ליבלאַכער ווארעמקייט האָט זיך געשפּירט אין משה׳ס סביבה.

דאָס איז שוין אָבער געווען, ווען דער קרייז האָט שוין ניט עקזיסטירט, און ווען די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען שוין געווען טיילווייז צעוואָרפן אין אַרבע פינות העולם, און איך פלעג פון צייט צו צייט קומען קיין ווארשע.

ווען דער קרייז האָט אָבער עקזיסטירט, איז טאַבענקין געווען אַ שטאַרקע אָנשפּאַרעניש פאַר׳ן קרייז און זיינע מיטגלידער; ער איז געווען באַהילפיק מיט טראַנספּאָרטירן אומלעגאַלע ליטעראַ־טור. זיין דירה, וואָס האָט זיך געפונען אין איינעם פון די באַ־וועגלאַכסטע דורכגאַנגס־הויפן פון נאַלעווקעס אויף דזיקע, איז געווען זייער אַ בעקוועמער און זיכערער אָרט אויף צוזאַמצוטרעפן זיך; אויף זיין אדרעס האָט זיך באַקומען די קאָרעספּאָנדענץ.

ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט געוואוסט אַלע סודות פון קרייז, ווייל אַלע זיינען געגאַנגען צו אים.

מאָשע האָט געהאַט אַ גוטע שטעלע, און חיענע האָט פאַר־דינט פון היימישע מיטאָגן; דאָך זיינען זיי געווען שטענדיק פאַר־ענגט. פאַרוואָס, האָט מען פון אים ניט געוואוסט, נאָר צופעליק פלעגט מען עס געוואָר ווערן.

דאָ פלעגט ער דאַרפן אויסצאָלן פאַר אַ זינגער׳ס מאַשין, וועלכע ס׳האָט גענומען אַ ליטוויש מיידל אויף אויסצאָלן, און פאַר וועלכע ער האָט זשירירט. זי איז ניט אומשטאַנד געווען צו צאָלן, פלעגט ער צאָלן פאַר איר; דאָ פלעגט ער צאָלן ביי אַ פּראָ־צענטניק וואָכער־געלט, וואָס ער האָט ניט גענומען...

זיין שטוב איז געווען אַן עיר מקלט פון עמיגראַנטן פון אַ רייע שטעט פון מינסקער גובערניע: פאַר סלוצקער, באַברויסקער, ניעסוויזשער, קלעצקער, נאַוואַראַדאָקער, א. א. וו.

אָט דער גוטער און איידעלער מענטש האָט געקאָנט זיין אי ניט גוט אי ניט איידל צו די, וועלכע ער האָט ניט ליב געהאַט, און ניט ליב האָט ער געהאַט מגושמ׳דיקע מענטשן; מענטשן, וואָס האָבן ניט אַ וועלכן ס׳איז גאָט אין הארצן, מענטשן, וואָס ווילן

צופיל פון לעבן און גיבן צו ווייניק. אזעלכע מענטשן פלעגט ער פון זיך גיך אָפּשטויסן.

איז ביי אים געווען אַן עיר מקלט פון געקליבענע, ווען איך זאָגן, פּערזאָנען: זיינע אורחים האָבן זיך ארויסגעטיילט פון דער ארומיקער ליטווישער עמיגראַנטן סביבה.

קיין געזונטער איז מאַשע ניט געווען, און זיין געזונט איז נאָך פאַרשוואַכט געוואָרן דורך זיין ארעסט. צוליב א טעלעגראַמע, וואָס איז געווען אַדרעסירט אויף זיין נאָמען פון אויסלאַנד, פון אַן אַנטלאָפענעם רעוואָלוציאָנער, האָט מען אים אין 1889 יאָר ארעסטירט, און מען האָט אים אוועקגעזעצט אין ציטאַדעל.

צוועלף טעג איז ער אָפּגעזעסן. קיין באַזונדערע באַווייזן זיינען קעגן אים ניט געווען; און דער זשאַנדאַרמסקי, רחמנות האָבנדיק אויף זיין ווייב, וועלכע איז געווען מעוברת אין די לעצטע מאָנאַטן, האָט אים ארויסגעלאָזן ניט פאַרציענדיק זיין זיצן.

די 12 טעג האָבן אָבער געהאַט א שלעכטע ווירקונג אויף זיין געזונט. דער פּראָצעס פון סוכאָטקע האָט זיך שוין ביי אים, ווי עס זעט אויס, אָנגעהויבן פריער, און מיט'ן ארעסט האָט ער זיך פאַרשטאַרקט, און ס'איז געוואָרן בולט, אַז מאַשע איז דורך דער נאַטור פאַר'משפט. די קרענק איז אוועק מיט אירע זיכערע שריט, און זיין פרוי, וועלנדיק אים ראַטעווען, איז מיט אים אַרויסגעפאָרן אין 1892 יאָר קיין סלאַוואוטע, און ער איז דאָרטן אין הערבסט געשטאָרבן.

איך בין דאַמאָלט געווען אין ביאַליסטאָק; באַקום איך א בריוו פון סלאַוואוטע פון מאַשע'ס ווייב. ביים טויטן קערפּער שרייבט זי מיר, אַז מאַשע איז געשטאָרבן. דער בריוו איז געווען גיכער א געשריי פון א מענטשן, וואָס איז משוגע געוואָרן פון צער, איידער א געוויין נאָך א פאַרשטאָרבענעם מענטשן... זי האָט אַלץ אָנגעוואָרן...

מיינע בריוו פלעג איך באַקומען אין א קאַנטאָר. דעם בריוו האָב איך שוין דורכגעלייענט אויף דער גאַס, און איך האָב געמוזט אריינלויפן אין דער ערשטער בעסטער קראָם, וואו איך האָב אויסגעבראָכן שוין מיט א היסטערישן געוויין: עס איז געשטאָרבן מיין בעסטער פריינט, וועלכען איך האָב אמאָל געחאַט

אין לעבען, און איינער פון די שענסטע מענטשן, וואָס איך האָב וואו עס איז געטראָפן.

ער האָט געלאָזן אַ זון יצחק, איצט אַ גאַנץ באַוואוסטער פּועלי־ציוניסט, און אַ טאָכטער, נאַטאַלקע, מיט וועלכער זיין ווייב האָט געטראָגן, ווען זי פּלעגט גיין צום זשאַנדאַרמסקי.

זיי ביידע, צוזאַמען מיט דער מוטער, געפינען זיך איצט אין פּאַלעסטינע.

סלאָנימסקי און דער בריסקער קרייז. אין בריסק, ווי אין אַנדערע ליטווישע אידישע שטעט, האָט אין די 80ער יאָרן עקזיסטירט אַ גרופּע יונגוואַרג, וואָס איז געווען אונטער דער ווירקונג פון די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע שטרעמונגען פון דער רוסישער ליטעראַטור. די פיזיאָנאָמיע פון קרייז איז נאָך ניט געווען קיין קלאָרע, קיין דייטלאַכע: ס'האָט זיך נאָר גע־מערקט אַ סטיכישע רעוואָלוציאָנערע שטרעמונג. די בריסקער פּלעגן לעזן די אַלע ביכלאַך, וואָס האָבן זיך גערעכנט פאַר די נייטיקסטע און וויכטיקסטע צום לעזן. אויף זיי, ווי אויף אַלע אַנדערע פון זייער דור, האָט געהאַט אַן השפּעה די רוסישע שיינע ליטעראַטור, די 'נאַראָדניטשעסקע" ליטעראַטור; אויף זיי האָט געהאַט אַן השפּעה פּיסאַרעוו, דאָבראָליובאָוו, א. א.

זיי פּלעגן צוזאַמען לעזן, אָפט טרעפן זיך, און בכלל פירן אַ געמיינזאַמע לעבן. די אינטערעסן פון יעדן באַזונדער זיינען געווען נאָענט דער גאַנצער גרופּע. אין גרונט איז דאָס געווען אַ קרייז פאַר זעלבסט־בילדונג מיט אַ באַשטימטער באַפאַרבונג — אַ רעוואָלוציאָנערער. דאָס איז ניט געווען קיין איינהייטלאַכע גרופּע; צווישן זיי זיינען געווען אינטעליגענטן, האַלב אינטעלי־גענטן, און גאָר קנאַפּע אינטעליגענטן, נאָר זיי אַלע זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט איינע און דיזעלבע שטרעמונגען.

אין דעם דאַמאָלסטיקן אידישן בריסק איז די גרופּקע געווען אַ באַזונדער ווינקל, אַ קנאַפּ־קענטיקס און אפשר גאָר קיין קענ־טיקס ניט. אין 1887 יאָר בין איך געווען אין בריסק; איך האָב זיך דערשפּירט אין אַן אמת־אידישער שטאָט; אַלץ איז געווען אידישלאַך; איר האָט קיין אַנדער שפּראַך ניט געהערט פון אידן, ווי נאָר אידיש.

נאָר ווען איך בין געקומען אויף דער דירה, וואו ס׳האָבן זיך אויפגעקליבן די מיטגלידער פון קרייז, האָב איך זיך מיטאמאָל דערשפּירט אין אַן אַנדער אַטמאָספערע; דאָס איז געווען די אַט־מאָספערע פון רוסיש־אידישן אינטעליגענט. דאָרט האָט מען גע־רעדט רוסיש, און מ׳האָט באַהאַנדלט די פראַגן, וועלכע האָבן אינ־טערעסירט די רוסישע אינטעליגענץ.

אין גאַס אָבער זיינען זיי ניט געווען קענטיק, און צו דער גאַס האָבן זיי קיין שיכות ניט געהאַט.

אַט די גרופּע איז ניט בכח געווען צו באַקומען אין בריסק די אַלע ביכלאַך, אין וועלכע זיי האָבן זיך געניייטיקט. זיי האָבן זיך געווענדעט צו אונז דורך זייערן אַ מיטגליד, יצחק סלאָנימסקי, וואָס האָט שוין געוואוינט אין ווארשע, און מיר האָבן זיך מיט זיי פאַרבונדן.

ווי איך האָב זיך באַקאַנט מיט סלאָנימסקי׳ן, געדענק איך ניט: איך געדענק נאָר, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו מיר גיין, און אָפט גיין. איינמאָל אין וואָך פלעגט ער קומען צו מיר אָפיציעל, אַלס פאָרשטייער פון דער גרופּע, און ווייטער פלעגט ער גיין צו מיר אַלס אַ נאָנטער מענטש. איינמאָל אין וואָך פלעגט ער ברענ־גען אַ פּעקל ביכער, וואָס די בריסקער גרופּע האָט שוין דורכגע־לייענט, און אָפּשיקן דורך אַ געלעגנהייט. אַנשטאָט דעם פּעקל פלעגט ער נעמען אַן אַנדער פּעקל ביכער. אַזוי פלעגט ביי אונז גיין די גאַנצע צייט.

איך האָב זיך מיט סלאָנימסקי׳ן שטאַרק באַפריינדעט, און איך פלעג אים אָפט און גערן זען ביי זיך.

סלאָנימסקי איז געווען אַ זון פון אַ קליינ־הענדלערקע, אַן אַלמנה, און ער איז ביי איר געווען אַ בן־יחיד. אין ווארשע האָט ער זיך געזאָלט לערנען אַ מלאכה, נאָר ער איז אַזוי געווען פאַר־נומען מיט די אינטערעסן פון דער בריסקער גרופּע און מיט די אינטערעסן פון אונזער קרייז, אַז ער האָט שוין קיין צייט ניט געהאַט צו לערנען זיך די אַרבעט, ווי געהעריק.

אויף וואָס ס׳פלעגט ביי אים אַוועקגיין די צייט, ווייס איך ניט גענוי. ער פלעגט אויספילן פאַרשיידענע „טעכנישע" אַרבעטן:

אויף אַ גאנג איז ער קיינמאָל ניט געווען פויל, ווער רעדט אוועק־פירן אַ פעקל אומלעגאַלע ביכער אין אַן אנדער שטאָט.

ער איז געווען ניט קיין באַזונדערס פייאיקער מענטש, און דערצו האָט ער נאָך רוסיש קנאַפּ געקאָנט; פעלגט ער פארלירן אַסך צייט ביים לעזן די ביכלאַך, וועלכע מען האָט געמוזט לעזן, כדי ניט אָפּצושטיין פון אַלעמען.

ער איז געווען אַ זעלטען־גוטער מענטש — פאר זיך האָט ער גאָרניט עקזיסטירט.

די מוטער האָט אים קנאַפּ שטיצע געקאָנט געבן. זי פלעגט אים נאָר יעדע וואָך צושיקן אַ גרויסן לאַבן ברויט, אַ קעז, און אַמאָל אויך פוטער. דער „עולם" פלעגט שוין וויסן דעם טאָג, ווען סלאָנימסקי האָט באַקומען זיין פּאָסילקע, פלעגט מען זיך ביי אים אויפקלייבן, און דאָס ברויט מיט די איבעריקע פּראָדוקטן פלעגט נעלם ווערן, און ער פלעגט נאָכדעם אַ גאַנצע וואָך ממש הונגערן.

אויף דעם עולם דאַרף מען זיך ניט שטארק וואונדערן: זיי פלעגן אויך גוט הונגערן. איך געדענק אַ דערציילונג פון מיינעם אַ גוטן באַקאַנטן, אויך אַ מענטש אַ נאָענטן צום קרייז, וועלכער האָט נאָכדעם געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט און געוואָרן דאָקטאָר מיט אַ גרויסע פּראַקטיק אין איינער פון די אוקראַיאינער שטעט. אין יענע צייטן האָט ער אָבער ווי געהעריק געהונגערט. דער הונגער האָט אים איינמאָל אַזוי דערנומען, אַז ער האָט זיך באַשלאָסן אויף אַ גנבה. ער איז אַריין אין דער באַרימטער אין יענער צייט קאַנאַרעק'ס קאָנדיטעריי אויף נאַלעווקעס, און האָט זיך געהייסן געבן קאַווע, בולקעלאַך, טשאַסטעס, און האָט אָפּגעגעסן. ווען דער קעלנער איז אוועק אין קיך נאָך קאַווע פאר אַן אנדער גאַסט, האָט ער זיך פּשוט אַרויסגעדרייט פון קאָנדיטעריי, ניט באַצאָלנדיק. דערציילנדיק די מעשה האָט ער מיר געזאָגט: „מער פון אַלץ פאַרדריסט מיך, וואָס כ'האָב באַ'גנב'עט דעם קעלנער — ער וועט דאָך מוזן באַצאָלן פאַר מיין עסן."
ווען זיינע געשעפטן האָבן זיך אין אַ צייט אַרום פאַרבעסערט — ער האָט געקראָגן אַ פּאָר גוטע „שטונדן" — איז ער אַריין צו קאַנאַרעק'ן, און באַצאָלט דעם קעלנער; ווען דער

אידישער קעלנער האָט אויסגעהערט די מעשה, — האָט ער מיט א שמייכל אים געזאָגט: „עס, זעט אויס, אַז איר זייט נאָך קיינ־מאָל קיין אמת'ער אָרימאַן ניט געווען!" איז ניט קיין וואונדער, אַז ביי אייגענע מענטשן האָט מען געהאַלטן פאַר אַ מצוה אָפּצועסן.

איינמאָל, ווען איך האָב באַמערקט, אַז סלאָנימסקי ליידט שוין צופיל, האָב איך אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ס'איז אַ קנאַפּער תכלית לאָזן אויפעסן מיטאַמאָל דעם איינציקן לאַבן ברויט; האָט ער מיר דארויף געענטפערט, אַז ער קאָן דאָך ניט עסן, ווען אַנדערע הונגערן.

איינמאָל איז ער אַוועקגעפאָרן אַהיים אויף פּסח, און איז גע־קומען צוריק מיט אַ נייעם אַנצוג, וואָס די מוטער האָט פאַר אים באַשטעלט. אין עטלאַכע טעג אַרום באַמערק איך, אַז סלאָנימסקי גייט שוין אין אַ צוריסענעם אַנצוג. פרעג איך ביי אים, וואו איז זיין נייער אַנצוג, לאָזט זיך אויס, אַז זיינער אַ בן־עיר האָט באַ־קומען אַן איינלאַדונג צו נעמען אַ שטונדע, און ער האָט ניט גע־קאָנט גיין מעלדן זיך צום ערשטן מאָל אין אַ צוריסענעם בגד. האָט סלאָנימסקי דערוויילע זיך געביטן מיט אים מיט די אַנצוגן.

זיין בן־עיר האָט ניט בדעה געהאַט אומצוקערן אים זיין נייעם אַנצוג, און סלאָנימסקי איז אויף זיין בן־עיר אין כעס ניט געווען. ער האָט געפונען, אַז זיין בן־עיר, וואָס גיט שטונדן, נייטיקט זיך גיכער אין זיין נייעם אַנצוג, ווי ער.

איינמאָל באַמערק איך, אַז אויף סלאָנימסקי'ס איין קאַמאַש שלעפּט זיך אַ שטיקל צוריסענע פּאַדעשווע, און איך האָב גע־וואוסט, אַז ער דאַרף האָבן אַ פּאָר גוטע נייע קאַמאַשן. וואונדער איך זיך: אַזוי גיך צוריסן די קאַמאַשן? לאָזט זיך אויס, אַז אַן אַנדער בן־עיר האָט זיך גענויטיקט אין גאַנצע קאַמאַשן, און אויך צוליב אַ נויטיקן ענין.

וואָס מער אונזער עולם איז באַהערשט געוואָרן דורך אַ טער־ראָריסטישער שטימונג, אַלץ מער איז סלאָנימסקי געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ער דאַרף טאָן אַ טעראָריסטישן אַקט. ער האָט דאָך אָבער אַ ווייך האַרץ, ער קאָן ניט גלייכגילטיק קוקן, ווי אַ מענטש פאַרשניידט זיך אַ פינגער, און מיט אַזאַ האַרץ גיין הרג'־ענען אַ מענטשן... דאַרף מען זיך, הייסט עס, פאַרהאַרטעווען.

סלאָנימסקי איז אוועק אויפ'ן ברעג פון ווייסל, אויסגעגראָבן ווערים און האָט אָנגעהויבן זיי קאַכיקען מיט גלאָז, און האָט צו־געקוקט, ווי זיי צאַפּלען זיך. ביי דער אָפּעראַציע האָט ער גע־חלש'ט.

נאָכדעם איז ער אומגעגאַנגען ווי אַ צומישטער. טויג ער, הייסט עס, צו גאָרניט... סוף כל סוף האָט ער עמיגרירט קיין אַמעריקע, און איז דאָרט געוואָרן אַ דראָגיסט.

נאָנט צום קרייז זיינען געווען נאָך צוויי מיטגלידער פון בריסקער קרייז: צוויי מיידלאַך. ביידע האָבן געטראָגן דעם נאָמען רבקה. האָט אימיצער אַ ליץ אָנגערופען איינער — רבקה שמואל א', און דער צווייטער — רבקה שמואל ב', און אַזוי זיינען די נעמען ביי זיי פאַרבליבן.

ביידע זיינען געקומען קיין וואַרשע צו ווערן זעלבסשטענדיק, לעבן פון אייגענער פּראַצע, און באַקומען נייטיקע אַנטוויקלונג. זיי זיינען אָנגעקומען צו שניידערקעס. די וואַרשעווער שניידערקעס פלעגן שטאַרק עקספּלואַטירן די אָנגעקומענע אומבאַהאָלפענע ליט־וואַטשקעס, און די ביידע רבקה'ס האָט מען אוועקגעשטעלט אַ געהאַלט אַ רובל אַ וואָך. אַט דער רובל האָט זיי באַדאַרפט קלעקן אויף אַלע זייערע הצתרכות'ן: עסן, דירה, קליידן, א. א. וו.

רבקה שמואל א' איז פון דער נאַטור געווען אַ שוואַכע, האָט געקראָגן מיט דער צייט סוכאָטע, און איז אוועקגעפאָרן אַהיים שטאַרבן.

רבקה שמואל ב' איז געקומען קיין וואַרשע אַ מיידל מיט ראָזע באַקן, אָפּגעווען אין אַ וואַרשע אַ יאָר 3, געאַרבעט און גע־לערנט זיך, און אַסך געלערנט זיך, זיך אַנטוויקלט, און איז אוועק־געפאָרן קיין בריסק שוין אָן ראָזע באַקן, אָבער מיט אַסך ידיעות אין קאָפּ ,און מיט אַן אויסגעשפּראָכענער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג. געקומען איז זי קיין וואַרשע מיט זייער וויניק ביל־דונג, און אומגעקערט זיך צוריק אַהיים אַלס אַן אינטעליגענטער מענטש, אין פולן זין פון וואָרט.

מיט אַסך יאָרן שפּעטער האָב איך אָפּגענומען וועגן איר אַ גרוס פון איינעם, אַ בונדישן טוער. זי איז אין די 90ער יאָרן

אַריין אין די אידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, און נאָכדעם גע־אַרבעט אַלס בונדיסטקע.

רבקה האָט זיך אָבער ניט גוט געפילט אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג; איר איז שווער געווען זיך צופּאַסן צו אַ מאַסן־באַוועגונג; זי איז געוויינט געווען צו אַרבעט אין קרייזן, וואו מ'האָט פון מענטשן געמאַכט למדנים.

און דאָ גייען דירעקט צו די ברייטע מאַסן, וועלכע האָבן שוין ניט קיין באַשטימטע פאַרבערייטונג — דאָס האָט זי ניט געקאָנט פאַרדייען. זי האָט סוף כל סוף עמיגרירט קיין אַמעריקע.

און ניט נאָר זי, נאָר אויך אַנדערע, וואָס האָבן אָנגעהויבן זייערע רעוואָלוציאָנערע קאַריערעס אין די 80ער יאָרן, האָבן ניט געקענט זיך צופּאַסן צו די שפּעטערדיקע פאָרמען פון באַוועגונג.

* * *

ווען איך הויב אָן זיך צו דערמאָנען וועגן אונזערע פרויען־געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום אונזער קרייז, שווימט ביי מיר אויף אין זכרון ניט קיין באַזונדערע פיגורן, נאָר אַ גאַנצע גרופּע. אַ כאַראַקטעריסטישע גרופּע פון די פרויען־רעוואָלוציאָ־נערינס. פאַרשיידן האָט געקאָנט זיין די סביבה, אין וועלכער יעדע פון זיי איז געבאָרן געוואָרן; פאַרשיידענע כאַראַקטערן האָבן זיך צווישן זיי געקאָנט טרעפן; פאַרשיידענע אינטעלי־גענץ האָט יעדע פון זיי געקאָנט האָבן, נאָר איין געמיינזאַמע שטריך האָבען זיי געהאַט: יעדע פון זיי איז געגאַנגען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג נאָך דעם מאַנסביל, וועלכן זי האָט ליב געהאַט. די ליבע צום מאַנסביל האָבן זיי אַריבערגעטראָגן אויף דער אידעע, מיט וועלכער ער איז געווען באַגייסטערט; צו דער אידעע זיינען זיי געקומען דורכ'ן געפיל. דאָס איז אייגנט־לאָך אַ טיף־כאַראַקטעריסטישער שטריך פון פרויען־כאַראַקטער.

אַזוי האָט אידייען איבערגענומען ניט נאָר די אידישע פרוי, נאָר אויך די רוסישע, וועלכע האָט געדינט פאַר דער אידישער אַלס ביישפּיל, אַלס מוסטער.

די רוסישע שיינע ליטעראַטור האָט געשילדערט אַסך פרויען־געשטאַלטן, וועלכע זיינען געווען פול מיט מסירת־נפש'דיקע אי־

בערגעבענהייט צו די אידייען, צו וועלכע זיי זיינען צוגעצויגן געוואָרן דורך מאַנסבילן.

און מ׳טרעפט אויך אָפט, אַז דער מאַנסביל באַפּוצט זיך מיט אידייען, ווי די פּאַווע מיט פּעדערן, ווי דער הירש מיט שיינע הערנער, כדי צו געפעלן ווערן דער אידעאַליסטיש־גע־שטימטער פרוי. מיט די אידייען באַזיגט אָפט דער מאַנסביל די פרוי, אָבער ניט זעלטן טרעפט, אַז די באַזיגטע איז אַ סך שענער, אויפריכטיקער בנוגע צו די אידעאַלן, צו וועלכע דער מאַנסביל האָט איר געבראַכט. ס׳טרעפט אָבער אויך, אַז די פרוי, נאָכגייענדיק דעם מאַנסביל, וועלכער באַזיגט איר מיט אידעאַלן, באַפרידיקט זי אירע טיפע מוטער־געפילן: זי וויל האָבן אַלס פאָטער פאַר אירע קינדער ניט דעם חומר׳דיקן, מגושמ׳דיקן מאַנס־ביל, נאָר דעם אידעאַליסטישן. און אין דעם פאַל איז די פרוי אויך שיין.

די אידישע פרוי, וואָס האָט גענומען אַן אַנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די 80ער יאָרן, האָט געשטאַמט אַם מייסטן פון אַ באַלעבאַטישער סביבה; זי איז איצט ניט לאַנג געוואָר געוואָרן, אַז ס׳איז דאָ אַ פרויען־עמאַנציפּאַציאָנס־באַוועגונג און אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, און געוואָר געוואָרן וועגן דעם איז זי פון מאַנסביל, וועלכער, סוף כל סוף, מוז זיך באַגעגענען מיט איר אויף איין סטעזשקע, מוז גיין מיט איר איין וועג, וואָס זאָגט די נאַטור. זי דאַרף חתונה האָבן, וויל זי חתונה האָבן דוקא מיט דעם, וועלכער האָט איר אַזעלכע שיינע חלומות דערציילט.

קיין זעלבשטענדיקע טוערקע איז זי ניט געווען.

און איך געדענק, אַז דאָס רוב אַנטיילנעמערקעס פון אונ־זער באַוועגונג זיינען געווען, אויסער זייער קליינע אויסנאַמען, באַגלייטערינס פון דעם אָדער יענעם בחור, און פאַרקערט: יעדער בחור האָט געהאַט זיין מיידל, ביי וועלכער ער האָט זיך גע־האַלטן, נאָר ער האָט איר אַגיטירט, ער האָט מיט איר געלעזן, ער האָט איר אָנגעוויזן די נייע וועגן, אויף וועלכע זי דאַרף גיין, — קורץ — ער איז געווען דער וועגווייזער פון דער, צו וועלכער זיין האַרץ האָט געצויגן.

אויף צוויי פון אָט די פרויען וועל איך זיך אָפּשטעלן:
אויף ר ח ל ל י פ ש י ץ א ו ן פ א נ י ע.

רחל ליפשיץ שטאַמט פון סלוצק, פון אַ אידישער באַלע־באַטישער אָנגעזעענער משפחה. זי איז אויך, ווי אַנדערע מיידלאַך, געקומען קיין וואַרשע לערנען זיך אַ מלאכה, ווערן זעלבסטשטענ־דיק. ווען מיר האָבן מיט איר זיך באַקענט, איז זי שוין געווען ליבינ'ס כלה. ביי איר אין צימער פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען, און, ניט זייענדיק קיין אָפיציעלער מיטגליד פון קרייז, איז זי געווען אַ שטענדיקע אַנטיילנעמערקע אין אַלע זיצונגען, וואָס פלעגן פאָרקומען ביי איר אין צימער, נאָר אַ שווייגעדיקע. פון איר היימישער סביבה האָט זי געמוזט באַקומען דעם נויטיקן טאַקט צו באַגיין זיך מיט מענטשן, זיין דאָס, וואָס מען רופט אָן: „אַ גאַסטפריינדלאַכע באַלעבאָסטע". מען זאָל זיך גוט צוקוקן צו אירע מיינונגען, וועט מען קאָנטיק מערקן, פון וואַנען זיי שטאַמען, און דאָך גלייכצייטיק מיט דעם האָט זיך געקאָנט מערקן איר אייגנאַרטיקער שכל, וועלכער האָט זיך פּסיכיש צו־זאַמענגעגאָסן מיט'ן שכל פון ליבינ'ען.

די צווייטע — פאַניע.

פאַניע שטאַמט פון מינסקער גובערניע. זי איז געווען זייער אַ בעשיידענע: מ'האָט ניט געוואוסט אפילו איר פאַ־מיליע, מיר האָבן נאָר געוואוסט, אַז מען רופט איר „פאַניץ". געוואוינט פון קינדוואייז צו פּראַצעווען, האָט זי אין וואַרשע אויך געאַרבעט אומגעהויער. זי געהערט צו דעם טיפּ פרויען־רעוואָלוציאָנערינס, וואָס זיינען בכח, באַקומענדיג איינמאָל אַ שטויס, צו גיין ווייטער אויף דעם זעלבן וועג, אויף וועלכן ס'האָט זיי געבראַכט דער מאַנסביל, אויב ער וועט אפילו אוועק־גיין אויף אַן אַנדער וועג. קיין אָנפירנדע ראָל איז זי ניט בכח געווען צו שפּילן, זי וואָלט אָבער שטענדיק געפונען אַ רעוואָ־לוציאָנערע אַרבעט, פאַר וועלכע זי וואָלט זיך מקריב געווען. אין וואַרשע, נאָך זייענדיק ראַבינאָוויטש'עס כלה, האָט זי אַ סך גרויע, נישט קאָנטיקע אַרבעט דורכגעמאַכט. וואו ס'איז נישט געווען דער גלאָק, דער טומעל, נאָר אַרבעט, דאָרט איז זי געווען.

צוויי פאַרשיידענע מענטשן זיינען דאָס געווען, רחל און

פאַניע: פאַרשיידענע כאַראַקטערן, פאַרשיידענע אַרטן פון שכל, פאַרשיידענע באַציאונגען צום פּראַקטישן לעבן, און דאָך געהערן זיי צו איין טיפּ: זיי זיינען פרויען, וועלכע האָבן ניט נאָר גע־שטרעבט נאַטירלאָך, ווי יעדע פרוי, צו פאַרייניקן זיך מיט דעם „באַשערטן", נאָר זיי האָבן אויסגעקליבן פאַר מאַנען אַזעלכע מאַנסבילן, וועמענס אַרט לעבן און טעטיקייט ס'זיינען געווען פאַרבונדן מיט גרויס געפאַר פאַר'ן פאַמיליען־לעבן.

זיי ביידע האָבן חתונה געהאַט אין די תפיסות: רחל מיט ליבינ'ען אין וואַרשעווער ציטאַדעל, פאַניע מיט ראַבינאָוויטש'ן אין בוטירקער טורמע אין מאָסקווע. אַוועק זיינען זיי מיט זייערע מענער אין וויטן קאַלטן סיביר, אין די ערטער, וואו דער ווינ־טער דויערט 9 מאָנאַטן, וואו ס'שטייען אַזעלכע פרעסט, פון וועלכע די בלוט אין די אָדערן ווערט פאַרגליווערט, וואו דאָס קוועקזילבער אין טערמאָמעטער ווערט פאַרפראָרן; זיי זיינען אַוועק אין די ערטער, וואו די פּאָסט ווערט געפירט אויף פערד דורך טויזנטער וויאָרסטן, קומט אָן איינמאָל אין 3 מאָנאַטן; וואו ס'וואוינען נאָר די האַלב־ווילדע יאַקוטן אין זייערע יורטעס; וואו ס'איז ניטאָ קיין רייד וועגן וועלכע ס'איז באַקוועמלאַכקייטן פאַר'ן ציוויליזירטן מענטש; וואו דער מענטש לעבט מיט אַ פּרימיטיוון לעבן... וואו מען ווערט אָפּגעריסן פון אַלץ, וואָס איז געווען טייערס און נאָנטעס אין לעבן, און מען ווערט אויף לאַנגע יאָרן ווי באַגראָבן גאָר אין די יונגע יאָרן...

צו אַזאַ טאַט דאַרף מען האָבן גרויסע מאָראַלע כוחות, און אָט מיט די מאָראַלע כוחות האָט זיך אויסגעצייכנט די אידישע פרוי, וועלכע האָט פאַרנומען אַ גרויסן פּלאַץ אין דער רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג.

ווי געזאָגט, איז קיין זעלבשטענדיקע טוערקעס צווישן פרויען כמעט ניט געווען, נאָר אויב זיי זיינען יאָ געווען, זיינען זיי גע־ווען קנאַפּ קענטיקע מענטשן. נאָר אויף איין קענטיקע, זייער קענטיקע, וועל איך זיך אָפּשטעלן.

איינמאָל ווערן מיר געוואָר, אַז עס דאַרף קומען זינאַידע ליפּשיץ. וועגן איר האָט מען שוין ביי אונז אין קרייז גערעדט, און אויף איר קומען האָט מען געוואַרט.

זינאַ ידעליפשיץ האָט געשטאַמט פון פּינסק, פון אַ פּאַרמעגלאַכער יחסנ׳דיקער משפּחה. איר פאָטער, אַ איד אַ למדן, מיט אַביסל השכלה, האָט איר געגעבן אַ פּאַסיקע בילדונג: זי האָט אפילו געלערנט העברייאיש. מיט איר אינטעליגענץ איז זי געווען מיט אַ פּאָר קעפּ העכער פון דער דורכשניטלאַכער אינ־טעליגענץ פון אַלע אַנדערע אידישע מיידלאַך, וועלכע האָבן גע־האַט אַ שיכות צו אונזער קרייז. זי האָט פאַרלאָזן די היים, דעם פאָטער׳ס שטוב, און האָט באַשלאָסן אוועקציפאָרן עפענען אַ וואַרשטאַט פון דאַמען־קליידער אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, לויט דעם רעצעפּט פון וויערא פּאַוולאָוונאַ, די העלדין פון רוסישן ראָמאַן „וואָס טוט מען?״ זי איז געקומען קיין וואַרשע דורכ־ריידן זיך מיט אונזער קרייז, און אַוועקפאָרן נאָכדעם קיין קיעוו, וואו זי האָט געהאַט גרויסע באַציאונגען אין געזעלשאַפט, וועלכע האָט איר באַדאַרפט שאַפן אַ קליענטור פאַר׳ן וואַרשטאַט. אָט דער וואַרשטאַט האָט געזאָלט מיט דער צייט זיין אַ מוסטער, לויט וועלכן מיר וואָלטן שוין געגרינדעט אַזעלכע ענלאַכע וואַר־שטאַטן. מיר האָבן געהאָפט צו באַשאַפן אַ גאַנצע נעץ אַזעלכע וואַרשטאַטן.

מיט איר קומען האָט זי געמאַכט אַ גרויסע אויפרודערונג ביי אונז אין קרייז. אַ קלוגע, ענערגישע, אינטעליגענטע און סימפּאַטישע מיידל, אַ זעלבשטענדיק־דענקענדער מענטש — דאָס איז פון די דערשיינונגען, דורך וועלכע מ׳קאָן ניט דורכגיין, און ניט באַמערקן.

זי האָט זיך ביי אונז לאַנג ניט געהאַלטן; זי האָט גע־איילט קיין קיעוו, כדי גיכער אָרגאַניזירן איר וואַרשטאַט. דאָרט איז שוין אפילו געווען געדונגען אַ דירה.

ס׳איז איר אָבער ניט באַשערט געווען אוועקצוגיין אויף דעם אויסגעקליבענעם דורך איר וועג. מיט׳ן וואַרשטאַט האָט זי זיך אָפּגעמאַטערט אַ צייט, און מער ווי קרענקונג און צרות האָט ער איר ניט פאַרשאַפט. זי האָט דערזען, אַז דעם אידעאַל פון בוך אַריבערטראָגן גלייך אין לעבן איז אַן אוממעגלאַכע זאַך. די קאָ־אָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע, די קאָמונע, ווי מען פלעגט איר רופן אין יענע צייטן, איז געווען קנאַפּ קאָמוניסטיש. יעדער האָט

געצויגן אין זיין זייט. דער וואַרשטאַט האָט זיך סוף כל סוף געמוזט פאַרמאַכט ווערן.

כל זמן דער וואַרשטאַט האָט עקזיסטירט, פלעגן נאָך צו אונז דערגיין ידיעות וועגן זינאַידע ליפשיץ; נאָכדעם איז זי פאַרשוואונדן געוואָרן; איך האָב איר אָנגעוואָרן פון אויג.

איך האָב זיך ווידער נאָך אַמאָל מיט איר געטראָפן. איך בין געקומען קיין וואַרשע האַלטן עקזאַמען אויף געהילף־פּראָ־וויזאָר; דאָס איז געווען אין 1891 יאָר. איך קום איינמאָל אַהיים, זאָגט די מוטער: „דאָ האָט אויף דיר אַ מיידל געפרעגט, און זי האָט געלאָזן איר אַדרעס." איך גיב אַ קוק: זינאַידע ליפשיץ, און זוכן דאַרף מען איר אין שכנות'דיקן הויף אויף נאַלעווקעס 33, ביי אירע קרובים פון פינסק.

מיר האָבן זיך געטראָפן. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ מענטש, וועלכער האָט, קענטיק, אַסך איבערגעלעבט; דאָס איז שוין ניט געווען דאָס יונגע, נאַאיווע באַגייסטערט מיידל, מיט וועלכער איך האָב זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן. דאָס איז שוין אַ דערוואַקסענער מענטש, וואָס האָט אַסך איבערגעלעבט און אַסך דורכגעמאַכט: זעט אויס, ניט לייכט האָבן זיך איר געגעבן די עטלאַכע יאָרן.

זי האָט זיך גענומען אויף אַ נייעם וועג: זי, אַן אינטעלי־גענט מיידל, האָט אַבסאָלוט ניט נויטיק צו גיין צום אידעאַל דורך פיזישע פּראַצע, און אויב יאָ זיין אַ זעלשטענדיקע פרוי, דאַרף זי עס מאַכן אויף אַן אופן, וואָס איז צוגעפּאַסט צו איר.

אין ווילנע האָט זיך געעפנט אַ שולע פאַר ציין־דאָקטוירים פון דזשעמס לעווי. די שולע האָט עקזיסטירט אַ קורצע צייט אין ווילנע, און נאָכדעם זיך אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע. אָט מיט דער שולע האָט אַריבערגעוואַנדערט פון ווילנע אויך זינאַידע ליפשיץ, וועלכע האָט זיך פאַרשריבן אין דער שולע פון די ערשטע.

די שולע פון דזשעמס לעווי איז געווען אַ נייס אין רוס־לאַנד, און איבערהויפּט אין תחום. אידישע מיידלאַך, וועלכע האָבן געשטרעבט צו זעלבשטענדיקייט, האָבן אָנגעפילט אָט די שולע. נאָכדעם זיינען אין וואַרשע געעפנט געוואָרן נאָך אַזעלכע

שולן, און אַלע זיינען פאַרפולט געוואָרן אָט מיט די אידישע מיידלאַך.

זינאַידאַ ליפשיץ האָט פאַרנומען אַ באַזונדער אָרט אין דער שולע. צו איר האָבן זיך באַצויגן מיט דרך־ארץ אי די צו־הערערינס, און אי די לעקטאָרן. זי איז שוין געווען, דאַכט מיר, אויפ׳ן דריטן סעמעסטער. זי האָט געוואָלט וואָס גיכער ענ־דיקן, און אַוועקפאָרן אין פּראָווינץ אין אַ אידישע שטאָט, און דאָרטן אָנהויבן אַ נייע טעטקייט.

מיר האָבן זיך אָפט געטראָפן אין דער צייט, ווען זי איז געווען אין וואַרשע. אונזערע שטימונגען זיינען געווען צוגע־פּאַסט; מיר ביידע האָבן געזוכט נייע וועגן. זי האָט געענדיקט און איז אַוועקגעפאָרן אין נאָוואָגראַד־וואָלינסק צו באַזעצן זיך דאָרט אַלס ציין־דאָקטאָר.

זי איז געקומען אין שטעטל אַ פאַרקילטע פון וועג, אָפּ־געקרענקט אַ צייט, באַקומען אַ געשוויר אין אויער, און געווען אַ צייט געפערלאַך. זי האָט זיך אויסגעקורירט, נאָר איר גאַנץ לעבן האָט זיך געביטן: דער אָרטיקער דאָקטאָר טרייניני, וואָס האָט איר קורירט, פלעגט מוזן אַלע טאָג צו איר גיין; ווען ער האָט געענדיקט די קוראַציע, האָט ער באַמערקט, אַז אים איז זיך שוין שווער צו שיידן מיט זיין פּאַציענטין, און תּאָט, ווי מען רופט עס אָן, געבעטן איר האַנט.

פון נאָוואָגראַד־וואָלינסק האָב איך באַקומען עטלאַכע בריוו פון איר. אין די ערשטע בריוו, באַלד נאָכן קומען, האָט זי זיך געקלאָגט, אַז זי פילט זיך ניט געזונט. מיט אַמאָל איז זי פאַר־שווינגן געוואָרן, און אָט קריג איך ווידער אַ בריוו, אין וועלכן זי שרייבט מיר, אַז זי איז געווען געפערלאַך קראַנק, און אַז געראַטעוועט האָט איר דער דאָקטאָר טרייניני, און נאָכדעם נאָך אַ בריוו, אין וועלכן זי שרייבט מיר, אַז דר. טרייניני האָט זיך איר דערקלערט, און זי ווייס נאָך אַליין ניט, וואָס אים צו ענטפערן...

זי האָט חתונה געהאַט, און איז פאַרשוואונדן פון מיין האָריזאָנט. מיט אַ יאָר אַכט שפּעטער, ווען איך האָב געוואוינט אין ביאַליסטאָק, האָט זיך באַקומען בּיי מיינע עלטערן אין

ווארשע אַ רוסישער בריוו מיט אַ פּאָר אידישע שורות. אין די פּאָר שורות איז געווען אַ בקשה צו מיינע עלטערן, אָפּגעבן דעם בריוו זייער זון אברהמ'ען, אויב ער איז אין ווארשע, און אויב ניט, אָפּשיקן צו אים, וואו ער געפינט זיך.

די עלטערן האָבן מיר דעם בריוו אָפּגעשיקט. דאָס איז געווען אַ בריוו פון זינאַידא ליפשיץ. אַ בריוו, אַ גרויסער, אויף 3 בייגעלאך פּאַפּיר. זי איז מיר מודיע, אַז זי וואוינט אין אסטראכאַן, אַז זי פּראַקטיצירט, אַז זי און דער מאַן האָבן אַ גוטע פּראַקטיק, זיי האָבן אַ גרויסע שיינע דירה, 2 דינסטן, אַ גובער־נאַנטין צו די קינדער. דאַכט זיך, אַלץ גוט; דאָך טיאָכקעט איר דאָס האַרץ. דאָס לעבן שטעלט איר ניט צופרידן, עס בענקט זיך איר נאָך אַן אַנדער לעבן; זי האָט זיך דערמאָנט אָן די יאָרן, ווען מיר האָבן אַזעלכע שיינע חלומות געהאַט, און בעט מיר שרייבן.

און איך האָב געענטפערט... איך האָב איר געענטפערט ווי אַ זאַטער ענטפערט אַ הונגעריקן. מיין מאַטעריעלע לאַגע איז דאַמאָלסט געווען גראַד ניט אַזוי גלענצענד: איך בין צופיל געווען פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלאַכער ארבעט, איך זאָל גענוג אויסארבעטן פאַר זיך מאַטעריעליש; נאָר גייסטיק בין איך גע־ווען דאַמאָלסט צופרידן אויפ'ן העכסטן גראַד: דאָס איז געווען נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, ווען ס'איז מעגלאַך געוואָרן אייניגע פאָרמען פון טעטיקייט אויפ'ן לעגאַלן וועג.

און איך האָב איר געשריבן, און אַן עצה געגעבן, זי זאָל זיך פאַרנעמען מיט געזעלשאַפטלאַכע ארבעט, וועט זי זיך אַזוי שלעכט ניט פילן, און האָב איר ארויסגעשיקט באַלד אַ פּאָר ביכלאַך פון פאַרלאַג „בילדונג”, אין וועלכן ס'זיינען אַזוי פיל מיינע כוחות אריינגעלייגט געוואָרן.

קיין איין איינציק וואָרט האָב איך דערויף פון איר ניט באַקומען.

דער הייסער מאָמענט פון מיין אָנגעשטרענגטער געזעל־שאַפטלאַכער ארבעט האָט זיך ניט ווילנדיק פאַרענדיקט, און איך האָב באַקומען צייט און מעגלאַכקייט אַ קלער צו טאָן וועגן

די אַלע פאַקטן, פאַר וועלכע איך בין אדורכגעגאַנגען, כמעט ניט באַמערקענדיק זיי, און האָב זיך אין זיי אַריינגעדרונגען.

חרפה און ווייטאַק האָב איך דערשפּירט, ווען איך האָב זיך דערמאָנט וועגן זינאַידע'ס בריוו, און מיין ענטפער אויף איר. ניט אַזוי האָט מען געדאַרפט ענטפערן אויף אַ וויי־געשריי פון אַן אָנגעווייטאָקטער, איידעלער נשמה. נאָר פאַרריכטן דעם פעלער איז שוין געווען אוממעגלאַך, דאָס האָב איך גוט געפילט: וואָס פאַר אַ צווייטע עצה קאָן איך איצט געבן?... ווי פאַרענטפערט מען זיך פאַר'ן בריוו?...

ס'זיינען אַוועק יאָרן, אַסך יאָרן. ס'איז געקומען די מלחמה. די מלחמה האָט מיר געגעבן די מעגלאַכקייט צו טרעפן זיך מיט אַ סך מענטשן, מיט וועלכע איך האָב זיך שוין לאַנג ניט געזען. מענטשן זיינען ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע איינגעזעסענע ערטער, און צעוואָרפן געוואָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד; און מיר גראַדע איז דאַמאָלסט אויסגעקומען אַ סך צו רייזן איבער רוס־לאַנד. פאַרשיידענע אַלטע באַקאַנטע, און אַמאָל גאַנץ נאָענטע, האָב איך געטראָפן. דאָס רוב באַגעגענישן זיינען געווען ניט קיין אַנגענעמע: זייער סימפּאַטישע, אינטערעסאַנטע אין די יונגע יאָרן מענטשן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין פאַרלויף פון יאָרן אין זייער קנאַפּ אינטערעסאַנטע מענטשן. מערקווירדיגע באַ־אָבאַכטונגען איז מיר אויסגעקומען צו מאַכן. איך האָב אויך גע־האָפט טרעפן זינאַידע. מיר איז נייגעריק געווען צו זען, וואָס האָט מיט איר פּאַסירט אין משך פון אַזוי פיל יאָרן. האָט זי זיך שוין באַרואיקט? האָט זי אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פון לעבן?... איך בין געווען זיכער, אַז יאָ.

איך האָב צו איר אָנגעשריבן אַ בריוו; איך האָב איר גע־שריבן, אַז איך הויב שוין אָן צו לעבן מיט ערינערונגען, און דאָס איז אַ סמן פון אָנגעקומענער עלטקייט און אַז איך לעב שוין מיט ערינערונגען, דאַרף איך זיך דערמאָנען אָן די, מיט וועלכע איך בין צוזאַמען אַריין אין לעבן אַלס יונגער מענטש. איך בעט איר, אַז זי זאָל מיר ענטפערן, וואָס מיט איר איז, וועל איך איר שרייבן אַ גענויען בריוו.

ס'זיינען אַוועק אַ פּאָר וואָכן, און קיין תשובה האָב איך

ניט באַקומען; כ'האָב שוין גערעכנט, אַז קיין תשובה וועט ניט זיין. איינמאָל קום איך אין קאַנטאָר פון „רוסקיע וויעדאָ־מאָסטי", וואו איך האָב געאַרבעט, און געפין פאַר מיר אַ רעקאָמענדירטן בריוו פון אַסטראַכאַן. דאָס איז געווען אַ בריוו פון זינאַידע טריינין. זי אַנטשולדיקט זיך אין בריוו, פאַרוואָס זי האָט מיר באַלד ניט געענטפערט. ביי איר איז געשען אַן אומגליק: איר מאַן איז מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק פּלוצלונג געשטאָרבן, און זי קאָן נאָך עד־היום ניט קומען צו זיך. זי שרייבט מיר עטלאַכע ווערטער, כדי צו געבן מיר די מעגלאַכקייט ווייטער איר צו שרייבן. עס פאַרט אין גיכן קיין פּעטערבורג איר טאָכטער, אַ סטודענטקע פון דאָרטיקן אוניווערסיטעט, זי וועט אָפּשטיינן אין מאָסקווע און וועט אריינגיין צו מיר. איר טאָכטער וועט מיר שוין איבערגעבן גענויער, וואָס מיט איר איז.

איך האָב באַלד געענטפערט, אַז איך קלייב זיך אויף אַ רייזע איבער וואָלגע און וועל פאַרפאָרן אויך קיין אַסטראַכאַן, וועלן מיר זיך זען.

איך האָב באַקומען אַ „קאָמאַנדיראָווקע" פון צייטונג אויף דורכפאָרן גאַנץ וואָלגע, אָנהויבנדיק פון יאַראָסלאַוו, און ענדיקן מיט אַסטראַכאַן. פון סאַמאַראַ האָב איך געשיקט אַ קאַרטל קיין אַסטראַכאַן און געשריבן, אַז איך פאָר פון דאָרטן קיין סאַראַטאָוו, צאַריצין און קיין אַסטראַכאַן. אין סאַראַטאָוו האָב איך באַקומען אַ טעלעגראַמע פון צייטונג, אַז איך בין נויטיק אין מאָסקווע און איך זאָל דעריבער איבעררייסן מיין רייזע. איך האָב זיך אומגעקערט קיין מאָסקווע, און אַסטראַכאַן האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן צו באַזוכן.

איך האָב זייער באַדויערט, וואָס דער צופאַל האָט מיר ניט געגעבן די מעגלאַכקייט צו טרעפן זיך שוין אויף די עלטערע יאָרן מיט איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פרויען, וואָס האָבן געהערט צו אונזער קרייז.

⁂

דער קרייז האָט ניט געקענט בלייבן אויף שטענדיק ביים זעלבן צוזאַמענשטעל, וואָס ער איז געווען ביי דער גרינדונג: די טעטיקייט האָט זיך פאַרשפּרייט, די פאַרבינדונגען מיט דער

שטודירנדער יוגנט און רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, סיי אין ווארשע, סיי אויסער ווארשע, האָבן זיך פאַרצווייגט. אין ווארשע האָבן מיר געהאַט שוין אַ גענוגן צאָל אָרגאַניזאַציעס צווישן דער שטודירנדער יוגנט, וועלכע זיינען געווען אונטער אונזער ווירקונג. אונזערע פאַרבינדונגען מיט דער פראָווינץ האָבן זיך אויך פאַר־שטאַרקט. פון אָנהויב האָבן מיר געהאַט פאַרבינדונגען בלויז מיט בריסק און ביאַלאסטאָק. וועגן בריסק איז מיר אויסגעקומען שוין צו רעדן. אין ביאַלאָסטאָק פלעגן מיר צושטעלן בלויז אומ־לעגאַלע ליטעראַטור. ביאַלאָסטאָק האָט אַליין געהאַט אַ רייכע שילער־ביבליאָטעק פון לעגאַלע ביכער; די רעשטלאַך פון דער ביבליאָטעק זיינען מיט 15 יאָר שפּעטער אַריבער צו דער אַר־בייטער ביבליאָטעק, וועלכע איך האָב צוזאַמען מיט כּאַוועל און אַנגע ראָזענטאַל און נאָך אַנדערע געגרינדעט אין ביאַליסטאָק.

אַזוי אַרום האָבן מיר ניט געהאַט קיין נויטיקייט צוצושטעלן פאַר ביאַליסטאָק די לעגאַלע ביכער, אין פאַרשפּרייטונג פון וועלכע מיר זיינען געווען פאַראינטערעסירט. דער פאַרשטייער פון ביאַליסטאָק איז געווען איינער בלאָך, וועלכער איז געווען גאַנץ גוט באַקאַנט ביי זיך אין דער היים. ער האָט געגעבן פּרי־וואַטע שטונדן און האָט געפירט אַ ריזיקע רעוואָלוציאָנערע טעַ־טיקייט. ער איז שפּעטער געווען פאַרשיקט קיין סיביר, וואו ער איז פאַרבליבן אַלס אַ שטענדיקער סיבירער איינוואוינער.

מיט די צוויי שטעט האָט זיך אונזער טעטיקייט ניט באַ־גרענעצט. ביי אונז האָבן זיך געשאַפן פאַרבינדונגען נאָך מיט אַנדערע שטעט: די פאַרבינדונגען זיינען אַוועק אין דער טיף פון דער ליטע און אויך אין פּוילן.

ס'איז ניט אַוועק קיין יאָר, ווי דער קרייז אונזערער איז געוואָרן אַ באַדייטנדע, ווירקנדע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע אין ווארשע. ס'האָט זיך געמוזט אַוועקשטעלן און ס'האָט זיך אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן פאַרגרעסערן דעם צענטראַלן קרייז גופא; און וועגן דעם אָרגאַניזאַציאָנס־פּלאַן, וועלכן דאַרף אָננעמען דער צענטראַלער קרייז.

אַ ריי זיצונגען האָבן מיר פאַרבראַכט אויף דעם אָרגאַני־זאַציאָנס־פּלאַן. צוויי שטאַנדפּונקטן האָבן געפירט אַ קאַמף אויף

אונזערע זיצונגען: די אָרגאַניזאַציע דאַרף געשאַפן ווערן פון אונטן אַרויף, ד. ה., דורך וואַלן אין די נידעריגסטע שטאַפּלען פון דער אָרגאַניזאַציע דאַרף פאַרפולט ווערן דער צענטער, און אַ צווייטער — פון הויבן אַרונטער, ד. ה., דער צענטער וועט נאָמינירן די פאָרשטייער פון באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע דאַרפן אַריין אין צענטער.

די דעבאַטן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען וועגן דעם אָרגאַניזאַציאָנס־פּלאַן, זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד. ווי אַ רויטער פאָדעם גייען דורך די צוויי פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמען אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד. מאָמענטווייז דאַכט זיך אויס, אַז די אַלע חלוקי־דעות פון צוויי סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס באַשטייען אין דער פאַרשיידענהייט פון די אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמען. מיר דאַרפן ניט וויט זוכן קיין ביישפּיל: די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך צוטיילט אָרגאַניזאַציאָנעל אויף באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס.

די מערהייט פון קרייז האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפ'ן צווייטן אָרגאַניזאַציאָנס־פּלאַן, ד. ה., פאַרגרעסערן דעם צענטער דורך אָנמערקן באַשטימטע פּערזאָנען פון די קרייזן, וועלכע זיינען מיט אונז פאַרבונדן.

איך בין געווען פאַר'ן ערשטן פּלאַן.

ווען דער אָרגאַניזאַציאָנס־פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרן איז געבליבן צו באַשליסן אַ ריין־פּראַקטישע פראַגע: וועמען זאָל מען נאָמינירן אין צענטער. צווישן די שילער־קרייזן האָבן זיך שוין אַרויסגעטיילט איינינגע באַגאַבטע שילער, — וועלכע זיינען פאַקטיש זייער נאָנט געווען צום צענטער און וועלכע האָבן נאָכדעם, שוין אַלס אונזערע נאָכפאָלגער, געשפּילט אַ זייער גרויסע ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון וואַרשע. דאַמאָלסט אָבער זיינען זיי נאָך ניט זוכה געווען אויסגעקליבן צו ווערן אַלס מיטגלידער פון צענטער.

מיר האָבן זיך געמוזט ווענדן צו די טיפן שולן, וועלכע זיינען, לויט'ן קורס, העכער פון אַ מיטל־שול. איינע אַזאַ שול איז געווען

די באַרימטע קראַנענבערגס האַנדל־שול. דאָרטן האָט שוין גע־הערשט אַ מין לעקציע־סיסטעם, כאָטש זי איז ניט געווען קיין העכערע שול. אין קראָנענבערג־שול האָט געלעזן זיינע לעקציעס דער באַוואוסטער פּוילישער עקאָנאָמיסט העניריך הערינג.

אָט פון דער האַנדל־שול האָט זיך דער צענטער אָפּגעשטעלט אויף דריי פּערזאָנען. דאָס זיינען: קאַסיוש, קולטשיצקי און סטודניצקי. דער ערשטער איז אַ איד, די אַנדערע צוויי זיינען פּאָליאַקן.

קאַסיוש האָט געשטאַמט פון אַ פּשוט׳ער אידישער משפּחה פון וואַרשע, ניט קיין אַסימילירטע. זיינע עלטערן האָב איך ניט געקענט, נאָר איך האָב געקענט זיין שוועסטער, אַ פרוי פון אַ פעלדשער, וואָס האָט געהאַט אַ רעזורע אין די אידישע גאַסן. קאַסיוש האָט אויפגעגעבן זיין אַדרעס צו דער שוועסטער, און נישט צו די עלטערן, און ווען מיר פלעגן אים דאַרפן האָבן, פלעגן מיר אים זוכן ביי דער שוועסטער.

קאַסיוש איז געווען אַ שטילע קראַפט, פון די מענטשן, וואָס אַרבעטן אָן טומל. ער האָט זיך ערנסט באַצויגן צו אַלץ, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך. אויף זיין זעלבסט־בילדונג האָט ער געלייגט גרויס אַכט און האָט אַ סך געלעזן.

מיר פלעגן זיך אָפט טרעפן און מיר זיינען געווען אייניק אין דעם, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער עס דאַרף טראָגן אונזער טע־טיקייט. זיין טעטיקייט האָט זיך ערשט פאַנאַנדערגעוואַקסן, ווען איך בין אַוועקגעפאָרן פון וואַרשע, און וועגן איר האָב איך געהאַט ווייניק ידיעות. איך האָב נאָר געוואוסט, אַז ער איז מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשיקט אין סיביר. וועגן זיין טעטיקייט און באַדייטונג בין איך איצט געוואָר געוואָרן אין 1905. איך האָב באַקומען אַ פרישן נומער פון דעם אָרגאַן פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער צייטונג „טשער־וואָני שטאַנדאַר״ („די רויטע פאָן״), — וואו ס׳איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ נעקראָלאָג נאָך קאַסיוש׳ן. אין דעם וואַרימן נעקראָ־לאָג איז געווען אָנגעוויזן, אַז קאַסיוש האָט געקאָנט זיין איינער פון די בעסטע אַרבעטער אויפ׳ן באָדן פון פּראָפעסיאָנעלער באַ־וועגונג, נאָר אין רוסלאַנד זיינען נאָך דאַמאָלסט ניט געווען

אַזעלכע באַדינגונגען, וועלכע זאָלן געבן די מעגלאַכקייט פריי צו שאַפן און אַנטוויקלען פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען, האָט קאַסיוש אויף דעם באָדן ניט געקענט אַרבעטן אין רוסלאַנד, און ווען ער איז געקומען צוריק פון סיביר, איז ער אַוועקגעפאָרן אין דייטשלאַנד, און איז דאָרטן אַריין אין דער פּראָפּעסיאָנעלער באַוועגונג. די רוסישע תפיסות און סיביר האָבן פאַרקירצט זיינע יאָרן, און ער איז נאָך גאָר אַ יונגער געשטאָרבן, אַלס אַ סעקרעטאַר פון אַ דייטשן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין.

ק ו ל ט ש י צ ק י. ביי זיין ערשטן באַווייזן זיך אויף דער זיצונג פון קרייז, האָט ער אַרויסגערופן אונזער אויפמערקזאַמקייט: אַ הויכער, אַ שלאַנקער, אַ גראַציעזער, מיט מאַניערן, צו וועלכע מיר זיינען אַבסאָלוט ניט געוואוינט געווען. לויט אונזערע באַגריפן, וואָס זיינען אַריבער צו אונז פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, זיינען נאָבעלע מאַניערן ניט פאַר קיין רעוואָלוציאָנער.

איך געדענק, אַז קולטשיצקי איז איינמאָל געקומען אויף אונזער אַ זיצונג אין אַ פראַק. ער האָט געפילט דעם גאַנצען דיסאָנאַנס, וואָס עס טראָגט אַריין זיין פראַק אין אונזער סביבה, און האָט דערקלערט, אַז נאָך דער זיצונג מוז ער גיין צו אַ פאַמיליען-אָוונט צו זיינע קרובים, און דאָרטן מוז ער זיך באַווייזן אין אַ פראַק. כדי ניט דורכלאָזן די זיצונג, האָט ער זיך באַצייטנס אָנגעטאָן, און אַזוי אַרום וועט ער ניט פאַרשפּעטיקן צום איינגעלאַדענעם אָוונט.

ביי אונז האָט דאָס אויסערלאַכע אויסזען געשפּילט זייער אַ קליינע ראָלע. נאָך מער: אַנדערע האָבן אפישירט מיט זייער נעגליזשירן די בגדים און בכלל דאָס אויסערלאַכע אויסזען. מיט שלומפּערס, אָפּט ניט ווי געהעריק פאַרקאַמט, פלעגן זיך ניט זעלטן באַווייזן אידישע מיידלאַך פון ליטע. דאָס האָט שוין איינגנטלאַך געבראַכט ניט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, נאָר דאָס ליטוויש שטעטל; די באַוועגונג האָט נאָר באַרעכטיקט די שמוץ, צו וועלכער מען איז געוויינט געוואָרן אין שטעטל.

מיר, וואָס האָבן זיך שוין דערצויגן אין גימנאַזיעס, זיינען געווען אַביסל אַנדערש געזאָנען; דאָך זיינען מיר אויך

אין דעם זין געווען גענוג נאַכלעסיק. מיר האָבן זיך נאָך ניט פאַרגעשטעלט דאָס אויסזען פון'ם איירָאָפּעאישן סאָציאַליסט, וועלכער טיילט זיך ניט אויס באַזונדערס מיט זיין אויסערלאַכ־קייט, און וועלכער זעט אויס אין גאַס, ווי אַ דזשענטלמאַן פון יעדערן אַנדער קלאַס; מיר האָבן אַפילו געוואוסט, אַז לאַסאַל פלעגט קומען אויסגעפּוצט אויף די ארבעטער־פאַרזאַמלונגען, נאָר ער איז דאָך געווען אַן אויסנאַם, קען מען זיך מיט אים ניט חשבונ'ען. נאָר ווען מיר האָבן זיך נענטער באַקאַנט מיט די פּוילישע סאָציאַליסטן, האָבן מיר דערזען, אַז מ'קאָן זיין אַ סאָ־ציאַליסט, און האָבן ריינע נעגל און גוט־פאַרקעמטע האָר, אַז דער שלומפּער האָט ניט קיין שום שייכות צום סאָציאַליזם.

קולטשיצקי שטאַמט פון זייער אַן אינטעליגענטער פּוילישער משפחה; זיין מוטער איז געווען אַ נאָנטע פריינדין פון דער בארימטער פּוילישער שרייבערין אָרזשעשקאָ. ווען אָרזשעשקא פלעגט זיך אַראָפּלאָזן פון גראָדנע קיין ווארשע, פלעגט זי פאַר־פאָרן צו זיין מוטער. ער איז אַזוי אַרום, פון די סאַמע קינדערשע יאָרן, געווען איינגעוויקט אין אַן הויכער ראַפינירטער קולטור. ער האָט שוין דאַמאָלסט געלעזן אויף אייניקע שפּראַכן, און האָט באַזעסן אַסך ידיעות.

מיט זיין אינטעליגענץ, מיט זיינע ידיעות, מיט זיין גע־לאַסנקייט, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק מער פון אַ צו־קונפטיקן געלערנטן, ווי פון אַ פּראַקטישן רעוואָלוציאָנערן טוער; און פון אים איז טאַקע אַזעלכער אַרויסגעוואַקסן, כאָטש ער איז געווען נאָך דעם דער גרינדער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, דעם צווייטן „פּראָלעטאַריאַט". ער האָט אַרויסגעלאָזן אַ סך סאָלידע וויסנשאַפטלאַכע ווערק. ניט אין מיינע צילן גייט אַריין צו ריידן גענוי וועגן קולטשיצקי'ן, וועלכער האָט געהאַט אַ צופעליקן שייכות צו אונזער קרייז; איך וועל נאָר באַמערקן, אַז ער איז געבליבן אַ סאָציאַליסט ביז ס'איז אויפגעשטאַנען די זעלב־שטענדיקע פּוילישע מלוכה. אין דער זעלבשטענדיקער פּוילן האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון זיין סאָציאַליזם.

אַן אַנדער מענטש איז געווען ס ט ו ד נ י צ ק י, וועלכער האָט זיך דאַמאָלסט אָנגערופן גייזבערט. אַ קליינער, אַ קאָכעדיקער,

אַן אויפגערעגטער, אַ נערוועזער. ער איז געווען שטאַרק פאַרטאָן אין זיין וועלט, און פלעגט ניט באַזונדערס מערקן, וואָס אַרום אים טוט זיך. מען האָט דערציילט ביי אונז אַזאַ מעשה: איין מאָל זונטיק האָט סטודניצקי אַגיטירט איינעם אַ פּאָליאַק, אַ שילער פון פּראַגער גימנאַזיע; יענעם איז שוין מאוס געוואָרן די לאַנגע רעדע פון סטודניצקי׳ן, נאָר ער האָט ניט געקענט פון אים זיך אַרויסדרייען. מיט איין מאָל הויבט ער זיך אויף, נעמט אַרויס זיין זייגערל און זאָגט: „אַנטשולדיקט, קאָלעגע, ס׳איז שוין צוויי אַזייגער און ביי אונז איז איצט מיטאָג, מוז איך זיך איילן, כדי ניט שטאַרק פאַרשפּעטיקן.״ „עס שאַדט ניט,״ זאָגט סטודניצקי. „איך אפשר ניט, אָבער מיר קען עס זייער שאַדן,״ ענטפערט דער שילער און גייט אַוועק.

אין זיין גאַנצן לעבן איז ער געווען אַ צוטראָגענער, און האָט זיך ניט געקענט אָפּשטעלן אויף איין אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער ער זאָל באַלאַנגען.

ער איז פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר. דאָרטן האָט ער זיך גענומען צו פּאַטייִדיקן קרימינעלע פּראָצעסן פון פּויערן, און איז געוואָרן פּאָפּולער. ער האָט אָבער נישט געוואָלט פאַרבלייבן אין סיביר — אים האָט געצויגן קיין פּוילן. אין ענדע 90ער יאָרן האָב איך זיך מיט אים געטראָפן ביי באַקאַנטע אין וואַרשע, ווען ער איז נאָר וואָס געקומען צוריק פון סיביר. מיר האָבן אָפּגערעדט צו טרעפן זיך ספּעציעל און כאַפּן אַ שמועס. אין אונזער צווייטער באַגעגעניש האָט סטודניצקי מיר גענוי דערציילט וועגן זיין אַדוואָקאַטן־טעטיקייט און האָט מיר געוויזן אויסשניטן פון די סיבירער צייטונגען, וועלכע האָבן וואָרים געשריבן וועגן די פּראָצעסן, וואו סטודניצקי איז געווען דער פאַרטיידיקער. דאָס זיינען געווען זייער אינטערעסאַנטע פּראָצעסן, און ניט איין מענטשן האָט ער געראַטעוועט פון אַ שטאַרקע שטראָף.

איך האָב שוין דאַן אַרויסגעגעבן די ערשטע סעריע פון פּאָפּולערע וויסנשאַפטלאַכע ביכלאַך און האָב מיטגעבראַכט אים צו ווייזן דאָס ביכל „אַרבעט און קאַפּיטאַל״, וועלכע האָט אַזאַ ראָלע געשפּילט אין דער אַנטוויקלונג פון דעם אידישן אַרבייטער,

איך האָב מיט שמחה דערציילט וועגן דער באַדייטונג, וועלכע די ביכלאַך האָבן ביים אידישן אַרבעטער.

אין זיינע אויגן האָב איך געזען, בשעת מיינע רייד, אַ קאַלטן בליאַסק און האָב געפילט, אַז נאָר צוליב העפלאַכקייט הערט ער אויס דעם אַלטן חבר וועגן די „זשידאָווסקע" ביכלאַך און זאָגט ניט אַרויס זיין מיינונג וועגן זיי. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אַמאָל זיך באַגעגענען מיט אים האָב איך ניט געהאַט קיין חשק.

נאָר אָט אין אַ פּאָר יאָר פאַר דער ערשטער רוסישער רע־וואָלוציע, ווען עס האָט זיך שוין אין רוסלאַנד גוט געטומלט, ווען עס זיינען פאָרגעקומען סטודענטישע אומאָרדנונגען און אַרבייטער־שטרייקן, האָב איך זיך נאָך אַמאָל געטראָפן מיט סטודניצקי'ן.

איך זיץ אין פּעטערבורגער עפענטלאַכער ביבליאָטעק, אַרומ־גערינגלט מיט ביכער. צו מיין טישל גייט צו אַ נידעריקער, בלייכער מאַנסביל, אָרעם געקליידעט און זעצט זיך אוועק אַנט־קעגן מיר. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך קען דעם מענטשן. איך האָב זיך אָבער ווייטער פאַרטיפט אין דאָס, וואָס איך האָב געלעזן. איך פיל אָבער, אַז אימיצער קוקט מיך אָן. איך הויב אויף פון בוך מיינע אויגן, און איצט דערקען איך סטודניצקי'ן. מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען ביידע אין קאָרידאָר פון ביבליאָטעק און האָבן געכאַפּט אַ שמועס אַגב וועגן די פּאָליטישע געשעענישן.

סטודניצקי האָט געפונען, אַז ס'איז די סאַמע צייט צו קלערן וועגן אַן אומאָפּהענגיקער פּוילן. איך באַמערק, אַז די גאַנצע אינדוסטריע פון פּוילן איז אויסגערעכנט געוואָרן אויפ'ן רוסישן מאַרק, אַז אין קרוין־פּוילן איז אויסגעוואָקסן אַזאַ גרויסער אַר־בייטער קלאַס נאָר אַ דאַנק דער פאַרבינדונג מיט רוסלאַנד, א. א. וו.

סטודניצקי'ס בלאַסער פּנים איז געוואָרן רויטלאַך. מיט כעס און מיט רוגזה האָט ער געוואָרפן ווערטער קעגן ראָזע לוק־סענבערג, וועלכע האָט אין איר באַוואוסטן בוך פאַרטיידיקט די מיינונג, אַז פּוילן איז עקאָנאָמיש אָפּהענגיק פון רוסלאַנד.

מיר איז ניט געבליבן מער, ווי אומקערן זיך צו מיינע ביכער: מיר ביידע זיינען שוין געווען מענטשן פון צוויי פאַר־שיידענע וועלטן.

מיט אַ צוויי יאָר שפּעטער האָב איך באַקומען זיין בוך „פון סאָציאַליזם צו נאַציאָנאַליזם”, אין וועלכן ער דערציילט, פאַרוואָס און ווי אַזוי ער איז געוואָרן אויס סאָציאַליסט און געוואָרן אַ נאַראָדאָווי דעמאָקראַט.

אים האָט די נאַראָדאָווי דעמאָקראַטיע אויך ניט באַפרידיקט. ער איז אַוועק נאָך רעכטער. ס'איז באַוואוסט זיין אויפרוף צו די פעלקער פון אייראָפּע און אַמעריקע וועגן אַ מין קרייץ־צוג קעגן רוסלאַנד, כדי צו באַפרייען פוילן.

פּאַטריאָטיזם איז ביי אים געלעגן אין בלוט. איך געדענק זיינע אַן ערציילונג, נאָך פון די גימנאַזיסטישע יאָרן, וועלכע האָט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן איינדרוק. מיר האָבן געפירט אַ חבר'שן געשפּרעך און זיינען אַריבער צו די קינדערשע יאָרן און צו די ערינערונגען פון יענע יאָרן. ער האָט מיר דערציילט, אַז איין מאָל האָט ער שפּאַצירט מיט זיין מוטער אין דינאַבורג (סטודניצקי שטאַמט פון דאָרטן), אונטערן שטאָט; די מוטער האָט אָנגעוויזן אים אויף דער דינאַבורגער פעסטונג און האָט געזאָגט: „דאָ האָט מען פאַר דעם אַנטייל אין דער פּאָוסטאַניע געהאַנגען דיין פעטער און דיין זיידן”... דערביי האָט זי דערציילט די פּרטים פון יענע געשעענישן. זיין דערציילונג האָט ער געענדיקט מיט די ווערטער: „דאָס וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן”... און ער האָט עס טאַקע ניט פאַרגעסן זיין גאַנצן לעבן...

איצט וואוינט סטודניצקי אין ווילנע און רעדאַגירט די צייטונג „סלאָוואָ”. אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס דער עקסטרעמער פּוילישער נאַציאָנאַליסט האָט אַן אייגנאַרטיקן קוק אויף דער לאַגע פון אידן אין פּוילן. ער פּראָפּאַגאַנדירט אין זיין צייטונג, אַז מען דאַרף אידן געבן אַ באַשטימטע אויטאָמאָניע. ער זאָגט, אַז פּוילן איז נישט קיין נאַציאָנאַלע מלוכה, נאָר אַ נאַציאָנאַליטעט־מלוכה. נאָר פּאָליאַקן זיינען די מערהייט, און די מלוכה געהערט צו זיי, און זיי דאַרפן זיין אַ הערשענדע פאָלק. כדי איינצוהאַלטן די גאַנצקייט פון דער מלוכה, דאַרף מען ניט וועלן פּאָלאָניזירן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, איבערהויפּט אידן, וועלכע וועלן זיך אויף קיין וועג ניט לאָזן זיך אינגאַנצן אַסימילירן. צוליב דער גאַנצקייט און דער שטאַרקייט פון דער פּוילישער מלוכה דאַרף

מען האָבן אידן אַלס פריינט און ניט אַלס שונאים. סטודניצקי איז אויך אין דעם הינזיכט אַן אויסנאַם.

ער האָט נאָך אַלץ מורא פאַר רוסלאַנד, און דעריבער וויל ער לעבן בשלום מיט די אַנדערע פעלקער, וועלכע וואוינען אין פּוילן. ער האָט נאָך נישט פאַרגעסן די געפילן פון זיינע קינדער־יאָרן.

אין זיין בלוט איז געראָנען דאָס בלוט פון די פּאָווסטאַנצעס, און זיין מאַרך איז געווען פול מיט ערינערונגען וועגן די פּאָווסטאַנצעס.

קוקט זיך צו צו די פּוילישע רעוואָלוציאָנערן, צי וועט איר ניט באַמערקן אין זיי דעם טיפּ פון אַמאָליקע פּאָווסטאַנצעס?... זיי האָבן בירושה באַקומען די פּסיכיק פון דעם פּאָווסטאַנעץ, דעם שליאַכטשיץ, זיי האָבן פון די קינדערשע יאָרן איינגעזאַפּט די פּאָווסטאַנטשעסקע טראַדיציעס פון זייערע משפחות.

צוויי גרויסע פיגורן פון דער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, קוניצקי און וואַרינסקי, דערציילן אַליין, וואָס פאַר אַ ווירקונג ס'האָבן געהאַט די טראַדיציעס פון זייערע משפחות אויף זייער רעוואָלוציאָנערער שטימונג. קוניצקי'ס פאָטער איז געווען פאַרשיקט פאַר דער פּאָווסטאַניע אין קאַווקאַז, און דאָס פאַרוואָגלטע לעבן פון דער משפּחה, און די סבה פון פאַרוואָגלען, האָט ניט געקאָנט ניט ווירקן אויף קוניצקי'ן. לודוויק וואַרינסקי געדענקט פון זיינע קינדערשע יאָרן דאָס ליד „גאָט היט אָפּ פּוילן!" און די התלהבות, מיט וועלכער מ'פלעגט עס זינגען אין זיין סביבה און אין קאָשציאָל.

ניט ווייניקער פּוילישע ערינערונגען מוז האָבן יעדער פּוילישער סאָציאַליסט, וואָס שטאַמט פון דער שליאַכטע. ביי אַ סך פון זיי זיינען די סאָציאַליסטישע אידייען געווען אַ צוגעשלעפּטע זאַך; מיט דעם דערקלערט זיך דער ערפאָלג, וועלכן האָט גע־האַט די פּאַרטיי פּ. פּ. ס. אין דער פּוילישער געזעלשאַפט. דעם ערפאָלג אירן האָט זי געהאַט אין די פּוילישע ספערן גראַדע ניט פאַר אירע סאָציאַליסטישע אידייען, נאָר פאַר די פּאַטריאָטישע.

מיר אידן האָבן גע'ירש'נט אַן אַנדער פּסיכיק, האָט זיך

דאריבער די סאָציאַליסטישע באַוועגונג גאָר אַנדערש אויסגע-דריקט.

דאָס מערק איך אָבער נאָר איצט; דאַמאָלסט האָט זיך עס ניט געמערקט. מיר זיינען געווען אַלע גלייכע חברים, וועלכע האָבן געשטרעבט צו איינעם און דעמזעלבן ציל, און מיר האָבן ניט געפילט, אַז צווישן אונז איז דאָ אַ חילוק. די שפּראַך, אויף וועלכער מיר האָבן געפירט די זיצונגען, איז פאַר אונז אַלעמען געווען גוט פאַרשטענדלאַך; אַ טייל פון אונז האָט גערעדט אין דער היים פּויליש, אַנדערע האָבן גערעדט אידיש, דאָס זיינען אָבער געווען בייזאַכן, וועגן וועלכע מיר האָבן דאַ-מאָלסט ניט געקלערט.

די ערשטע פּוילישע רעוואָלוציאָנערן פון דער אינטעליגענץ האָבן ניט אַלע געשטאַמט פון קרוין-פּוילן. האָבן אַסך בעסער רוסיש גערעדט, ווי פּויליש, וועלכע זיי האָבן זיך איצט מיט דער צייט צוגעלערנט. אָבער וואָס מער זיי האָבן אַריינגעדרונגען אין דער פּוילישער סביבה, אַלץ מער זיינען זיי פּאָלאָניזירט געוואָרן. ביי אונז, אידישע מיטגלידער פון קרייז, איז רוסיש געווען די איינ-ציקע שפּראַך, מיט וועלכער מיר האָבן זיך באַנוצט.

וואָס מער מיר האָבן פאַרשפּרייט אונזער טעטיקייט צווישן פּוילישע קרייזן, אַלץ מער האָבן מיר זיך געניטיקט אין פּויליש.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס ניט קענען פּויליש איז געווען אַ גרויסע שטערונג פאַר אונזער טעטיקייט צווישן די פּוילישע קרייזן, פאַר אונזער איינקערפּערן זיך אין דער ריין-פּוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, צונויפגיסן זיך מיט איר.

מיר האָבן געפירט אַ טאָפּלטן לעבן. מיר האָבן געהאַט באַזונדערע זיצונגען פון קרייז אין זיין פריערדיקן צוזאַמענשטעל, און מיט אונזערע פּוילישע חברים אַנדערע זיצונגען. די זיצונגען פון אונזער ענגן קרייז פלעגן פאָרקומען די לעצטע צייט אויף נאַוואָליפּקע, אין צימער פון איינער אַ פּינסקער מיידל. דאָס מיידל איז געווען פון אַ פאַרמעגלאַך הויז, און האָט זיך געלערנט אין וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריום שפּילן. זי האָט פאַרנומען אַ גרויסן שיינעם צימער ביי אירער אַ גוטער באַקאַנטער, מיט וועלכער זי האָט זייער פריינטלאַך געלעבט; דאָס צימער פון'ם

מיידל איז געווען זייער אַ באַקוועמער לאָקאַל פאַר אונזערע קאָנ־ספּיראַטיווע זיצונגען: זי פלעגט אונז אַריינלאָזן אין צימער, און אַליין פלעגט זי אַוועקגיין.

דאָס מיידל האָט גוט געשפּילט, און איז נאָך דערצו געווען אַ שיינע; פלעגט דער עולם אַריינגיין צו איר אויף פּריוואַט, אויסער די זיצונגען.

פאַר מיין אָפּפאָר קיין לאָדז, האָט זיך מיר נאָך איינגעגעבן צו זיין אויף אַ פּאָר זיצונגען פון קרייז אין דעם צימער. אין יעט־לאַכע מאָנאַטן אַרום זיינען אַרעסטירט געוואָרן די עטלאַכע חברים, וואָס זיינען געווען אין וואַרשע, אויסער ווייַנבערג׳ן, און די סבה פון אַרעסט איז געווען דער צימער אויף נאָוואָליפּקע.

ווי איך האָב נאָכדעם געהערט, איז די זאַך אַזוי פאָרגע־קומען: צו דער פּינסקער מיידל איז געקומען צופאָרן פון ווילנע אירע אַ חבר׳טע. צו דער חבר׳טע איז געקומען זשאַנדאַרמעריע מיט אַ רעוויזיע; מען האָט ביי דער פאַרדעכטיקטער גאָר ניט געפונען. איינעם, אַן אַגענט, האָט זיך פאַרגלוסט אַריינצוקוקן אין פּאָרטעפּיאַן, און ער האָט דאָרטן געפונען אַ פּאָר אומלעגאַלע ביכלאַך; מען האָט אַרעסטירט די ביידע מיידלאַך, און אויך, דאַכט מיר, די דינסט פון דער דירה. די דינסט האָט אָנגערופן די נעמען פון די אַלע, וואָס פלעגן גיין צו דער פּינסקער מיידל, און מען האָט די אַלע אַרעסטירט. די דינסט האָט אָנגערופן אויך ווייַנבערג׳ן, נאָר זי האָט געוואוסט, אַז ער הייסט „רודי״, און ווי די פאַמיליע זיינע איז, האָט זי ניט געקאָנט זאָגן. אַזוי אַרום איז ווייַנבערג נצול געוואָרן.

דער ליטווישער טייל פון קרייז, אויסער מיר, וועלכער איז געווען אין לאָדז, און ראַבינאָוויטש׳ן, וועלכער איז געווען אין אויסלאַנד, איז אַרעסטירט געוואָרן. געבליבן זיינען נאָר וויינ־בערגער־רודי און די חברים, וואָס זיינען שפּעטער צוגעשטאַנען צו אים.

אויף אַזאַ אופן איז דער צענטראַלער קרייז נאָך 3 יאָר עקזיסטענץ צופאַלן געוואָרן אין דער פאָרם, אין וועלכער ער איז באַשאַפן געוואָרן. די ריעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך געשאַפן צווישן דער שטודירנדער יוגנט אין וואַרשע נאָך

דער צעשטערונג פון „צענטראַל קרייז", האָבן פאַרגעזעצט זיין טעטיקייט, זיי זיינען געבליבן די גייסטיקע יורשים זיינע.

מיט איינעם פון די יורשים פון אונזער קרייז, נאָר שוין מיט אַן אויסגעשפּראָכענע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראָגראַם, האָב איך זיך געטראָפן אין אַ פּאָר יאָר ארום נאָכ'ן אונטערגיין פון אונזער „צענטראַלען קרייז" — אין אָנפאַנג פון די 90ער יאָרן.

דאָס איז געווען אַ אינגערער ברודער פון מיינעם אַ נאָענטן חבר, און לעזער פון אונזער ביבליאָטעק. זיין פאַמיליע איז געווען שנעערזאָן, ער איז געווען אַן אייניקל פון לאַדי'ער רבי'ן. מיט גרויס שמחה בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ביי אים געפינט זיך אונזער ביבליאָטעק, מיט וועלכע איך האָב עטלאַכע יאָר אָנגע־פירט, און וועלכע האָט געהערט צו אונזער קרייז. איך בין גע־וואָר געוואָרן, אַז זי פונקציאָנירט ווייטער.

דער יונגער שנעערזאָן האָט דאַמאָלסט געברענט מיט אַ רעוואָלוציאָנערער התלהבות. ער פלעגט אָפט קומען צו מיר, און פלעגט ניט איינמאָל בלייבן ביי מיר נעכטיקן. מיר פלעגן אַסך שמוסן וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר איך האָב דאַמאָלסט קיין דירעקטן אנטייל אין דעם פּאָליטישן קאַמף ניט גענומען.

איך האָב שוין דאַמאָלסט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון אַ סעריע פּאָפּולער־וויסנשאַפטלאַכע ביכלאַך אין אידיש פאַר די ברייטע אידישע מאַסן.

און איינס פון די ביכלאַך איז געווען „אַרבעט און קאַפּי־טאַל". דאַמאָלסט זיינען אַזעלכע ביכלאַך אַבסאָליוט ניט געווען, סיי אין דער לעגאַלער, און סיי אין דער אומלעגאַלער ליטעראַטור.

ניט קיין לייכטע זאַך איז געווען אויספירן דעם פּלאַן. ס'איז דורך אַ יאָר 5, ביז איך בין צו אים צוגעטראָטן צו פאַרווירקלאַכן, און מיין גאַנצער מאַרך איז פאַרנומען געווען מיט דעם.

אַ צווייטער חבר פון אונזער קרייז, ראַבינאָוויטש, איז דאַ־מאָלסט געווען פאַרנומען אין אויסלאַנד מיט צוגרייטן צום דרוקן דיקשטיינ'ס ביכל: „ווער פון וואָס לעבט."

אינטערעסאַנט איז דאָס, אַז אומאָפּהענגיק איינער פון אַנ־דערן, וואוינענדיק אין פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּאַ: איך אין רוסלאַנד, ער אין פראַנקרייך, זיינען מיר געקומען צו איין און

דערזעלבער ארבעט. דאָס באַווייזט, אַז עס איז שוין געווען אַ פּאָדערונג פון דער צייט און מיר האָבן די ערשטע די פּאָדערונג אויסגעפילט. אזוי ארום האָבן די ערשטע שאפערס פון אידישע ביכלאַך פאר ארבעטער געהערט צום „צענטראַלן קרייז פון שטו־דירענדער יוגנט אין ווארשע".

מיט מיין פארלאג בין איך געווען שטארק פארנומען, און וועגן אומלעגאַלער טעטיקייט האָב איך אויפגעהערט צו קלערן.

שוין פון אָנפאנג פון דעם יאָר־הונדערט, האָב איך אָנגע־הויבן צו קלערן וועגן אומקערן זיך צוריק צו פּאָליטישער ארבעט, נאָר וועגן דעם ווי איך בין געקומען דערצו, און ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט, וועט מוזן ווערן באזונדערס גערעדט.

דערווייל האָב איך געקליבן נחת, קוקנדיק אויף שנײערזאָן'ס אומערמידלאַכע ארבעט — ער און זיינע חברים זיינען שוין געווען סאָציאַל־דעמאָקראַטן. זיי זיינען געווען דירעקטע פאָר־גענגער פון אַ אידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

זי איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין ווילנע אין 1897טן יאָר, אונטער'ן נאָמען „בונד", און די ווארשעווער סאָציאַל־דעמאָקראַטן זיינען נאָך דעם געוואָרן מיטגלידער פון אָט דער אידישער אר־בעטער פּאַרטיי.

# די ערשטע אידישע ארבעטער שול

דאָס איז געווען אין דער צייט נאָכ'ן צוקלאַפּן דעם ערשטן „פּראָלעטאַריאַט", די ערשטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין פּוילן. די פּוילישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט נאָך ניט באַוויזן אויפבויען זיך צוריק, פאַרהיילן די וואונדן פון שרעקלאכן קלאַפּ.

דאַמאָלסט האָבן מיר, אויסוואַנדערער פון ליטע, באַוויזן זיך אויפ'ן רעוואָלוציאָנערן האָריזאָנט, שאַפנדיק אַ נייע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע: דעם „צענטראַלען קרייז פון שטודירנדער יוגנט אין וואַרשע". מיר, אַנטוויקלענדיק אונזער טעטיקייט אין וואַרשע, זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט דעם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק אין רוסלאַנד. בכלל איז די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין פּוילן געווען דאַמאָלסט אונטער'ן איינפלוס פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די ערשטע „פּראָלעטאַריאַטשיקעס" זיינען געווען אַגענטן פון דעם באַרימטן „איספּאָלניטעלנעם קאָמיטעט" און די פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט" איז אייגנטלאך געווען אַ פיליע פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ."

נאָכ'ן צוקלאַפּן דעם ערשטן „פּראָלעטאַריאַט" האָט זיך ביי דער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער יוגנט אָנגעהויבן אַ שטאַרקע לעגאַלע טעטיקייט צווישן די אַרבייטער. מען האָט געגרינדעט אַרבייטער קרייזלאַך צו לערנען „גראַמאָטע", פּשוט גערעדט, — לייענען און שרייבן, כדי נאָכדעם די פּייאָנערע פון זיי אריינציען אין דער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע.

די אָנפירער פון דער באַוועגונג זיינען געווען צוויי ברידער סאָנכאָצקעס, סטודענטען פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט. אין אַ שיינעם פרימאָרגן קומט צו מיר איינער פון די סאָנכאָצקעס מיט מיינעם אַ חבר, אַ אידן, און לייגט מיר פאָר אַנטייל צו נעמען אין זייער אַרבעט. איך האָב געענטפערט, אַז איך מוז זיך

איבערלייגן און וועל געבן אַן ענטגילטיקע תשובה אין אַ וואָך אַרום.

ווען מען וואָלט מיר דאַמאָלסט פרעגן, פאַר וואָס איך האָב זיך ניט אָנגעכאַפּט פאַר׳ן פאָרשלאָג, וואָלט איך געווי דאָרויף ניט געקענט ענטפערן. נאָר ווי אַ בליץ האָט ביי מיר אַ בליאַסק געגעבן אַ געדאַנק, פאַר וואָס זאָל איך די זעלבע זאַך ניט מאַכן צווישן אידישע אַרבעטער. און אויב צווישן אידישע אַרבעטער, טאָ צוליב וואָס זאָל איך זיי בינדן מיט סאָנכאָצקע׳ן? קלאָר וואָלט איך דאַמאָלסט מיין געדאַנק ניט געקאָנט אַרויסזאָגן, אינסטינקטיוו אָבער האָב איך עס גוט געפילט...

אין ווילנע האָט זיך אַזאַ מין ענלאַכע טעטיקייט אָנגעהויבן צווישן די אידישע אַרבעטער איצט אין די 90טע יאָרן; אין דער צייט אָבער, פון וועלכער איך רעד, האָט מען נאָך פון אידישע אַרבעטער ניט גע׳חלומ׳ט. די גאַנצע אידישע סביבה בכלל איז דאַמאָלסט ביי אונז געווען אַ גאַנץ פרעמדע זאַך. מיט׳ן גוף האָבן מיר געלעבט צווישן אידן, געטראָפן זיך מיט קרובים, באַקאַנטע; מיט דער נשמה אָבער האָבן מיר געלעבט גאָר אין אַן אַנדער וועלט, אַ גאַנץ ווייטער פון אונזער סביבה.

מיר האָבן געקלערט וועגן „גיין אין פאָלק", און דאָס האָט געהייסן גיין אין דאָרף צום פויער, כדי אים עפענען די אויגן אויף זיין לאַגע, מאַכן אים באַוואוסטזיניק,רעוואָלוציאָניזירן אים. ווענייקסטנס, האָט מען געקענט קלערן וועגן פאַבריק אַרבעטער, אָבער ניט וועגן אידישן אַרבעטער. דער אינסטינקטיווער חוש איז אָבער אָפט שטאַרקער פאַר די געשאַפענע טעאָריעס. אין מיר, הפּנים, האָט דער אינסטינקטיווער חוש שטאַרק גערעדט, און דעריבער האָב איך זיך צו דער גרויסער אַקציע פאַר פוילישע אַרבעטער סוף כל סוף ניט געאייניקט.

איך בין אַוועק אויף דעם וועג, אויף וועלכן מיר האָט גערופן מיין אינסטינקט.

אין אַ וואָך אַרום, אין דער אָפּגערעדטער שעה, איז געקומען צו מיר סאָנכאָצקי מיט דעם זעלבן אידן נאָך אַ תשובה. איך האָב געענטפערט, אַז איך נעם ניט אָן דעם פאָרשלאָג. דער חבר, דער איד, איז שטאַרקער באַליידיקט געווען פאַר סאָנכאָצקין:

סטייטש, ווי האָב איך די העזה אָפּזאָגן סאָנכאָצקי'ן אליין. מיר אליין איז אויך ניט אַנגענעם געווען אָפּזאָגן זיך פון אזא פאָר־שלאָג, נאָר איך האָב אנדערש ניט געקאָנט. איבער דער וואָך איז דער אינסטינקטיוו־ארויסגעשפּרונגענער געדאַנק אריין אין באוואוסטזיין און האָט אָנגענומען קלאָרע פאָרמען. איך האָב באַ־שלאָסן צוטרעטן צו אזא מין ארבעט צווישן די אידישע אַר־בעטער און באלד אָנגענומען די נויטיקע טריט צו פארווירקלאָכן מיין באשלוס. אין צוויי ערטער נעמען אנטייל האָב איך ניט געקאָנט.

איך האָב געהאט לעקציעס אויף צו לערנען רוסיש אין א חדר. דאַמאָלסט איז ארויס אַ פאַראָרדנונג פון וואַרשעווער קו־ראטאָר אָפּוכטין צו איינפירן אין אַלע חדרים דעם למוד פון דער רוסישער שפּראַך. דיפּלאָמירטע לערערס איז דאַמאָלסט ווייניק געווען, האָט מען ערלויבט צו לערנען יעדערן, וועלכער האָט נאָר געקאָנט צושטעלן א וועלכע ס'איז פּאַפּירל, אַז ער קאָן רוסיש.

איינער א באַקאַנטער מלמד האָט מיר אנגאזשירט צום למוד פון רוסיש אין זיין חדר און האָט באַקומען אַן ערלויבניש פאַר מיר. האָב איך ביי אים יעדן טאָג געלערנט נאָך מיטאָג א שעה.

אָט צו דעם מלמד האָב איך זיך געווענדט מיט אַ פאָר־שלאָג פאַרדינגען מיר דעם חדר אויף צוויי שעה אין אָוונט צו לערנען מיט דערוואַקסענע.

מיין פּלאַן אין אָט דער פּאַרטיקער פאָרם האָב איך איבער־געטראָגן אויף דער נאָענטסטער זיצונג פון אונזער קרייז. אומ־ערוואַרטעט פאַר מיר האָט מיין פּלאַן ארויסגערופן א מורא'דיקע אָפּאָזיציע.

א שולע פאַר אידישע ארבעטער... איז דען אזא מין דאָ?... ביי אידן זיינען דאָ מייסטערס און געזעלן, צוקונפטיקע מייסטערס מיט א בורזשואַזער פּסיכאָלאָגיע... און יעדער אידישער בעל־מלאכה איז מער סוחר ווי בעל־מלאכה...

איך בין הייזעריק געוואָרן פון דער דיסקוסיע, נאָר ס'האָט מיר גאָרניט געהאָלפן. דער פּראָיעקט צו גרינדן א אידישע אַר־

בעטער־שולע איז מיט אַ מערהייט שטימען פון מיינע חברים, געגן מיין איין שטימע אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

מעלדע איך, אַז איך עפן די שולע אויף מיין אייגענער אחריות, ניט אונטער דער פירמע פון אונזער קרייז, און האָב טאַקע אַזוי געטאָן.

דאָס פּראָגראַם פון דער שולע איז געווען איינפאַך, וועגן וואָס מ'האָט ניט באַדאַרפט דאַמאָלסט לאַנג קלערן: פאַר פּוילישע אידן — די פּוילישע שפּראַך, פאַר ליטווישע אידן — די רוסישע שפּראַך; דערצו נאָך רעכנונג.

ניט מיר, ניט קיינעם, סיי ביי דער גרינדונג, סיי ביי דער ווייטערדיקער אַרבעט איז ניט איינגעפאַלן, אַז מיט אַלע אידישע אַרבעטער קאָן מען און מ'דאַרף לערנען נאָר אויף איין שפּראַך — אידיש.

צו אויספילן דאָס פּראָגראַם האָט מען געדאַרפט האָבן לכלהפחות דריי לערערס.

נאָר ביים לערנען דערוואַקסענע מענטשן דאַרפן זיין פאַרשידענע „כתות" לויט דער פאַרבערייטונג פון די צוהערער; דאַרף מען שוין געווים האָבן מער ווי דריי לערער.

ווען דער קרייז נעמט די זאַך איבער, וואָלט עס געווען פּשוט: ס'וואָלט אַוועק אַ פאַראָרדנונג פון „צענטר". אָן דער הסכמה פון קרייז האָב איך וועגן דער זאַך געמוזט אונטערהאַנדלען מיט איינצעלנע חברים, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין שייכות צו אונזער קרייז.

איינער פון זיי האָט שטאַרק שטודירט פילאָזאָפישע ביכער און סאָציאַלע פראַגן זיינען ביי אים געווען ווערט „אַן אויסגעבלאָזענע איי". אַ צווייטער האָט באַקומען אַ שטאַרקן חשק צו העברייאיש און אַ נייגונג צו ציוניזם. פערזענלאַך זיינען מיר געווען נאָענט, נאָר אידעאיש פרעמד.

איך האָב גערעכנט, אַז די צוויי חברים זיינען די פּאַסענדסטע: ס'האַנדלט זיך וועגן לערנען „גראַמאַטע" אידישע אַרבעטער — קאָנען זיי קעגן דעם גאָרניט האָבן.

האָב איך זיי ביידע איינגעלאַדן צו זיך און דערציילט זיי

די מעשה. זאָגט דער העברעאיסט: „גוט נאָר דו וועסט דער־לאָזן אויך העברייאיש אין דער שולע"...

איך בין אזש אויפגעשפּרונגען פון פאַרוואונדערונג: אזא „ווילדער" געדאַנק האָט מיר גאָרניט געקאָנט איינפאַלן. די אַר־בעטער האָבן אין זייער רשות דריי מאָל אַ וואָך צו צוויי שעה, וועלן זיי קוים קאָנען עפּעס מאכן אין דער איינציקער אייראָפּע־אישער שפּראַך, וואָס זיי וועלן דאַרפן לערנען.

איך האָב געשריען, געפּילדערט, געבעטן, ס'האָט אָבער גאָר־ניט געהאָלפן: מיין העברעאיסט האָט זיך איינגעשפּאַרט. צו אים האָט זיך געאייניקט דער פּילאָזאָף, בין איך געגאַנגען אויף אַ פּשרה. איך האָב זיי אָפּגעגעבן איין שעה — קוים אָפּגעדונגען.

איך האָב גערעדט מיט נאָך צוויי חברים און אזוי אַרום האָב איך באַקומען אַ געגוגנדן שטאַט פון לערער.

האָבנדיק דעם שטאַט פון לערער, האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשרייבן תלמידים. כדי ניט אַרויסרופן ביי קיינעם קיין חשד, האָב איך אוועקגעשטעלט שכר־לימוד: 50 קאָפּיקעס אַ מאָנאַט. דער מלמד האָט מיר אפילו שטאַרק צוגערעדט נעמען ניט וויני־קער ווי אַ רובל אַ מאָנאַט — וואָס קאָן זיין ווייניקער ווי 6 רובל אַ זמן... נאָר איך האָב ערקלערט, אז מען דאַרף צוציען פריער תלמידים, נאָכדעם וועט מען קאָנען העכערן דעם פּרייז.

ס'איז ניט אוועק אַ וואָך — דער חדר איז געווען פאַר־פולט. ס'האָבן זיך פאַרשריבן 25 אַרבעטער, און מער האָב איך שוין ניט אָנגענומען.

ביים פאַרשרייבן תלמידים פלעגן פאָרקומען סקאַנדאַלן: ס'פלעגן סקאַנדאַלעווען טאַטעס, ביי וועלכע איך פלעג ניט אָנ־נעמען זייערע צוועלף־דרייצן יאָריקע אינגלאַך, און איבערהויפּט די בית־מדרש'ניקעס. זיי פלעגן ניט קאָנען פאַרשטיין, פאַרוואָס קומט נאָר לערנען די אַרבעטער און ניט זיי, ביי וועלכע ס'ברענט ווי אַ העלישער פייער דער חשק צום לערנען.

ס'איז גאַנץ אומגלויבלאַך, ווי אזא אָפענע טעטיקייט איז ניט דורכגעפאַלן...

קיין אַרבעטער באַוועגונג איז דאַמאָלסט נאָך ביי אונז ניט געווען, און אויך ניט קיין שפּיאָנען צווישן אידישע אַרבעטער,

און אַ דורכשניטלעכער איד האָט פיינט אַרויסצוגעבן אין יונ'ישע הענט אַן אַנדערן איד. אַגב, וואָס פאַר אַ פאַרברעכן איז דאָ געמאַכט געוואָרן: ביי אידן האָט מען שטענדיק געלערנט, ווער ס'האָט געוואָלט און ווי מ'האָט געוואָלט...

דערצו איז נאָך געווען זייער אַ גינסטיקער אָביעקטיווער מאָמענט. דער חדר איז געווען אויף פראַנציסקאַנער גאַס, אין אַ הויף, וואָס האָט געהאַט העכער 200 דירות און עטלאַכע „זאַיאַזדן" פאַר קליינשטעדטלדיקע אידן, וואָס קומען נאָך סחורה קיין וואַרשע מיט פורן. אין דעם הויף פלעגט רוישן פון מענטשן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

די הייפעלע תּלמידים, וואָס פלעגן ניט אַלע מיט אַמאָל קומען און אויך אַוועקגיין ניט אַלע צוזאַמען, פלעגן פאַרלאָרן ווערן צווישן די דורכגייער פון הויף. אַזוי אַרום האָבן זייטיקע מענטשן קיין באַזונדערס ניט געקאָנט באַמערקן, און די, וואָס האָבן געוואוסט וועגן דער שולע, האָט ניט געקאָנט איינפאַלן וועגן דעם צו מעלדן אימיצן.

אין דער שולע האָב איך געלערנט נאָר מיט איין „כּתּה" רוסיש, נאָר דעם גאַנצן אָוונט פלעג איך פאַרברענגען דאָרט — איך פלעג די שולע עפענען, און פלעג די שולע פאַרמאַכן.

איך האָב זיך שטאַרק צוגעקוקט צו די תּלמידים און צו זייערע למודים און האָב אַליין געהאָפט אַרויסכאַפּן עטלאַכע פון זיי, וועלכע מען וועט קאָנען איבערנעמען אין אַ „צווייטע שולע" — איינלאַדן זיי צו זיך אהיים, געבן זיי פריער לעגאַלע און נאָך דעם אונלעגאַלע ביכלאַך.

נאָך צום באַדויערן, איז מיר לאַנג אויסגעקומען צו וואַרטן: מיט ביטערן שוויים פלעגן זיך באַגיסן די אויסגעפּראַצעוועטע, אויסגעשעפּטע פון טאָג אַרבעט תּלמידים (אַנדערע פלעגן קומען אין דער שולע גלייך פון דער אַרבעט) אויף די ווערטער פון דער פרעמדער שפּראַך. די תּלמידים האָבן זיך געמוטשעט, די לעהרער האָבן זיך געמאַטערט און אַרויסגעקומען דערפון איז דערווייל כּמעט ווי גאָרניט.

דאָך האָבן אין מיין נשמה נאָך ניט אַריינגעדרונגען קיין ספקות, מיר איז גאָרניט איינגעפאַלן קיין ספק, צי איך בין

אויף אַ ריכטיקן וועג. מיר איז גאָרניט איינגעפאלן קיין גע־דאַנק, אז פראָפּאגאנדע קאָן מען פירן אין אַנ׳אנדער שפּראַך ווי רוסיש אָדער פּויליש. דאָס איז אייגנטלאַך געווען די שרעקלאַ־כע ירושה פון דער השכלה־באוועגונג, וואָס איז אויסגערעכנט גע־ווען אויף אַנדערע קלאַסן, און דעריבער אַנדערש אויפגעפּאַסט די שפּראַך־פראגע, ווי מיר האָבן געדאַרפט אויפפּאַסן, אויס־רעכענענדיק אויף דעם אַרבעטער קלאַס.

דערווייל זיינען מיר אין דער שפּראַך־פראַגע געשטאַנען נאָך מיטביידע פיס אויף דעם שטאַנדפּונקט פון די השכלה־אידן. ווען מ׳זאָל אונז עמיצער דאמאָלס זאָגן, אז דאָס איז אַ שטאַנד־פּונקט פון אַ בורזשואַזער באוועגונג, וואָלטן מיר יענעם גאַנץ האַרצלאַך אויסגעלאַכט.

מיר אליין זיינען דאָך געווען טרייע תלמידים פון דער פּרעמדער רוסישער ליטעראַטור, טאָ ווי אַנדערש האָבן מיר גע־קאָנט קלערן?

ס׳האָט געדאַרפט אוועקגיין יאָרן, ביז מען איז געקומען צום ריכטיקן וועג.

דער לימוד אין דער אַרבעטער־שול איז געגאַנגען נאָר־מאַל. די תלמידים פלעגן פלייסיק באַזוכן די לומדים — די לערער שטענדיק אויף זייערע פּלעצער, און איך בין גע־ווען זיכער, אז איך טו אַ נויטיקע און געהעריקע אַרבעט. און דאָ האָב איך באַקומען אַ זייטיקע באַשטעטיקונג פון דעם.

אין אַ צייט אַרום נאָכ׳ן עפענען די שול טרעפט מיך אין גאַס מיין חבר פון אונזער „צענטראַלן קרייז״ סאַמואיל ראַבינאָ־וויטש, און בעט מיר אָן ערלויבניש צו באַזוכן מיין שול.

דאָס אליין, וואָס ראַבינאָוויטש, זייענדיק פריער אין אָפּאָ־זיציע צו מיין פּראָיעקט, האָט געפונען פאַר נויטיק באַזוכן די שול, איז פאַר מיר געווען אַ נצחון.

ער איז געקומען און איז אָפּגעזעסן אויף די לימודים כמעט דעם גאַנצן אָוונט. דער פּועל יוצא פון זיין באַזוך איז געווען דער, אַז אויף דער נאָענטער זיצונג פון קרייז איז די שול אָפּי־ציעל איבערגעגאַנגען אין רשות פון קרייז. איך בין זייער צו־פרידן געווען מיט דעם נייעם באַשלוס: מען סאַנקציאָנירט די שול

און מען אַנערקענט די „פּאָטענציאַלע" בורזשוען פאַר אמת'ע פּראָ־לעטאַריער. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ גרויסער מאָראַלישער זיג.

דער כאַראַקטער פון דער שול האָט זיך ניט געענדערט. מיינע חברים העברעאיסטן זיינען שוין לאַנג אַפּגעפאַלן, ווייל די אַר־בעטער האָבן ניט שטאַרק חשק געהאַט צו לערנען העברעאיש — זיי האָבן עס געפונען פאַר ניט צוועקמעסיק. אנשטאָט די העברעאיסטן האָט זיך מיר איינגעגעבן צופּאַסן אונזערע נעע־טערע חברים. איך אַליין בין געבליבן „דירעקטאָר" פון דער שול, און דער קרייז האָט געקאָנט צושרייבען צו זיין „אינווענ־טאַר" נאָך אַ אינסטיטוציע. בלויז אין דעם איז באַשטאַנען דער גאַנצער שינוי.

דער רושם פון דער שול איז אַלץ געוואַקסען. איין מאָל אין אָוונט פאַלן אריין צו מיר צוויי דעלעגאַטן פון דער פּוילישער אָרגאַניזאַציע פאַר די אַרבעטער־שולן און מעלדן מיר, אַז די טעג וועט קומען אַן אינספּעקטאָר פון זייער אָרגאַניזאַציע באַ־זוכן מיין שולע און בעטן מיר צוגרייטן אַ דין־וחשבון.

געקומען זיינען די דעלעגאַטן אין אַ זייער ניט גינסטיקע צייט. איך האָב געשריבן אַ טעמאַ פאַרן קלאַס. אויף מאָרגן איז געווען דער לעצטער טערמין זי צו שטעלען. און איך האָב פון זיך די „נשמה אַרויסגעיאָגט" זי צו ענדיקן. אין גימנאַזיע בין איך זייער שלעכט געווען אַוועקגעשטעלט — ס'האָט גע־האַלטן מ'זאָל מיר יעדן טאָג משלח זיין. דער לערער פון רוסיש אין אונזער קלאַס איז געווען דער דירעקטאָר אַליין. ניט צו־שטעלען אים צו דער צייט די טעמאַ, הייסט עס, געבן איבעריקע שטאָף מיר אויסצושליסן. איך האָב אַזוי אויך זיך געהאַלטן אויף אַ האָר.

האָב איך זיך באַפרייט אויף איין אָוונט, כדי איך זאָל האָבן די מעגלאַכקייט צוגרייטן אויף מאָרגן די טעמאַ.

איך האָב די געסט אויפגענומען שטייענדיקערהייט. ניט געבעטן אפילו זיצן און קורץ אַפּגעפּטר'ט מיט אַן ערקלערונג, אַז די שול געהערט ניט צו זייער אָרגאַניזאַציע, נאָר צום „צענ־טראַל־קרייז", און איך וועל דעריבער דעם אינספּעקטאָר פּשוט

ניט אַריינלאָזן, ווייל דין וחשבון דער גאַנצער וועלט קאָן איך ניט געבן.

נאָר אין דער קורצער רעפּליקע, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן אונז, בין איך געוואָר געוואָרן אַ סך אינטערעסאַנטע זאכן. פאַר מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ גרויס נעץ פון שולן, אַ ברייטע אָרגאַניזאציע מיט ספּעציעלע אינספּעקטאָרן איבער די שולן. א גרויסע צאָל מיט לערער פון פּוילישע און אידישע שטו־דירנדע יוגנט... און אונזער שולכל מיט מיינע 25 תּלמידים, מיט די איינגעבעטענע דורך מיר לערער, מיט דער באַשטעטיקונג פון קרייז, „פאַסט פאַקטום” האָט זיך באַוויזן אַזוי קליינלאך, אָרים...

די שטימונג איז ביי מיר קאַליע געוואָרן. איך האָב אַ לאַנ־גע צייט נאָכ'ן אוועקגיין פון מיינע געסט ניט געקאָנט צו זיך קומען און רואיק אוועקזעצן זיך צו דער טעמאַ...

די אַלע ערפאָלגן, ריין אויסערלאַכע האָבן מיר אויפגעהערט צו באַפרידיקן.

„די אינערלאַכע ערפאָלגן” האָבן מיר נאָך וויינקער באַפרי־דיקט.

דריי צוהערערס האָט זיך איינגעגעבן אַרויסטיילן פון דער גאַנצער מאַסע און אָנהויבן זיי צו געבן לעזן ביכער.

פון די 50 ק. מאָנאַטלאַכע שכר לימוד פלעגט זיך אָנקלייבן 8־10 רובל אַ מאָנאַט (אַ טייל אַרבעטער פלעג איך שטילערהייד באַפרייען פון שכר לימוד). פון ריוח האָב איך אָנגעהויבן צו זאמלען אַ ביבליאָטעק פון פאָלקס־ביכער. ס'האָט זיך באקומען לפי ערך אַן אנשטענדיקע ביבליאָטעק, נאָר קיין לעזער זיינען ניט געווען.

פון די דריי צוהערערס, וואס האָבן אָנגעהויבן צו באַקומען ביכלאך צום לעזן, איז געווען דער ערשטער אַ מוכר ספרים'ניק'ס אַ זון, דער צווייטער אַ קאַמאַשן־מאַכער, וואָס האָט אַרויסגע־וויזן זעלטענע פעאיקייטען צו שפראַכן: אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט ער געלעזן מאַרקס' „קאַפּיטאַל” אין אָריגינאַל, און נאָך אַן אַרבעטער, אויך זייער אַ פייאיקער. דער זעלבער אַרבעטער איז

נאָכדעם אין לאָנדאָן געוואָרן אַ רעדאַקטאָר פון אַ אידישער אר־בעטער־צייטונג.

עקזיסטירט האָט די שולע אַ יאָר מיט גרויס מאַטערניש, זי איז איבערגעוועזן אין דריי דירות און סוף כל סוף געמוזט פאַרמאַכן זיך צו הערבסט־צייט 1886 יאָר.

מיין מלמד האָט זיין חדר אריבערגעטראָגן פון נייעם זמן אויף נאַלעווקי 7 — אין אַ שטיל הויפל. ס'איז ניט אוועק קיין פּאָר וואָכן, ווי צום מלמד איז געקומען דער רעווירנאָווי (אַ פּאָליציי באַאמטער) פרעגן, וואָס פאַר אַ שולע איז ביי אים אין אָוונט. דעם רעווירנאָווי האָט דער מלמד „פאַררעדט די ציין", נאָר מיר האָבן זיך געמוזט אריבערטראָגן אין אַן אנדער אָרט.

איך האָב לאַנג געזוכט אַ חדר, וואו איך זאָל קאָנען באַזעצן אונזער שולע, ענדלאַך האָב איך געפונען אַזאַ אויף מוראַנאָוו.

אין דעם נייעם חדר האָט זיך די שולע אויפגעהאַלטן די זומערדיקע מאָנאַטען.

די גערולד פון די תלמידים האָט שוין אָנגעהויבן צו פּלאַצן. ס'האָבן זיך געהאַלטן די מער פעהיקערע און די, וואָס האָבן גע־האַט אויסערגעוויינלאַכע ענערגיע.

די גערולד פון די לערערס איז שוין אויך אוועקגעשטעלט אין אַ גרויסן נסיון.

— אַזוי פיל האָראָוואַניע און אַזאַ קנאַפּער דערפאָלג...

ס'האָט זיך אין קרייז אויפגעהויבן די פראַגע, צי ס'לוינט אוועקלייגן ענערגיע און ריזיקרן מיט זיך (די שולע וואָלט זיך סוף כל סוף דאָך אַנטדעקט) צוליב אַזעלכע נישטיקע רעזול־טאַטן — אין פאַרלויף פון אַ יאָר האָט זיך קיין איינער פון די תלמידים אויסער די דריי פריער דערמאָנטע ניט אויסגעלערנט צו באַזיצן אַ שפּראַך, אַז ער זאָל קאָנען לעזן וויניקסטנס אַ גרינג ביכל, טאָ ווי לאַנג איז דער שיעור צו ארבעטן ביי אַזעל־כע באַדינגונגען? מיר האָבן נאָר קאָנסטאַטירט דעם פאַקט, ניט געבנדיק קיין ערקלערונג.

קיינעם פון אונז איז ניט איינגעפאַלן צו זוכן די סבות פון די נישטיקע רעזולטאַטן אין אונזער שטעלונג בנוגע צו דער שפּראַך, וואָס דאַרף געלערנט ווערן אין אַ אידישער ארבעטער

שול. קיינעם איז אויפ'ן רעיון ניט אַרויפגעקומען דער פשוט'ער געדאנק, אז אַ פרעמדע שפּראַך איז שווער אויסצולערנען און ווער רעדט פאַר מענטשן, וואָס אַרבעטן אַזוי שווער דעם גאַנצן טאָג, ווי ס'פּלעגן דאַמאָלסט אַרבעטן אידישע אַרבעטער.

ביי מיר אין דער נשמה איז אָבער געבליבן אַ שפּאַלט און אפשר אין אונטערבאַוואוסטזיין האָט אָנגעהויבן צו טליען אַ פונק פון אַ געדאַנק, וואָס איז נאָכדעם קלאָר און דייטלאַך פאַר מיר געוואָרן. דער געדאַנק איז, אַז צו אידישע מאַסן קאָן מען און מען דאַרף גיין נאָר מיט אידיש.

# צווישן פוילישע אַרבעטער

איך בין אין לאָדז, אין „פוילישן מאַנטשעסטער". איך בין אין אַן אַפּטייק, וואָס געפינט זיך אויף פּעטריקאָווער גאַס, נים ווייט פון גייערס רינק, אין צענטר פון לאָדזער פאַבריקן.

אין צווייטן הויז פון אַפּטייק האָט זיך געפונען זילבערשטיינ'ס פאַבריק, נאָכדעם גייער'ס, שייבלער'ס; פאַר'ן אַפּטייק — היינצלס פאַבריק, ריכטערס, א. א. וו.

אַן אמת'ע פאַבריקן־מלוכה. געשעפטן זעט איר דאָרטן זייער ווייניק, אַלץ גרויסע, קאָלאָסאַלע הייזער מיט הויכע קוימענס. אַרבעט מען אין די פאַבריקן, איז אין גאַס טויט־שטיל. 12 אַזייגער פייפן די פאַבריקן און רופן צו מיטאָג, ווערט די גאַס שוואַרץ פון מענטשן. עס לויפן אַרבעטער אין בלויע בלוזן, און אַרבעטערקעס אין טיכלאָך אויפ'ן קאָפּ; זיי לויפן אַהיים אָפּעסן דעם מיטאָג. עס ווערט ווידער שטיל אין גאַס, ביז די אַרבעטער עסן אָפּ זייער מיטאָג, און די פאַבריק מיט איר פייפן רופט זיי צוריק. ווידער ווערט די גאַס פול: עס לויפן די אַרבעטער צוריק פון מיטאָג אין פאַבריק אַריין.

מיט אַ באַזונדער הנאה פלעג איך שטיין דאַמאָלסט ביי דער טיר פון אַפּטייק, און קוקן אויף דער גאַס; אָט דאָס איז די אמת'ע אַרבעטער־אַרמיי!... איך זע נים פאַר זיך קיין פאַרהאָוועטע, פאַרטראָגענע פנימ'ער, ווי איך פלעג זיי טרעפן אויף נאַלעווקעס, גענשע, דזיקע; איך זע פאַר זיך פנימ'ער רואיקע, געלאַסענע, ערנסטע, און שוואַרצע, פאַרפּראַצעוועטע הענט. געבן אָט די פנימ'ער באַוואוסטזיין, וואָס פאַר געוואַלטיקע קראַפט, אַן אמת'ע קראַפט, וועלכע טרעט נים אַרויס אין לעבן מיט פּראַזן אַליין... וואָס פאַר אַ געשמאַקע געפילן זיינען דאָס געווען!... איך האָב מיט דער נשמה גערוט.

נאָר אַריינגיין אין די אַרבעטער־מאַסן איז נים אַזוי לייכט. דאָס איז דאָך אַ גאַנצער וואַלד מענטשן: ווי און פון וועמען אָנ־

הויבן דעם ערשטן אַריינטראָט?... נאָר איך בין געווען זיכער און רואיק, אַז מיר וועט זיך עס איינגעבן צו מאַכן, ווייל איך האָב געוואוינט פּאַקטיש צווישן זיי, אין נאָענטער שכנות, און אויסער־דעם האָב איך געאַרבעט אין אַן אַפּטייק, די קליענטור פון וועלכער איז געווען כמעט אויסשליסלאַך אַן אַרבעטער־קליענטור.

נאָר כל־זמן איך האָב געמאַכט די ערשטע טריט אין דער „לאַטיינישער קיך", כל־זמן מען האָט מיך ניט צוגעלאָזן צום טו־באַנק, איז קיין רייד ניט געווען אַ צוזאַמענטרעפן מיט די קליענטן פון דער אַפּטייק, און איך האָב געדולדיק געוואַרט, ביז איך וועל שוין קאָנען זיין אַביסל זעלבשטענדיק אין מיין אַפּטייק־אַרבעט. איך האָב זיך מיט מיין גאַנצער פלייס איבערגעגעבן מיין אַרבעט, און דער אַפּטייקער איז געווען זייער צופרידן מיט מיר; זיין גאַנ־צער פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון אַ געהילף־פּראָוויזאָר און מיך, און ער פלעגט מוזן דיזשורירן אין אַפּטייק אַ נאַכט איבער אַ נאַכט.

אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום האָט דער אַפּטייקער מיר געהייסן דיזשורירן אַנשטאָט אים, און וועקן אים נאָר אין ערנסטע פאַלן, ווען איך וועל זיך אַליין קיין עצה ניט קאָנען געבן. דאָ האָב איך דערזען, אַז איך בין מיט אַ טריט נענטער צו מיין ציל.

די קליענטור פון אַן אַפּטייק איז ניט קיין שווייגנדיקע: זי כאַפּט אַ שמועס וועגן די רעצעפּטן, וואָס זי ברענגט, און אָפּט וועגן אַנדערע אַנגעלעגנהייטן; דער אַפּטייקער, וועלנדיק צוציען צו זיך די קליענטור, פלעגט אָפּט און גערן שמועסן מיט די אַר־בעטער.

די אַפּטייק פלעגט זיך עפענען 8 אַזייגער אינדערפרי, און זיך פאַרמאַכן 10 ביינאַכט. דעם גאַנצען טאָג פלעגן מיר אַלע זיין אין אַפּטייק, פון 10 אין אָוונט ביז 8 אינדערפרי פלעגט דער די־זשורני בלייבן איינער אַליין. פון אַזייגער 10 פלעגט זיך דאָס פּובליקום נאָך דרייען אַביסל אין אַפּטייק: אַ פאַרשפּעטיקטער דורכגייער פלעגט אָנקלינגען אין אַפּטייק, אַז אַרבעטער, וואָס פלעגט קומען פון דער אַרבעט שפּעט אָפּעסן אָוונט־ברויט, און זיך דערפילן מיט אַמאָל ניט גוט, פלעגט ער זיך נויטיקן אין אַפּטייק; דאָס שיקן אין אַפּטייק פלעגט אַמאָל אויסקומען נאָך 10 אַזייגער. אַזוי אַרום פלעגט זיך יעדן טאָג נאָך 10 אַזייגער מאַכן אַביסל

ארבעט. אמאָל מער, אמאָל ווייניקער. אויך פלעגט זיך מאַכן ארבעט אין אַפּטייק פון אזייגער 7, און אמאָל פון אזייגער 6; א מעוברת׳ע ארבעטערקע, גייענדיק צו דער ארבעט, קלינגט אָן אין אַפּטייק, כדי צו נעמען זיך אַ ביסל וואלעריאַן־טראָפּנס; פון אַ שווערן קראַנקן נאָך אַ שלעכט־פארברענגטער נאַכט שיקט מען באַלד אינדערפרי אין אַפּטייק, א. א. וו.

געוויינטלאַך פלעגט דער דיזשורני־געהילף בעת דעם דיזשור געפינען זיך ביי זיך אין צימער; אויפ׳ן קלונג פלעגט דער באַדינטער עפענען די אַפּטייק, און רופן דאַמאָלסט דעם געהילף, וועלכער פלעגט אָפּט ארויסקומען אַן אויסגעטאָנענער, נאָר ארויפּוואָרפנדיק אויף זיך דעם שלאָפראָק. ער פלעגט טאָן אזוי, ווי מען טוט אין אלע אַפּטייקן.

איך האָב זיך אנדערש איינגעאָרדנט, איך האָב געהייסן דעם באַדינטן גיין שלאָפן: ס׳איז ניט נויטיק, אַז מיר ביידע זאָלן וואַכן, און פלעג בלייבן איינער אליין אין אַפּטייק. איך פלעג זיצן ניט אויסגעטאָנענערהייט ביז אזייגער 12 און אמאָל 1 ביי־נאַכט; 7 אזייגער אינדערפרי, און אמאָל פריער, פלעגט שוין דער אַפּטייק זיין אָפן.

דאָס זיינען געווען די בעסטע שעה׳ן פאַר מיר. נאָך אַ גאַנצן טאָג פארטעמטער ארבעט, פלעג איך זיך קאָנען אוועקזעצן צום בוך. אוועקפאָרנדיק פון ווארשע, האָב איך מיט זיך גענומען 2 ביכער, וועלכע איך האָב גערעכנט אין לאָדז ערנסט דורכשטודירן. דאָס זיינען געווען: מילס „פּאָליטישע עקאָנאָמיע" און טיילאָרס „אנטראָפּאָלאָגיע".

מילס „פּאָליטישע עקאָנאָמיע" מיט די באמערקונגען פון טשערנישעווסקי׳ן, האָבן מיר אָנגעהויבן צו שטודירן אין קרייז אלע צוזאמען. דאָס האָט געזאָלט זיין דער יסוד פון אונזער סאָציאַל־עקאָנאָמישע בילדונג; נאָר דאָס געמיינזאמע לעזן האָט ניט לאַנג ביי אונז געדויערט: מיר האָבן פארוואָרפן מיל׳ן און זיך גענומען צו מער אקטועלערע טעמעו. ווען איך האָב זיך ארומגעזען, אַז איך דאַרף שטארקער באפעסטיקן מיינע וויסנשאפטלאַכע ידיעות, האָב איך באַשלאָסן זיך צוריקנעמען צו מיל׳ן, און האָב אים מיט זיך מיטגענומען אין לאָדז.

די שעה׳ן פון נאָך צען און פאַר אכט, פלעג איך אָנווענדן אויף שטודירן די ביידע ביכער. ווען דער אַפטייקער האָט ביי מיר דערזען די ביכער, האָט ער זיך זייער פאַרוואונדערט: אַן אַפּטייקער־לעראינגל מיט אַזעלכע ערנסטע ביכער... נאָר איך האָב מיין אַרבעט אויסגעפילט פּליסיק, פלעגט ער נאָר שמייכלען, ווען ער פלעגט דערזען מיך זיצן איבער די ביכער.

ווען איך האָב אָנגעהויבן צו דיזשורירן, האָבן די שעה׳ן פון 10 אין אָוונט ביז 8 אינדערפרי באַקומען נאָך אַ גרעסערע פאַר מיר באַדייטונג: איך האָב אין זיי באַדאַרפט אָנקניפּן די נויטיקע פאַרבינדונגען.

ס׳איז אַוועק אַ צייט, ביז איך האָב די פאַרבינדונג באַקומען. איינמאָל, אַזייגער 7 אינדערפרי, קומט צוגיין אין אַפּטייק אַן אַר־בעטער נאָך אַ פּאָר הייל־מיטלען: דאָס געזוכט פון׳ם אַרבעטער איז מיר זייער געפעלן געוואָרן, און איך האָב זיך מיט אים דורכ־געוואָרפן מיט עטלאַכע ווערטער. איך בין געוואָר געוואָרן, אַז זיין ווייב איז שוין אַ פּאָר טעג קראַנק, און אַז ער גייט ניט דעריבער צו דער אַרבעט; אַז זי האָט פאַרבראַכט אַ שלעכטע נאַכט, און ער נעמט די הייל־מיטלען ביז דער דאָקטאָר וועט קומען. עטלאַכע טעג נאָכאַנאַנד פלעגט ער קומען אין אַפּטייק, און איך פלעג מיט אים אַריינגיין אין אַלץ גרעסערע שמועסן; ענדלאַך, אַז ער איז צום לעצטן מאָל געקומען און געזאָגט, אַז ער הויבט שוין אָן צוריק צו אַרבעטן, האָב איך אים פאָרגעלייגט טרעפן זיך זונטיק, ווען מיר זיינען ביידע פריי; ער האָט זייער גערן מיין פאָרשלאָג אָנ־גענומען.

זונטיק אינדערפרי בין איך אַריין צו אים, און מיר זיינען ביידע אַוועק אין שטאָט. איך האָב פאַר זיך שוין ניט געהאַט קיין אַרבעטער אין אַ בלויער בלוזע, נאָר אַ דזשענטלמאַן אין אַ האַרטן הוט און אַנשטענדיקן ראָק; מיין נייער באַקאַנטער האָט געהייסן יוזעף פּיאָטראָווסקי; ער איז געווען אַ וועבער פון זילבערשטיינ׳ס פאַבריק, אַ מענטש פון אַ יאָר 30.

פּיאָטראָווסקי איז געווען אַ טיפּ פון אַן אייראָפּעאישן אַר־בעטער. ער איז געווען פון אבות אַ שטאָטישער אַרבעטער, און מיט׳ן דאָרף איז ער שוין ניט געווען אינגאַנצן פאַרבונדן. ער האָט

זיך אייראָפּעאיזירט, ער איז געווען באַקאַנט מיט דעם, וואָס מען רופט אָן ביי אונז „שווארצע פינטעלאך", ער האָט געגרן געלעזן, און איז געווען באַלעזן. גייענדיק מיט אים, האָב איך ניט גע־שפּירט, אַז איך גיי מיט אַן אַרבעטער, נאָר מיט אַן אינטעליגענט, גלייך מיט מיר.

מיר זיינען ביידע אריין אין אַ קאַפע אין צענטר פון שטאָט. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישעלע, און ביי אַ גלאָז קאַווע האָבן מיר פאַרבראַכט אַ היבשע צייט: מיר האָבן איינער צום אַנדערן זיך צוגעקוקט. איך האָב אַלץ געקריגן צו אים מער צוטרוי, און צושיידנדיק זיך מיט אים, האָבן מיר באַשלאָסן איבער־אַכטאָג זונטיק נאָך אַמאָל זיך טרעפן.

מיר האָבן זיך געטראָפן נאָך אַמאָל, און אויף דאָס מאָל האָב איך מיט אים אָפּגערעדט אויסצושרייבן דאָס פּוילישע וואָכנבלאַט „גלאָס", וואָס איז אַרויס אין ווארשע, און האָט געהאַט אַ מאַרק־סיסטישע ריכטונג. די צייטונג האָט זיך באַקומען, און אויפ'ן באַדן פון לעזן די צייטונג איז צווישן אונז געוואָרן אַ גרעסערע התקרבות. ענדלך האָט זיך געמאַכט אַ פאַל, וואָס האָט אונז אינגאַנצן נאָענט געמאַכט.

כ'האָב באַקומען אַ בריוו, אַז מ'האָט אַרעסטירט אונזער קרייז. די נאָענטסטע מיינע חברים, די בעסטע מיינע גוטע פריינט זיינען אַרעסטירט... דאַכט זיך, אַז מ'האָט געוואוסט, אַז סוף כל סוף וועט מען אַרעסטירט ווערן; האָב איך פון דער ידיעה ניט באַ־דאַרפט אַזוי שטאַרק נתפּעל ווערן. דאָך, ווען איך האָב זיך אויג אויף אויג געטראָפן מיט'ן פאַקט אַליין, בין איך געווען זייער איבערראַשט. איך בין אַרומגעגאַנגען, ווי אַ טויטער; אַ גאַנצן טאָג האָב איך געשוויגן. דער אַפּטייקער פלעגט מאַכן קנאַפּע צערע־מאָניעס מיט זיין פּערסאָנאַל, נאָר פאַר מיין דאַמאָלטיקן אויסזען האָט ער געקריגן דרך־ארץ, און האָט מיך געלאָזט צורו. נאָר איינ־מאָל איז ער צו מיר צוגעגאַנגען און געפרעגט: „וואָס, אימיצער איז ביי אייך געשטאָרבן?"

— יא, — האָב איך געענטפערט.

און ער האָט מיר שוין מער ניט געטשעפּעט.

איך האָב קוים דערלעבט זונטיק, דעם איינציקן טאָג, וואָס

איך בין פריי, אַז איך זאָל זיך טרעפן מיט פּיאָטראָווסקי'ן, און אים אויסדערציילן מיין הארץ.

איך האָב זיך מיט אים געטראָפן, און האָב דערפילט אין אים אַ נאָנטן מענטשן. „עט" — האָט ער געזאָגט, אויסהערנדיק מיין דערציילונג, — „נעמט זיך צופיל ניט צום הארצן. מיר דאַרפן זיין צו אַזעלכע זאַכן גרייט. אַנדערש קאָן מען ניט זיין קיין קעמפער"...

— „א, — האָב איך געענטפערט, — טעאָרעטיש קלער איך אויך אַזוי, נאָר דאָס הארץ טוט אָבער פאָרט וויי...

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן מיר צוזאַמען שפּאַצירט, און געזעגנט זיך, ווי אַלטע גוטע פריינט.

נאָך דעם פאַל האָב איך באַשלאָסן צוטרעטן דירעקט צום ציל. אין נאָנטסטן זונטיק האָב איך מיט פּיאָטראָווסקי'ן פאַרפירט אַ שמועס, אַז איך רעכן אויסשרייבן אומלעגאַלע ביכלאַך. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר דעם, ווי מען זאָגט, מיט ביידע הענט און ביידע פיס. עס איז אָבער אריבער אַ צייט, ביז ס'האָט זיך געמאַכט אַ פּאַסיקע געלעגנהייט קיין וואַרשע.

דערווייל האָב איך זיך דורך פּיאָטראָווסקי'ן באַקאַנט מיט נאָך אַרבעטער, און איך בין אַזוי אַרום אַריין אין אַן אמת'ע אַרבעטער־סביבה. נאָר מיין טרעפן זיך מיט זיי פלעגט נאָך דערווייל פאָרקומען זייער זעלטן, ערשטנס דערפאַר, ווייל פון אַפּטייק בין איך ניט געווען מער ווי איין טאָג פריי, און צווייטנס, האָב איך ניט געוואָלט זיך צופיל וואַרפן אין די אויגן.

ענדלאַך האָט זיך אַ געלעגנהייט געפונען. מיין חבר פון גימנאַזיע, קרינסקי, איז געפאָרן קיין וואַרשע. איך האָב מיטגעגעבן מיט אים אַ בריוו צו וויינבערג'ן; אין בריוו האָב איך געשריבן וועגן דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס איך האָב דאָ געשאַפן, און געבעטן אים אַרויסשיקן פּוילישע ביכלאַך. די אַרויסגעפאָדערטע ביכלאַך האָב איך גיך באַקומען. פון דאַמאָלסט אָן הויבט זיך אָן ביי אונז אַן ערנסטע אַרבעט.

קודם כל האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ קרייז, אין וועלכן ס'זיינען אַריין אויסער מיר פיר אַרבעטער: פּיאָטראָווסקי, טאָמאַשעווסקי, דאָמבראָווסקי, און דעם פערטן געדענק איך שוין ניט. דאָס זיינען

געווען עכטע פּאַילאַקן, און איך איינער אַ איד, און דערצו נאָך אַ ליטווישער איד, וועלכער האָט דאַמאָלסט ניט באַזונדערס גוט גערעדט פּויליש. צווישן זיך פלעגן מיר רעדן פּויליש, נאָר ווען איך פלעג דאַרפן געבן געוויסע דערקלערונגען, פלעג איך זיך באַנוצן מיט דער רוסישער שפּראַך. און דאָס האָט אינגאַנצן ניט געשטערט מיין אַרבעט; אַזאַ צייט איז שוין דאַמאָלסט געווען.

דאָס קליינע אָרגאַניזאַציעלע האָט זיך באַלד געגעבן צעוויסן. די אַדמיניסטראַציע פון זילבערשטיינ׳ס פאַבריק האָט באַשלאָסן צו פאַרלענגערן דעם אַרבעטס־טאָג, ניט מעלדנדיק וועגן דעם די אַרבעטער: מען האָט געזאָלט פייפן אויף צו ענדיקן די אַרבעט ניט 7, נאָר האַלב נאָך זיבן.

פּיאָטראָווסקי איז דערפון געוואָר געוואָרן, האָט ער אָפּגערעדט מיט אַנדערע אַרבעטער, און ווען ס׳איז געקומען 7 אַזייגער, האָבן די אַרבעטער אָנגעהויבן אַוועקצואוואַרפן די אַרבעט. די אַדמיניסטראַציע פון פאַבריק האָט זיך געכאַפּט, אַז זי איז דורכגעפאַלן, און זי האָט געהייסן געבן אַ פייף, ווי ס׳וואָלט גאָרניט פאָרגעקומען.

דאָס איז שוין געווען אַ ממשות׳דיקער אויפטו, נאָר אָבער אַ צופעליקע זאַך און אַ צופעליקער זיג. דאָס האָט אָבער אויפגעהויבן די פאָנדן פון קרייז, און האָט געגעבן אַ שטויס צו ווייטערדיקער סיסטעמאַטישער אַרבעט.

דער פּלאַג פונ׳ם דאַמאָלטיקן לאָדזער אַרבעטער־קלאַס זיינען געווען די פויערים, וואָס פלעגן קומען פון דאָרף, אוועקשטעלן זיך אַרבעטן אין פאַבריק; זיי פלעגן קומען פון דאָרף קיין לאָדז, מיטברענגען מיט זיך קאַרטאָפל און אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבן געהאַט פון זייערע אייגענע פעלדער, און פלעגן זיך אוועקשטעלן אין פאַבריק אַרבעטן פאַר אַ קלענערן לוין, ווי די שטאָטישע אַרבעטער. שפּייז־פּראָדוקטן פלעגן זיי באַקומען פון דאָרף, און אַנדערע באַדערפנישן האָבן זיי געהאַט זייער ווייניק. זיי פלעגן טראָגן מלבושים, וואָס זיינען פאַרפאַרטיקט געוואָרן אין דאָרף, וואוינען פלעגן זיי מנינים־ווייז אין אַ צימערל, און דאָס ביסל מזומן, וואָס זיי פלעגן באַקומען פון פאַבריק, פלעגן זיי אוועקשיקן אין דאָרף צו די פאַרבליבענע ביי דער ערד קרובים, וועלכע האָבן זיך איבערהויפּט געניטיקט אין מזומן געלט.

די באַציאונג צום פאַבריקאַנט איז ביי זיי אויך געווען אַן אנדערע ווי פון שטאַטישן ארבעטער. פאַר׳ן פאַבריקאַנט, פאַר׳ן דירעקטאָר, פאַר׳ן מייסטער פון פאַבריק פלעגן זיי שטיין אזוי, ווי ס׳פלעגט דער דאמאַלטיקער פויער אין דאָרף שטיין פאַר׳ן פריץ, פאַר׳ן „פאַן דזיעדזיץ״.

איז מיט אָט די ארבעטער ניט געווען, וואס צו מאכן. דערצו איז נאָך דאָס רוב פון זיי געווען אנאַלפאַבעטן: זיי האָבן ניט געקאָנט ניט לייענען, ניט שרייבן.

דאָס רוב ארבעטער, ווייניקסטנס אין זילבערשטיינס פאַבריק, האָט זיך רעקרוטירט פון דעם טיפּ דאָרפישן ארבעטער. האָבן מיר פאַר זיך געהאַט זייער אַ שווערע אויפגאַבע. אָרגאַניזירן די מער באַוואוסטזיניקע ארבעטער איז ניט געווען קיין גרויסע זאַך. וואָס טוט מען אָבער מיט דער גרויסער גרויער מאַסע, אין וועלכער עס ווערן דערטרונקן אָט די באַוואוסטזיניקע ארבעטער? ווי טרעט מען צו איר צו, ווי אָרגאַניזירט מען זיי?...

פאַר דער האַרבער קשיה זיינען מיר געבליבן שטיין. און דאָס האָבן מיר באַקומען הילף פון אַזאַ צד, פון וועלכן מיר האָבן ווייניקער פון אַלץ גערעכנט. די אַדמיניסטראַציע פון פאַבריק, ניט ווילנדיק און אפילו ניט וויסנדיק פון אונזער עקזיסטענץ, איז אונז געקומען צו הילף.

די ארבעטער באַוועגונג האָט זיך שוין דאַמאָלס אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן צווישן די לאָדזער ארבעטער. די מער ווייטזעענדיקע פאַבריקאַנטן האָבן פאַראויסגעזען, אַז זיי וועלן האָבן צרות פון דער באַוועגונג, און אין די מוחות פון אייניקע פון זיי האָט זיך געשאַפן אַ געדאַנק, אַנטקעגנקומען די ארבעטער, קומען זיי צוהילף ביים באַפרידיקן אייניקע זייערע באַדערפענישן, און אזוי אַרום האָבן זיי אויף זייער זייט.

ביי דער אַדמיניסטראַציע פון זילבערשטיינס פאַבריק איז באַשלאָסן געוואָרן קודם כל צו באַפרידיקן די קולטורעלע אינטערעסן פון אירע ארבעטער. זי האָט באַשלאָסן פריער פון אַלץ צו עפענען אין קאַנטאָר פון פאַבריק אַ ביבליאָטעק פאַר די ארבעטער, און נאָכדעם זאָלן ווערן געעפנט אָוונט-קורסן.

סאיז געשאַפן געוואָרן פון קאָנטאָר־אָנגעשטעלטע און אַר־
בעטער אַ מין קאָמיסיע, וואָס האָט בעדאַרפט אָרגאַניזירן די
ביבליאָטעק, און מיט איר אָנפירן. אין דעו קאָמיסיע איז
אַריינגעפאַלן פיאָטראָווסקי.

מיר האָבן באַשלאָסן אויסצונוצן די ביבליאָטעק אויפן
גרעסטן אופן; מיר וועלן אָנהויבן אַ ברייטע אַגיטאַציע צווישן
די אַרבעטער פאַר אַ גאַנץ כשר'ער זאַך: מיר וועלן זען צו
ווירקן, אַז וואָס מער אַרבעטער זאָלן זיך פאַרשרייבן אין דער
ביבליאָטעק ביי דער פאַבריק. צווישן די לעזער פון דער ביב־
ליאָטעק וועלן מיר שוין קאָנען פירן גאָר אַן אַנדער אַגיטאַציע.

אַרום דער ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו אָר־
גאַניזירן, האָבן מיר אָנגעהויבן אַ גאַנץ שטאַרקע אַקציע. מיר
פלעגן מאַכן פאַרזאַמלונגען, פירן אָפט שמועסן וועגן איר. איך
אַליין האָב דירעקט אין דער גאַנצער אַקציע, ניט געקענט נעמען
קיין אַנטייל: די אַפטייק, אין וועלכער איך האָב געאַרבעט,
איז געווען די איינציקע לעבן גייערס רינק, האָבן די אַרומיקע
אַרבעטער איר גוט געקענט, און אויך, פאַרשטייט זיך, גוט גע־
קענט די אָנגעשטעלטע פון אַפטייק. מיין באַווייזן זיך אויף אַ
פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער וואָלט געקאָנט זיין גאַנץ פאַרדעכ־
טיק. אויסערדעם איז מיין אַרויסטרעטונג אין מיין פויליש
פאַר אַ ברייטערער מאַסע ניט געמאָלט געווען; נאָך ווייניקער
איז געמאָלט געווען מיין אַרויסטרעטונג אין רוסיש.

נאָר אויף איין איינציקע פאַרזאַמלונג בין איך געווען פאַר
מיין סאַמע אוועקפאָרן פון לאָדז. ס'איז אויפגערופן געוואָרן
אַ פאַרזאַמלונג ביי פיאַטראָווסקן אין וואוינונג; ס'זיינען געקומען
אַ מאַן 20. לויט די פנימ'ער זיינען זיי געווען, אויב ניט קיין
גאַנץ גרויע, יעדנפאַלס גענוג גרויע מענטשן. פיאָטראָווסקי האָט
געעפנט די פאַרזאַמלונג, און האָט פאַר זיי געהאַלטן אַ דרשה.
דער הויפּט־געדאַנק פון דער דרשה איז געווען דער, אַז דער אַר־
בעטס־קלאַס אין מערב אייראָפּע און אין אַמעריקע איז זייער גע־
בילדעט, און אַ דאַנק דעם איז זיין מאַטעריעלע לאַגע אויך אַ
בעסערע, ווי די לאַגע פון אונזערע אַרבעטער. דעריבער דאַר־
פען מיר שטרעבן צו דערווערבן זיך גרעסערע בילדונג, און איינס

פון די מיטלען צו דערגרייכן די בילדונג איז אַ ביבליאָטעק מיט אַ גוטן אויסוואַל פון ביכער, פון וועלכע מ׳קאָן פראַנק און פריי זיך באַנוצן.

איך ווייס ניט צוליב וואָס איז פּיאָטראָווסקי איינגעפאַלן צו פאַררופן זיך אויפ׳ן גאַסט פון רוסלאַנד, וואָס זיצט דאָ ביי אים, אַלס עדות, וועלכער קאָן באַשטעטיקן, אַז זיינע ווערטער זיינען ריכטיק. איך האָב געמוזט אָנשטרענגען מיינע אַלע לעקסיקאַלאָ־גישע ידיעות פון דער פּוילישער שפּראַך, און זאָגן, אַז די ווערטער פון פּיאָטראָווסקין זיינען זייער ריכטיק, און אַז די פּראַקטיק פון די פאַבריק־ביבליאָטעק אין רוסלאַנד באַשטעטיקט דאָס.

פּיאָטראָווסקי איז געווען זייער צופרידן מיט מיין אַרויס־טריט, איך אָבער, זייער ווייניק. איך בין געווען קעגן אַזאַ דע־מאָנסטראַציע. ווען איך וואָלט געקאָנט אַרויסטרעטן, ווי געהע־ריק, וואָלט געווען אַן אַנדער זאַך, נאָר אַרויסטרעטן פאַר׳ן „בער״ האָב איך געהאַלטן פאַר אַ גאַנץ איבעריקע זאַך.

נאָר פּיאָטראָווסקי האָט אָבער בעסער געקאָנט זיין אַודי־טאָריום: די פאָר ווערטער פון געקומענעם געהיימניספולן גאַסט פון רוסלאַנד האָבן געמאַכט אפשר אויף די אַרבעטער אַ שטאַר־קערן איינדרוק, ווי די ווערטער פון זייער חבר, מיט וועלכן זיי שטייען צוזאַמען אין פאַבריק, און וועלכן זיי האָבן אפשר ניט געהאַלטן פאַר אַזאַ בקי אין די פראַגן, וועלכע ער האָט באַרירט. די פאַרזאַמלונג האָט איינשטימיק אָנגענומען אַ באַשלוס, צו שטיצן, מיט וואָס זיי וועלן נאָר קאָנען, די פאַבריק־ביבליאָטעק, וועלכע האַלט זיך ביים אָרגאַניזירן.

מיט די ביבליאָטעק־אַקציע איז געווען אַן אָנהויב פון אַ ריי געזעלשאַפטלאַכע און פּאָליטישע אַקציעס צווישן די אַרבעטער, מיט וועלכע ס׳האָט אָנגעפירט פּיאָטראָווסקי, ווען איך האָב פאַר־לאָזן לאָדז. פּיאָטראָווסקי האָט שפּעטער אין דער לאָדזער אַר־בעטער באַוועגונג געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע.

איך האָב אָבער געמוזט פריצייטיק פאַרלאָזן לאָדז; איך האָב פאַרלאָזן אָט די פאַבריק־שטאָט, פון וועלכער ס׳זיינען מיר געבליבן די בעסטע ערינערונגען.

פון אַפּטייק איז אוועק דער הילפס־פּראָוויזאָר, און דער אַפּ־

טייקער האָט באַשלאָסן, אַז איך קאָן שוין גענוג די אַרבעט, און אַז איך קאָן פאַרטרעטן דעם געהילף. בין איך געוואָרן, נאָך זייענדיק אַ לערלינג מיט איין יאָר פּראַקטיק, געהילף פֿונ׳ם אַפּ־טייקער. איך האָב צו זיך געהאַט אַ געהילף אַ נייעם לערלינג.

דעם אַפּטייקער האָט די קאָמבינאַציע זייער געלוינט: איך האָב געאַרבעט בלויז פאַר׳ן טיש, און פאַר׳ן פאַרטרעטן דאָס אָרט פֿונ׳ם געהילף, האָט ער מיר אַוועקגעלייגט צען רובל געהאַלט אַ חודש. דער צווייטער לערלינג האָט נאָך צוגעצאָלט פֿאַר זיין זיין אין אַפּטייק. פאַר די צען רובל אַ מאָנאַט האָב איך געמוזט אַ סך אַרבעטן: צו דער פֿריערדיקער אַרבעט איז מיר נאָך צוגעקומען פּרישע אַרבעט, ווי למשל: שטיין ביים פּולט, צונעמען רעצעפּטן, שרייבן סיגנאַטורן, א. א. וו.

מיין פרייע צייט, וואָס איך פלעג פריער אָנווענדן אויף לעזן, איז געגאַנגען קאַפּוט; אינדערפרי, איידער ס׳פּלעגט זיך אָנהייבן די אַרבעט, פלעג איך מוזן איינשרייבן אין אַ ספּעציעלן בוך די רעצעפּטן פון פריערדיקן טאָג אַזוי, אַז מיר פלעגט שוין קיין פרייע צייט ניט בלייבן. פּלעגט קומען דער זונטיק, פלעג איך זיין זייער אויסגעמאַטערט פון דער גאַנצער וואָך. די לאַגע האָט מיר זייער געדריקט, און איך האָב ניט געוואוסט, וואָס הויבט מען אָן צו טאָן.

איינמאָל פרי כאַפּט זיך דער אַפּטייקער, אַז די רעצעפּטן פון פאָריקן טאָג זיינען ניט אַריינגעשריבן געוואָרן. מאַכט ער מיר אַ סקאַנדאַל; איך האָב דאַרויף געענטפערט אויך מיט אַ סקאַנדאַל; קורץ, ער האָט מיר פון דער שטעלע אָפּגעזאָגט, און איך בין געבליבן אויפ׳ן גאַס. איך האָב אַפילו ניט געהאַט מיט וואָס אַוועקצופאָרן צו די עלטערן.

אַזוי ווי דער אַפּטייקער האָט מיר אָפּגעזאָגט פון דער שטע־לע, האָב איך באַשלאָסן אים אָנצוגעבן אין געריכט און מאָנען פאַר 3 מאָנאַטן, נאָר אַוואו טוט מען זיך אַהין דערווייל?

12 אַזייגער, ווען פון די פאַבריקן גייט מען צו מיטאָג, בין איך אַוועק צו פּיאַטראָווסקין און דערציילט אים די מעשה. ס׳איז געבליבן, אַז איך זאָל קודם כל די זאַכן צונעמען פון אַפּטייק, און אַריבערטראָגן צו אים.

איך האָב זיך באַזעצט ביי פיאָטראָווסקין. צען טעג בין איך ביי אים געווען, ביז דער משפט איז פאַרגעקומען; צען טעג האָב איך געלעבט מיט א לעבן פון אן ארבעטער. פיאָטראָווסקי׳ס וואוינונג איז באַשטאַנען פון איינעם, אפילו גענוג גרויסן צימער; אין דעם צימער האָט געוואוינט פיאטראָווסקי מיט זיין פרוי און 3 קינדער, און אויך א קווארטיראנט, אן ארבעטער. עסן פלעג איך דיזעלבע מאכלים, וואס זיי, ד. ה. א סך קארטאָפל, א סך ראַזעווע ברויט, א סך געקעכטס, און עסן פלעגן מיר אין גרויסע שיסלען.

און איך האָב געפונען, אז ס׳איז גאָרניט אזוי שלעכט, אז מ׳קאָן מיט אזא לעבן גאַנץ צופרידן זיין, א סך צופרידענער, ווי זיצן ביים אפטייקער ביים טיש, און פילן אן עקל צו זיין גאַנצער סביבה.

וואָלט איך אפשר אריבער אין פאבריק ארבעטן, וואָלט דאָס געווען א צושרייענדיקע זאַך: אַלע ארום האָבן געוואוסט, אז איך האָב געארבעט אין אפטייק, און בין שוין געשטאַנען ביים פולט. מיטאַמאָל פון אן אפטייקער ווערן א פשוט׳ער ארבע־טער, ווען דער ארבעטס־טאָג איז געווען זייער א לאַנגער, און די באַלוינונג זייער א שלעכטע, וואָלט אין יענע צייטן אזא אריבערגיין פון אפטייק אין פאבריק ארויסגערופן א באַשטימטן פארדאַכט, און מיין קאַריערע פון א פאבריק־ארבעטער וואָלט לאַנג ניט געדויערט.

דערצו נאָך האָט פיאָטראָווסקי גע׳טענה׳ט, אז דער ארבעטער־קלאַס נייטיקט זיך אין אינטעליגענטן, און ס׳איז אבסאָליוט ניט נייטיק לטובת דעם ארבעטער־קלאַס זיך צו נעמען צו שווארצער ארבעט. ער האָט, אפנים, אנדערש פארשטאַנען די זאַך, ווי ס׳האָט דאָס אויפגעפאַסט די רוסישע אינטעליגענץ...

דער פראָצעס האָב איך געוואונען: דער אפטייקער האָט געהאַט גרויסע חרפות, נאָר געלט האָב איך זייער קנאַפּ באַקו־מען. דער שופט האָט פולשטענדיק אנערקענט מיין תביעה, נאָר לויט די רוסישע אפטייקער־געזעצן איז מיר מער ניט געקומען, ווי פאר 2 וואכן. דער שופט האָט אָפּגעשאַצט אין גרעסטן

מאַס מיין געהאַלט, ד. ה. דאַס עסן, די דירה און די מזומנים, און אויך צוגע'משפט קאַסטן.

דאַס געלט, וואס איך האַב באַקומען, האַט מיר קוים גע־קלעקט אויף צו אַרומצאַלן זיך און אויף הוצאות ביז וואַרשע. די 10 טעג פאַר'ן אוועקפאָרן זיינען ביי מיר ניט אוועקגעגאַנגען לאַבוד. סאיז געווען אין פּיאַטראָווסקיס דירה איינגעאָרדנט אַ פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער וועגן דער ביבליאָטעק. איך האַב אויך געהאַט עטלאַכע באַראַטונגען מיט פּיאַטראָווסקין און זיינע חברים.

אַ טאָג פאַר מיין אַפּפאָרן האָט מען מיר איינגעאָרדנט אַ געזעגנונגס אָוונט. דער אָוונט איז פאָרגעקומען ביי דאָמב־ראָווסקען אין דירה. ער איז געווען אַ מענטש פון אַ יאָר 26-27 ; זיין ווייב איז מיט אַ פּאָר יאָר אינגער פון אים. ביידע יונגע, שיינע. דאָס קליינע צימערל זייערס — זעלטן ריין ; פון יעדן ווינקל האָט געבלאַנקט. ווען איך בין געקומען, זיינען שוין אַלע געווען אויף די ערטער אין יום־טוב'דיקע בגדים. די באַלעבאָס־טע — אין אַ פּראָסט ציצן קליידל, נאָר אַ ריינעם, זעט אויס, ניט לאַנג אויסגעפּרעסט, האָט געקוקט מיט קלוגע, נייגעריקע אויגן אויף מיר. אויף די מאַנסבילן איז אויך געווען קענטיק אַ וואַרטנדע שטימונג.

מיר האָבן זיך אַדורכגעוואָרפן מיט עטלאַכע ווערטער, און איך האָב אָנגעהויבן צו ריידן מיט אַ ציטערנדיקע, אויפגערעגטע שטימע... איך געדענק כמעט וואָרט ביי וואָרט, וואָס איך האָב גערעדט.

„איך פאָר מאָרגן אַוועק... מיר איז שווער, זייער שווער צו שיידן זיך מיט אייך... איצט דאָ האָב איך דערפילט דעם ווירקלאַכן זין פון לעבן... דאָ האָב איך געטאָן אַן אַרבעט, וואָס האָט פאַרענטפערט מיינע נשמה־שטרעבונגען !..." און איך בין אַריבער צום אַרבעטער קלאַס, צו זיין ראָל אין געגנוואַרט און צוקונפט, צו זיינע צילן, צו די וועגן, מיט וועלכע ער וועט זיי דערגרייכן...

פינף פּאָר אויגן האָבן אויף מיר געקוקט און געשלונגען

מיינע ווערטער. די אויגן האָבן מיך געיאָגט און איך האָב לאַנג גערעדט.

און אָט אַ מאָדנע זאַך: מיין נשמה פון אַ אידן, וואָס האָט גערעדט רוסיש, האָט זיך באַהעפט מיט די נשמות פון די ארבעטער־פּאָליאַקען, וועלכע האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט אזוי גרינג פאַרשטאַנען רוסיש... מיך האָבן זיי אָבער פאַר־שטאַנען, און גוט פאַרשטאַנען — דאָס פאַרשטיין האָט זיך גע־לויכטן אין זייערע אויגן... ווען איך בין אוועק, האָבן פינף מענטשן מיך באַגלייט אויסער דער טיר פון צימער; פינף הענט האָבן געדריקט, שטאַרק געדריקט מיין האַנט, און ס'איז שווער געווען צו שיידן זיך...

אויף מאָרגן בין איך אוועקגעפאָרן. דאָס איז געווען אין הערבסט 1888טן יאָר, ד. ה. אין דריי יאָר ארום נאָכדעם, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די טעטיגקייט פון אונזער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאציע אין ווארשע. דערמיט האָט זיך געענדיקט מיין דירעקטע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט.

איך האָב מיינע באַציאונגען מיט לאָדז געזאָלט ניט אי־בעררייסן, און זיי וואָלטן זיך ווייטער געצויגן, אפשר דורך בריוו, אפשר דורך צוזאמענטרעפן זיך פון צייט צו צייט, נאָר איך בין נאָך לאָדז פארוואָרפן געוואָרן אין אַ אידיש שטעטל פון גראָדנער גובערניע, אין זאבלודאָווע, ביי ביאַלאָסטאָק. און איך האָב זיך אָפּגעריסן פון לאָדז, פון מיינע גוט פריינט — די פּוי־לישע ארבעטער, און ביי מיר האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה, אַ סדרה „אידיש”.